צבי הירשקאי

# אונטער איין דאַך



פאַרלאַג ח. בזשאָזא, וואַרשע.
1931

# מענדעלע מוכר־ספרים

## I. די ערשטע באַגעגעניש.

### 1.

אויב איך האָב קיין טעות נישט (איך מיין דאָ, פאַרשטייט זיך, בלויז די גענויע פּינקטלעכקייט פונם דאַטום) איז עס געווען, דאַכט זיך, אינם אָנהייב פונם יאָר 1908.

אין דער שווייצאַרישער שטאָט זשענעווע. פרי־מאָרגן לעבן דער אָזערע. סאַראַ פּאַנאָראַמע:

פונדערווייטנס — פאַרשנייעטע בערג־שפּיצן, סילועטן פון די אַלפּן. פון דער נאָענט — ליכט און זון אויף דעם טונקעלן טורקיזענעם אינדערהייך און אויף די בלויע וואַסערן אין דער ני־דער. פיל שיפלעך מיט טורנערס אין ווייסן טריקאָ. פון די שיפ־לעך הילכט דאָס „יאָדעל־געזאַנג" — דער הימן פון די בערג־קלע־טערער. לעבן די שיפלעך שווימען נאָך ווייסע שוואַנען. און פון אויבן, אויף דער דאַמבע: דאַמען און קינדער, קאַטוילישע גייסט־לעכע און ענגלישע טוריסטן, סאָלידע סקאַנדינאַווער און שטיפע־רישע אַמעריקאַנער.

און אויך איז דאָ אַ טייל פון דער דאָזיקער פּאַנאָראַמע ער — מענדעלע מוכר־ספרים, דער מאָלער פון גלופּסק און פון טונעיאַדעווקע, דער לעבנס־באַשרייבער פון פישקע דעם קרומען און פון סענדערל די יידענע. אָט איך זע אים מיט מיינע אויגן, דאָס ערשטע מאָל זע איך אים.

ער איז געקליידט אין אַ לאַנגן שוואַרצן סורדוט, אויף דעם קאָפּ — אַ גרויער קאַשקעט, און בײַ דער זייט — אַ בינאַקל אָנ־

געבונדן אויף אַ רימען אַריבער דעם אַקסל. ער שפּאַנט אום אַהין און צוריק, ושמורענדיק דערביי זיינע פּיצינקע שטעכיקע אייגעלעך.

מען זעט, אגב, באַשיינפּערלעך, אַז ער, מענדעלע, געפינט זיך עפּעס אונטער אַן אינעווייניקסטער קאָנטראָל, וואָס דיקטירט אים, ווי אַזוי ער זאָל שטיין און ווי אַזוי ער זאָל גיין. אין די באַוועגונגען זיינע, אין מענדעלעס, שפּירט זיך עטוואָס בכּוונדיקס, געקינסטלטס: די טריט פעסט, גאָרנישט לויט דער שטאַרקייט פון די פיס; דער קאָפּ הויך אויפגעהויבן, אָבער נישט פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם גאַנצן קערפּער; די ברוסט אויסגעשטעלט און די אַקסלען אויסגעשטאַרצט גלייך ווי בײַ אַ זעלנער אין דער מיליטערישער שרענגע. אייגנטלעך — פאַרמאַסקירט.

אַ פראַנצויזישע דאַמע, וואָס באַמערקט, אַז איך נעם די אויגן נישט אַראָפּ פונם האָפערדיקן גרייז, פרעגט מיך נייגיריק:

– Qui est le vieux Monsieur? Un Admiral Norvegien?..

(ווער איז ער עס, דער אַלטער הער, אַ נאָרוועגישער אַדמיראַל?)

נאָר איך דריי זיך אַרויס פון צו געבן איר, דער פרעמדער פרוי, אַ דירעקטן און אויפריכטיקן ענטפער.

איך האָב קיין האַרץ נישט אויפצודעקן דעם זיידנס מאַסקע. זאָל דאָס פאַרשטעלעניש זיינס בלייבן דאָ אַ סוד, אַזוי ווי עס ווייזט אויס, עס גלוסט זיך אים.

ווי קונציק אָבער ער שפּילט עס דאָ די ראָל פון אַ זקן אַ גבור, דערדאָזיקער געניאַלער יידישער מימיקער. ער שפּילט אַזוי די ראָל זיינע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, אַז אים, דעם קאַפּולער נכתּב אין דער יוגנט, און דעם אָדעסער תּלמוד־תּורה־מלמד אויף דער עלטער, נעמט מען אָן, לעבן דער זשענעווער אָזערע, גאָר פאַר אַן „אַדמיראַל נאָרוועזשיען” (נאָרוועגישן אַדמיראַל). דאָס איז נישט קיין קלייניקייט: אַזוי פאַרגרימירן זיך דאַרף מען קאָנען...

## 2.

אוון נאָך אינם זעלביקן טאָג טאַקע געפין איך זיך שוין בײַ ר׳ מענדעלען אין הויז, אין דער צייטווײַליקער דירה אין זיינער, ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט קומענדיק קיין זשענעווע, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט אָדעס, בעת די אָקטאָבער־פּאָגראָמען פונם יאָר 1905.

איינפאַך צו שטוינען פון דעם קאָנטראַסט צווישן דעם מענ־דעלען, וואָס איך האָב געזעען היינט פרי־מאָרגן לעבן דער זשע־נעווער אָזערע, און צווישן דעם היימישן שטובּיקן זיידן, וואָס איר קוקט אָן איצט, בײַ אים אין הויז.

שקיעה־צייט. די שויבן פון די פענצטער זענען איינגעטונקט אין פלאַמען פונם זונען־אונטערגאַנג. די באָבע פּעסיע, דעם זיידנס יידענע, אַ דאַרע איינגעהויקערטע אַלטיטשקע, שוואַרץ, ווי מיט סאַזשע אויסגעשמירט, זיצט אין אַ ווינקעלע, און טוליענדיק זיך אין אַ פאַטשיילע, איז זי פאַרהאַוועט אין הויז־ווירטשאַפט: זי האַלט אין שויס אַ טעלער אָנגעפילט מיט פאַסאָליעס און מיט אי־רע דינענקע ליפּעלעך בלאָזט זי מעקענע פונם דאָזיקן טעלער, און דער זיידע גופא, ער ברומט, האַמזענדיק, ווי מוזיצירנדיק אויף די ציין פון אַ קעמעלע, פאַרשידענע מאָטיוון סקאַרבאָווע, וואָס, ווי ער באַשטעטיקט, האָט ער זיי איבערגענומען פונם ווילנער בעל־הביתל. מוזיצירנדיק אַזוי, פאַלט ער אָפּט אַריין, דער זיידע, אין אַ דרעמל. נאָר דאָס דרעמלען זיינע דויערט ממש אַ סעקונדע. איידער דו קוקסט זיך אַרום, און ער איז שוין ווידער וואַכעדיק. אָן אַ צאָל מאָל ווידערהאָלט זיך עס אַזוי. עס ווייעט דאָ מיט אַלטקייט און מיט שוואַכקייט. און עס איז סומנע און דריקנד. דערצו וואַרפט זיך נאָך אין די אויגן די קאַפּאָטע, וואָס דער זיידע טראָגט אויף זיין לייב: אינגאַנצן אָפּגעניטשעוועט, דער קראַגן אָפּגעריבן און די עלנבויגנס צעלעכערט.

דער איינדרוק אין אָט דעם מאָמענט:

מיר דאַכט זיך, אַז עס איז איצט ווינטער און איך געפין זיך אין מיין ווייס־רוסיש שטעדטל, בײַ אַן איינזאַם „בעזדיעטנע“

פאַר־פאָלק, זקנים, וואָס האָלטן שוין פון לאַנג אָן אינם קאָמאַנד אָנגעגרייט פאַרטיקע תכריכים פאַר זיך...

אום צו שאַפן אַ מונטערע שטימונג, דערציי איך אים, בעת מעשה, דעם ייִדן, די געשיכטע, וואָס האָט דעמאָלט פּאַסירט מיט דעם פּוילישן פּיאַניסט פּאַדערעווסקי. איך דערצייל עס אים אַלס אַ סענסאַציע: אין אָט דעם טאָג האָט די גאַנצע אייראָפּעישע פּרע־סע ממש געשטורעמט מיט דערדאָזיקער פּאַדערעווסקי־געשיכטע.

פּאַדערעווסקי איז אַרויסגעטרעטן אינם פּעטערהאָף־פּאַלאַץ מיט אַ קאָנצערט, אויף וועלכן עס איז געווען אָנוועזנד דער רוסי־שער קיסר, ניקאָלאַי דער צווייטער, מיט זיין פאַמיליע. נאָכדעם ווי דער קאָנצערט האָט זיך געענדיקט, איז ניקאָלאַי דער צווייטער אייגנפּיסיק צוגעגאַנגען צו דעם באַרימטן אַרטיסט און אייגנצונגיק באַדאַנקט אים:

— איך בין גליקלעך פון דעם, וואָס דו ביסט אַ רוס! — האָט דער געקרוינטער הערשער באַוויליקט אויסצודריקן זיך צו פּאַדע־רעווסקין.

דער פּוילישער אַרטיסט אָבער האָט אים תיכף קאָרעגירט, דעם רוסישן אימפּעראַטאָר:

— אַנטשולדיקט, מאַיעסטעט! — האָט ער זיך אָפּגערופן — איך בין נישט קיין רוס, נאָר אַ פּאָליאַק!...

איך האָב געטראַכט, אַז אויף ר' מענדעלען וועט אָט דאָס פּאַטריאָטישע און העראָישע ווערטל פון פּאַדערעווסקין מאַכן אַן אַנטציקנדיקן רושם, פּונקט ווי אויף דער גאַנצער אייראָפּעישער אינטעליגענץ. נאָר איך האָב זיך טועה געווען.

— פע, פע! — האָט זיך דער ייִדע ביין צעליאַרעמט. — עס איז אַ חוצפּה צו רעדן אין אַזאַ לשון מיט אַ קיסר... אַ ווילדע חוצפּה!... פע, פע!...

און מיך האָט ער זיך גענומען מוסרן דערפאַר, וואָס איך דערלויב זיך מיר צו דערציילן גאָר אַזוינע געשיכטעס.

— איר זענט נאָך אַ יינגערמאַן! איר ווייסט נאָך נישט די וועלט! אַ צונג דאַרף מען האַלטן צווישן די ציין... מיט אַ צונג דאַרף אַ מענטש זיין פאָרזיכטיק ווי מיט פייער! — טענהט ער צו

מיר אויפגערעגט און אונטערקוויטשענדיק מיט אַ ביי־קולעכל, ווי אַ פּאַרכלינעטער.

— זיידע! — שלאָג איך איבער דאָס מוסר־זאָגן זיינס. — וואָס האָבן מיר זיך דאָ צו שרעקן? מיר געפינען זיך דאָך איצט נישט אין רוסלאַנד, נאָר אין דער שווייץ... בפרט אַז חוץ דער באָבען האָט דאָך קיינער נישט אונטערגעהערט אונזער שמועס...

נאָר דער זיידע איז שוין מיט מיר מער נישט אַריינגעטרעטן אין ווייטערדיקע וויכּוחים. קורץ און שאַרף האָט ער מיר דערקלערט, אַז פון היינט אָן, אויב מיר וועלן זיך טרעפן, זאָל איך מיט אים אפילו בחדרי־חדרים, אויג אויף אויג, נישט וואַגן צו שמועסן אויף אַזוינע טעמעס...

## II. דער גאון פון צוועקמעסיקייט

איך פּרוּוו אויס אָפּט בּכּיוון זיך אַליין און שוין פון לאַנג־לאַנג אָן: לייען און לייען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און אַלץ, וואָס דער זיידע ר' מענדעלע מוכר־ספרים האָט געשריבן אינם משך פון כמעט גאַנצע זיבעציק יאָר. שלינג איין אין זיך איין בוך נאָכן אַנדערן פון טאָוול ביז טאָוול, און נישט איבערלאָזנדיק אפילו אַ שורה. איך הער זיך צו צו דעם, וואָס ער דערציילט, און אויך צו דער שטים, ווי אַזוי ער דערציילט, סיי וועגן זיך און סיי וועגן לייטן. ממש אַלע „מיטלען״ נוץ איך אויס. און נאָך אָט די אַלע אויספּרווּוענישן באַקומט זיך פּאָרט כסדר און פּינקטלעך איין און דערזעלביקער געדאַנק, עפּעס ווי ריין מאַטעמאַטיש אויסגעחשבונט:

אָט איז ער — אונזער גאון, וואָס גאַנצע דורות און תקופות האָבן אויף אים אַרויסגעקוקט פון די געטאָ־לעכער. אָט איז ער — דער ערשטער און דערווייל נאָך דער איין און איינציקסטער גאון פון דעם באַנייטן יידישן פּאָלק און פון דער אָפּגעפרישטער יידישער קולטור, וואָס איז, אגב, אַליין אויך אַ שטיק גאונות — טאַקע לויט דעם איינפאַל גופא — אפילו אין איר טראַגיש צאַפּלען זיך און ראַנגלעניש צווישן ביטערן דחקות און עלנטער שפלות אָט דאָס אַלץ איז אַזוי קלאָר און דורכזיכטיק, כאָטש שפּיגל זיך...

אמת, איך ווייס גאַנץ גוט: ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים, און פונם ערשטן טאָג אָן, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף זיין וועגעלע אַרומרייזן די „וועלט“, האָט קיינמאָל נישט אַנטפּלעקט, סיי פאַרן כּלל און סיי פאַרן פּרט, קיין שפּאָגל־נייע וועגן פון געט־לעכקייט און פון מענטשלעכקייט, פון שיינקייט און פון יושר, וואָס דאָס איז דאָך בעצם די הויפּט־עובדא פון יעדן גאון, ווו ער זאָל זיך נישט קערן און ווענדן און אין וואָס פאַר אַ צייט ער זאָל נישט לעבן. מען דאַרף מיר אויך נישט דערציילן, אַז דער זיידע ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים איז, לויט זיין גאַנצן אינעווייניקסטן מהות טאַקע בכלל נישט קיין „אַנטפּלעקער“.

ווי דער זיידע שטייט און גייט, איז ער תּמיד מיט דער גע־שיכטע פון אַ באַשטימטן דור אַרומגעצוימט, און נאָר פון אַ באַ־שטימטן דור, פּונקט אַ שטייגער, ווי די פּאַרצייטיקע יידן פון קאַב־צאַנסק און פון גלילאָפּאַטאָווקע מיט די עירובים לעבן זייערע ירושה־געצעלטן: סוף כּל סוף זענען דאָך אַלע ר׳ מענדעלעס „העלדן“ פונם קאָפּ ביז די פיס בלויז צייט־פאַרשווינען, וואָס ר׳ מענדעלע האָט זיי נאָר אָנגעוויזן און וואָס אַלע האָבן גלייך דערקענט, ווי אַלטע מקורבים, אָבער נישט קיין דורך אים גופא געשאַפענע איי־ביקייטס־פיגורן...

אָט די אַלע מעשיות זענען שוין פאַר קיינעם קיין סוד נישט און ריכטיק איז עס טאַקע ווי גאָלד.

און פונדעסטוועגן, אפילו נאָך אָט די אַלע בעצם ריכטיקע פאַקטן, ווערט אויך ר׳ מענדעלע מוכר־ספרימס גאונות לגמרי, ממש אפילו אויף אַ האָר, נישט געמינערט.

אַ ראיה?...

אָט, אדרבה, זאָל עמיצער פּרוּוון־מאַכן אַזאַ מין עקספּערי־מענט: אויסמאָלן זיך די יידישע ליטעראַטור, די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, לויט דעם ווי מיר קענען און ווייסן זי, און נישט בלויז די ליטעראַטור אַליין, נאָר אויך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק פון אַלע צייטן און דורות, אָן אַזוינע „געוויינטלעכע“ ספרים, ווי „מסעות בנימין השלישי“, „שלמה ר׳ חיימס“, צי אפילו גאָר „די קליאַטשע“?...

פשוט פיזיש אוממעגלעך. פונקט, אַ שטייגער, ווי עס איז פיזיש אוממעגלעך פאָרצושטעלן זיך דאָס רוסישע פאָלק — אָט דאָס רוסישע פאָלק, וואָס איז ביז איצט געווען באַקאַנט אין איי־ראָפּע, למשל, אָן לעוו טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום״; אָדער אַזאַ זקן, ווי דאָס יידישע פאָלק, וואָס האָט זיך שוין אַזוי פיל אָנגעזען און אָנגעהערט אין זיין לעבן און ווייסט, אַז דורות קומען און דורות גייען אַוועק, און די וועלט פונדעסטוועגן בלייבט פאָרט אַ וועלט — אָן אַ „קהלת־בוך״; צי אונזער ערד, וואָס מיר באַוווינען, אָן דער זון, וואָס שיינט באַטאָג, אָן דער לבנה, וואָס לייכט באַ־נאַכט; אָן די פיר צייטן פון יאָר און אָן נאָך און נאָך אַזוינע פון „ששת ימי בראשית״ איינגעשטעלטע אייביקע נאַטור־דערשיינונ־גען.

גלייך ווי אָט די נאַטור־דערשיינונגען זענען אויך דעם יידנס ספרים — דערדאָזיקער אַנטיק־מוזיי מיט בילדער, וואָס ווייזן אַ גאַנצע אומה, הגם מאָדעלירט באַ אַ געוויסן צושטאַנד און אין אַ באַשטימטער צייט — נישט עפּעס צופעליקייטן, נאָר טאַקע מוז־זאַכן, וואָס זענען געקומען אויף דער וועלט נישט צו שפּילן זיך אין קאַפּריזן, נאָר מיט אַ באַשטימטער שליחות, ווי אַ צוואה, און וואָס מען קאָן נישט פאַרבייטן, — אפילו אויב מען זאָל ווען — מיט קיין שום חפץ: אָן זיי וואָלט, דאַכט זיך, דער סדר־העולם אפשר קיין שום פנים נישט געהאַט...

נאָר אָט דאָס טאַקע איז דאָך דער הויפּט־סימן פון גאון.

באמת: דער טאַלענט, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, איז סוף כל סוף פאָרט נאָר אַ קאַפּריז, און ממילא שוין זענען אַלע מעשים זיינע אויך צופעליקייטן, אפילו ווי נוצלעך און שיין זיי זאָלן נישט אויסזען. אָבער מוז־זאַכן, וואָס לאָזן זיך בשום אופן נישט ענדערן אָדער מיט וואָס עס איז פאַרביטן ווערן, שטאַמען אַרויס נאָר פונם גאון, וואָס איז אַליין אויך נויט־ק, צוועקמעסיק מיט אַ תכלית און, דאַכט זיך, אוממאויסמיידלעך אין באַשטימטע צייטן און באַ פאַרשידענע פעלקער און ווו דאָס זאָל נישט זיין.

און אָט אַזאַ גאון, וואָס איז דורכגעדרונגען פון צוועקמע־

סיקייט און פון תכלית, איז טאַקע, לכל־הדעות, דער זיידע ר׳ מענ־דעלע מוכר־ספרים.

נישט סתם אַזוי זיך איז ער געקומען, נאָר מיט אַ באַשטימ־טער שליחות:

באַוויזן דער וועלט דאָס ריכטיקע געשטאַלט פון אַ וואַנדערנ־דיקער אומה אין אַ געוויסער צייט. און געהאַלטן זיך ממש שטאָל און אייזן אויפן היכן גאַנג פון די אַלטע כמעט אַ גאַנץ יאָרהונ־דערט, ביז ער האָט אָט די שליחות טאַקע פולקאָם און געטריי אויסגעפירט.

געלויבט און געבענטשט אויף אַלע צייטן און אַלע דורות, זאָל זיין דער ערשטער גאון פון דער נייעסטער תקופה אין דער יידישער געשיכטע.

# י. ל. פרץ

## אַ ווּנדערבאַרע געשיכטע:

עס איז געווען אַ פּרעכטיקער פּסחדיקער באַגינען — כמעט דער ערשטער פרילינג־באַגינען פונם יאָר — אַ זוניקער, ווייל־בשורהדיקער און חינטיק־גוטמוטיקער, בעת פּרצעס לעצטער חשבון־הנפש האָט זיך געוואָרפן און געצאַפּלט. זוכנדיק פאַר זיך די נויטיקסטע און די ריכטיקסטע פאָרם, לויט ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ געוואַלטיקן מאָמענט אינם לעבן פון יעדן מענטש, ווען מען דאַרף זיך אָפּגעזעגענען אויף אייביק מיט דער ערדישער וועלט. און ער, פּרץ גופא, האָט זיך בשעת מעשה גאָר אַוועקגעזעצט זינגען קינדערישע לידעלעך, פּונקט עפּעס ווי צו אים אַליין וואָלט אָט דער גאַנצער ענין געהאַט גאָר אַ קנאַפּע שייכות.

אָט די געשיכטע זעט אויס, אייגנטלעך, ווי צוגעטראַכט: אַ מין סענטימענטאַלע רעגעסאַנס־נאָוועלע. און פונדעסטוועגן דאַכט זיך מיר, אַז דווקא דידאָזיקע „צוגעטראַכטע סענטימענטאַלע" געשיכטע וועט אפשר אין פּרצעס לעבנס־באַשרייבונג אַזש דעם סאַמע אויבן אָן פאַרנעמען; אין אָט דער געשיכטע טאַקע האָט זיך דאָך בעצם אַנטפּלעקט פאַר אונז דער ריכטיקער און דער נאַטירלעכער פּרץ, כמעט ווי ער שטייט און גייט.

ראַנגלענדיק זיך מיטן מלאך־המות, האָט זיך פּרץ באַוויזן פאַר אונז עפּעס אין דער געשטאַלט פון אַ פאַרבענקטער, אויסגעליטענער און ליבהאַרציקער פרוי, וואָס זיצט אויף דער עלטער אין אַ בליענדיקן גאָרטן אונטערן זוניקן הימל מיט אַ בלומען־בוקעט אין שויס און מורמלט אַ ניגון, הוידענדיק עפּעס אַן אָרים קינ־

דער-וויגעלע. דאָס איז דאָך אָבער נישט סתם אַזוי זיך אַ שיינע המצאה:

טאַקע אין אַ פרויען-געשטאַלט באַגעגענען מיר פּרצן כמעט כסדר און אומעטום סיי אינם טאָג-טעגלעכן קערן-און-ווענדן און סיי אין די בעסטע און ליכטיקסטע שאַפונגען, ווי אויך אין זיינע טיפסטע און אויסדערוויילטסטע לעבנס-מאָמענטן... זע איך, ווי אַנדערע גלאָצן אויף מיר די אויגן: „אַזוי גאָר“?... —

דערמאָן איך זיך אָבער דערביי אָן פיל, פיל מעשיות וועגן פּרצן און פון פּרצן, וועגן זיינע באַציונגען צו זיך גופא און אויך צו אַנדערע, און מיר דאַכט זיך פאָרט, אַז נאָר ווי צו אַ פרויען-כאַראַקטער מוזן מיר צוטרעטן צו אים, אויב מיר זענען אויסן ווי געהעריק פּרצס אינעווייניקסטן מהות צו פאַרשטיין... אָט, למשל, אַזוינע פאַקטן:

פּרץ, וואָס איז געווען לויט זיין נאַטור אַ שריפטשטעלער פון קאָפּ ביז די פיס — אָן דער פעדער צווישן די פינגער, דאַכט זיך, ממש אַ רגע אָטעמען נישט געקאָנט. פונקט ווי אַ פיש אָן וואַסער, — פלעגט זיך פונדעסטוועגן בעצם שפירן אַ סך מער צופרידן דעמאָלט, בעת ער איז געזעסן אינדערמיט, אַרומגערינגלט מיט קינדער-תלמידים און נאָר געקוקט — לויט זיין אויסדרוק — „ווי לעבן זיין טיש שמידט זיך אין טומל אַ גאַנצע ליטעראַטור“, — איידער פונם איינזאַמען אייגענעם שאַפן אין דער שטיל, אויג אויף אויג מיט זיך.

צי, אַ שטייגער, זיין פאַרהאַלטן זיך צו די יינגערע און יינגסטע פון דער ליטעראַרישער משפּחה: פּרץ האָט תמיד ממש ווי מיט ליכט געזוכט, וועמען ער זאָל קאָנען אַ סמיכה אַרויסגעבן; אַקאָפּ, וואָס אויף אים זאָל ער קאָנען זיינע ברכה-הענט אַרויפלייגן. אַליין שטאַרק געניטיקט זיך אין דעם. פונקט ווי פּרץ גופא האָט זיך טאַקע גענויטיקט פאַר וועמען עס איז צו זאָרגן, וועמען עס איז צו העלפן. טרעפנדיק זיך מיט וועמען עס איז, וואָס האָט זיך געקאָנט באַגיין אָן זיין הילף, פלעגט פּרץ אַליין, אָן אַ גוזמא, בלייבן שטיין עפּעס ווי אומבאַהאָלפן... כסדר פלעגט פּרץ גוטס טון. און פונדעסטוועגן, ווי נאָר ווער עס איז פון אָט די „קינדער“

פלעגט זיך אַליין לגמרי אויף די פּיס אַנידערשטעלן און באַקומען אויך אַ שטיקל אויסזען באַ לייטן, פלעגט אים דערזעלבער פּרץ מיט אַלע כּוחות ממש רודפן און יאָגן, פּונקט ווי מאָפּאַסאַנס מוּ־טערס, וואָס קאָנען נישט צוזען דעם „דערפאָלג" פון די אייגענע דערוואַקסענע טעכטער...

פּרץ, אַגב, האָט בכלל עפּעס ווי הנאה געהאַט פון דעם, וואָס ער פלעגט גלייכצייטיק צונויפפּאָרן און פונאַנדערשיידן, אויפשטעלן וואָס נישט איז און תיכּף צעברעכן.

היינט פּרצס איינשליירען זיך אין סודי־סודות און פונדעסט־וועגן גרייט זיין באַ יעדער געלעגנהייט דעם ערשטן בעסטן די „שליסלען פונם אייזערנעם שראַנק" איבערצוגעבן.

איז דען אָט דאָס אַלץ איניינעם גענומען נישט דער אויס־געשפּראָכנסטער, טאַקע מאָדערנסטער, פּרויען־שטייגער?

נאָר אָט אַ מעשה: פון אָט דעם פּרצן האָט מען דווקא באַ אונז כּמעט ווי נישט געוווּסט: ער איז אויף די טורעמס געקראָכן, אויף די שפּיצן פון די הויכע בערג געקלעטערט. געריסן זיך און געפּעכט מיט חיילות, כּדי די משיח־צייטן צו דערנענטערן. צו דער טריבונע האָט אים געצויגן, צו דער רווישנדיקער גאַס און צום פּילקעפּיקן עולם. און קורצזיכטיקע מענטשן האָבן אין די שאָטנס פון די בערג טאַקע די בערג גופא דערזען: פּרצס שטרעבונגען און זשעסטן אָנגענומען פאַר ממשותדיקע פאַקטן. אויף פּרצן האָט מען אָנגעהויבן באַ אונז צו קוקן עפּעס ווי אויף אַ „גבור", אַ קריגסמאַן, וואָס האָט בדעה די וועלט איבערצומאַכן.

דאָס איז אָבער געווען אַ געוואַלטיקער טעות. די דיקע, בייזע, שטעכיקע וואָנסעס זיינע האָט מען גראָד דערזען, און די ווייכע, פייכטע מיידלשע פּרץ־אויגן דורכאויס פאַרזען.

עס קאָן זיין, אַז דער טעות שטאַמט אין אַ געוויסער מאָס אויך פון פּרצס אויסזען, פון פּרצס פּ גור, וואָס איז בכלל געווען אַן אָפּנאַרנדיקע: עטוואָס נידעריקער אפילו פון מיטעלן וווּקס, און פונדעסטוועגן תנועות, ממש פון אַ ריז...

פּרץ אָבער איז אייגנטלעך געווען אַ שוואַכער, נאָכגיביקער מענטש, און דעריבער אפשר פלעגט ער עס אַזוי אָפט בכיון, עפּעס

ווי אויף להכעיס, אונטערשטרייכן זיין שטאַרקייט און מוטיקייט: אַ פרויען-נאַטור...

און דווקא פרץ אַליין האָט דאָס אַלץ אויסגעצייכנט געוווסט. אָט אַזאַ עפּיזאָד:

עס איז געווען אַ וואַרשעווער נאָך-סוכּותדיקער אָוונט. רעגנדיק און נאַלעווקי-בלאָטיק. אינאיינעם מיט פּרצן בין איך געגאַנגען פון אַ זאַל, וווּ ער האָט אָקאָרשט געהאַלטן איינעם פון זיינע גלענצנדסטע פאָרטראַגן פאַר אַ גרויס פּובליקום, וואָס האָט אים שטורמיש באַגריסט, ווי זיין שטייגער, האָט פּרץ געשפּאַנט אין דער קורצער פעלערינע, מיט דעם טיראָלישן קאַפּעלושל אויפן קאָפּ אַזוי האַסטיק פאָרויס, אַז פּשוט נישט אָנצויאָגן אים. מיר האָבן ביידע געשוויגן: ווי תּמיד נאָך די „אַרויסטרעטונגען”, האָט זיך פּרץ עפּעס נישט געהאַט ווו אַהינצוטון, ממש ווי שפּירנדיק זיך גופא פאַר אַ לאַסט... איז אָט אינמיטן דערינען רופט ער זיך אָפּ אַזוי גוטמוטיק און שמייכלענדיק:

— עס געשען וווּנדער, אַ?... אַ פרוי, למשל, זאָל עס אַזוי באַהערשן אַן עולם מיט איר רעדנער-קראַפט... און עס זענען נאָך דאָ אַזוינע, וואָס האַלטן נישט פון ווייבער...

פאַרווונדערט האָב איך אים אָנגעקוקט: וועגן וועמען רעדט ער עס אַזוי?... און, ממש אין איין סעקונדע, איז פּרץ ווידער געוואָרן דערשלאָגן ווי פריער; דאָס פּנים אַלט און עפּעס ווי פאַרשוואָלן, אויפגעבלאָזן:

— אַ ליטוואַק, איינער, איר פאַרשטייט נישט?... — זאָגט ער מיט אַ צעבראָכן געמיט, נאָר כּלומרשט ווערטלענדיק זיך... — וועגן זיך אַליין רעד איך עס דאָך... בטבע בין איך אַ גאַנץ ווייכער מענטש מיט אַ פרויען-נשמה... — אָט האָט איר אייך, אגב, אַ שליסל צו מיר... — איך קאָן נישט זען, ווי מען רירט אָן אפילו אַ פליג אויף דער וואַנט... ווייסט איר אָבער, פאַרוואָס איך טרעט אַזוי גערן אַרויס פאַר אַן עולם און בין גרייט מיט יעדן אַ מלחמה צו פאַרפירן?... — איך בין אַ געוואַלטיק איינזאַמער מענטש, נאָר ווי אַ פרוי קאָן איך קיין איינזאַמקייט נישט פאַרטראָגן... זוך איך כּסדר מיטלען, פון אָט דער שווערער ברייטערער איינזאַמ-

קייט צו אַנטלויפֿן... רייס זיך פּשוט אויף די ווענט... און אויף אַזאַ אופֿן טאַקע, קייטלט זיך עס צונויף, אַז אין מיטן דערינען פֿאַל איך גאָר אַריין אין אַ פֿילהאַרמאָניע, שפּאַר זיך אָן אויף אַ שטענדער, מיט אַ פּאָרזיצער באַ דער זייט, און זאָג „רעדעס"...

---

און דעם ריינעם אמת מוז מען זאָגן: פּרצן „פֿונאַנדערקייען" איז בכלל געווען נישט גאָר קיין „גרינגער ביסן". אַ חוץ אַלעם, איז דאָך פּרץ נאָך אַן אויסגעצייכנטער אַקטיאָר אויך, וואָס בלויז פֿונם „איבערבייטן" די ראָלע האָט ער אפֿשר נישט ווינציקער הנאה, איידער פֿון דער עצם ראָלע גופֿא, און פֿון דעם נייעם אָנצוג, וואָס ער טוט אָן צוליב עפּעס אַ נייעם סצענע־דיאַלאָג און וואָס פֿאַרענדערט אים כמעט לחלוטין, באַקומט ער, קאָן זיין, נישט קיין קנאַפּער פֿאַרגעניגן, איידער פֿונם דיאַלאָג אַליין טאַקע...

אָט, למשל, דער זיידע מענדעלע, צי שלום־עליכם, אָדער אפֿילו טייטלווייז שלום אַש, ווי זיי זענען בתּוך, אַזוי זעען זיי אויס. איר ווייסט כּסדר — סיי אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן און סיי בעת איר פֿאַלט אַריין אין זייער קינסטלערישן איינקומעניש — מיט וועמען איר האָט דאָ צו טון. צווישן זיי שפּירט איר זיך עפּעס באַוואָרנט פֿון אומגעריכטע המצאות, און סרוב קאָנט איר זיך גיין מיט זיי גאַנץ זיכער, ווהין זיי זאָלן אייך נישט רופֿן. אפֿילו זייערע אָנשטעלן איז לייכט צו כאַפּן. פּרץ אָבער האַלט עפּעס תּמיד, דאַכט זיך, אין איין גרימירן און אויספּיינען זיך. און דאָס גרימירן זיך און דאָס פּיינען זיך אפֿילו איז אויך פֿאַר־שטעלט.

אַ שטייגער, ער זיצט פּרץ באַ זיך לעבן שרייבטיש אין זיין קאַבינעט, וואָס זעט, אַגב, אויס עפּעס ווי אַ טואַלעט־צימער פֿון אַ באַ־רימטער אַרטיסטין: צאַצקעס, פּיפּקעס, קייטעלעך, געשניצטע הענט־לעך, אַלבומען, איינלאַדונגען, פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע בריוו, באַרע־ליעפֿן, פֿאָטאָגראַפֿיעס אָן אַ צאָל מיט אונטערשריפֿטן און פֿאַרשידענע חפֿצים מיט מתּנות־שטעמפּלעך... ער זיצט און טראַכט פּרץ: נישט וועגן דעם טאָג גופֿא, וואָס איז שוין פֿאַרשוווּנדן — אויב עס איז פֿאַר־

נאַכט — אָדער וואָס דאַרף ערשט דורכגיין — אויב עס איז פרימאָרגן — נאָר וועגן די ב ג ד י ם זיינע, וואָס ער האָט געטראָגן אָדער וואָס ער דאַרף ערשט אַרויפציען אויף זיך, צי זיי זענען צוגעפּאַסט צום פאַרב פונם טאָג? . . . גוטמוטיק, צוגעלאָזט. פאַר יעדן נייעם מענטש, וואָס באַווייזט זיך, בלייבט ער עפּעס שטיין אָפּהענטיק און פאַרשעמט. . . און, אינמיטן דערינען גאָר, פאַרשטעלט זיך פרץ עפּעס, ווי אַ האַרטנעקיקער און אָנגעריזנצלטער „פּרוש", וואָס איז אַלעמען מבטל, ווי דעם שטויב פון דער ערד, און שטייענדיק עפּעס אָנגעבלאָזן, מיט אַ פּלייצע צו אייך אויסגעקירעוועט, — גיט ער צו פילן אין יעדער תנועה זיין שטאָלצע און אָפּט אויך גאַווהדיקע תלמיד־חכמ־דיקייט. . .

פּשוט נאָר צו באַוואונדערן, ווי קינאָמאַטאָגראַפיש־גיך דאָס אַלץ קומט פאָר און איר קוקט בעת מעשה און טראַכט:

ווער פון אָט די ביידע פּרצס איז עס דער ריכטיקער? . . .
שווער אָבער צו טרעפן.
אפשר זענען זיי ביידע טאַקע בלויז אָנשטעלן? . . .

אָט אַזוי כּסדר: אַלע זיינע יאָרן האָט דאָך פרץ, אויף פאַר־שידענע אופנים, פאַקטיש פון „ראָלע צו ראָלע" אומגעוואַנ־דערט און עפּעס קיינמאָל נישט געקאָנט אָנזעטיקן זיך. באמת אַן אַרטיסט! . . .

נישט אַלע ראָלן פלעגן זיך אים פונדעסטוועגן איינגעבן.

אָט, למשל, האָט זיך פרץ כּל ימיו ממש מיט אַלע כּוחות נאָך טיפקייט געיאָגט, האָט ער עס אָבער דערגרייכט? . . . אדרבא, בלעטערט דורך אַלע פּרצס ספרים, טאַקע פון טאָוול ביז טאָוול. פרץ איז תמיד שיין, פיין און פּרעכטיק אויסגעפּוצט. אַ טעות אָבער צו מיינען, אַז פרץ איז שטענדיק טיף און אָריגינעל:

טיפקייט איז בכלל נישט קיין חפץ, וואָס מען קאָן אָנהאָרע־ווען. טיפקייט איז אַן אומזיסטע און כּשרע מתּנה פון גאָט, און דער בולטסטער צייכן פון טיפקייט, איר „סמן מובהק", איז פּשטות. דער חומש, קהלת, עוואַנגעליע, סערוואַנ עס, טאָלסטאָי און אַלע איבעריקע — אפילו נישט אַזוינע גרויסע — וואָס שטאַמען פון אָט דער משפּחה, צווישן זיי, אגב, אויך אונזער זיידע ר' מענדעלע

מוכר־ספרים... פרץ אָבער איז דאָך נישט פשוט נאָך מיט אַ הכרעה, ער שטרעבט זיך אָן בכיון צו זיין טיף, און פונקט ווי פון זיין איינזאַמקייט, אַנטלויפט ער, ממש מיט אַ ווילדן אימפעט, פון פשטות און פון אָפנהאַרציקייט: דערגאַנגען אַזש צו דעם, אַז אָנגעשריבן עפּעס אַ ווערק, וואָס — לויט פּרצס אויסדרוק גופא — „קיין ילוד־אשה וועט, דאַכט זיך, נישט באַגרייפן", פלעגט ער פשוט טאַנצן פון שמחה און פון גדלות...

צי. אַ שטייגער, פּרצעס יאָגן זיך „נאָך גרויסע און נאָך שיינע געדאַנקען"; ווידער דיזעלביקע געשיכטע: „גרויסע און שיינע געדאַנקען" נעמט מען נישט מיט געוואַלט און אפילו נישט מיט האָרעוואַניע. „היסח־הדעת"־זאַכן, און ווייל איז צו יענעם, וואָס פאַרמאָגט זיי... בא פּרצן אָבער פּאַסירט, אַז אפילו אַ געווינט־לעכן געדאַנק פאַרבייט ער גאָר עפּעס מיט אַ געפליגלט וואָרט.

פּרץ, אַגב, איז בכלל שטאַרק צוגעלאָזט צו געפליגלטע ווערטער. ער פילט זיך צווישן זייאַזוי היימיש, פונקט ווי אַ נאַפּאָלעאָן צווישן זיינע סאָלדאַטן. דאָס געפליגלטע וואָרט אָבער איז דאָך, פונקט ווי דער אַפאָריסטיש־פסוקימדיקער שטייגער דענקען, בעצם עפּעס גאָר אַ חשודיקע זאַך. ס'רוב, אַ בלעך מיט אַ זילבערנער מראה...

און אָט דאָ ווערט פּרץ אָפּט, טאַקע גאָר אָפּט און צו אָפּט, שטאַרק געשטרויכלט. נאָר מיינט נישט, אַז אָט דאָס אַלץ איז פאַר פּרצן עפּעס אַ סוד. ווי אַלע איינזאַמע מענטשן, איז אויך פּרץ אפשר שוין צו פיל געניט אין זיך, און עס טרעפן בא אים אַפילו אַזוינע מינוטן, — אמת, מינוטן טרויעריקע, מינוטן יאושדיקע, פונקט ווי דעמאָלט אין דער וואַרשעווער רעגנדיקער נאָך־סוכותדיקער נאַכט, בעת פּרץ האָט מיט אַ צעבראָכן געמיט זיין פאַרביטערט האַרץ אויסדערציילט, — וואָס ער איז זיך כמעט ווי בפרהסיא מודה אין אָט די אַלע חסרונות.

אָט איר געדענקט, אַגב, מיט וואָסערע שטרענגע און שאַרפע טענות עס איז איין מאָל אַרויסגעטרעטן קעגן פּרצן עפּעס אַ ייד שמעיה בטלן?...

— „וואָס ביסטו אַזוי גרויס בא זיך"?... — האָט זיך אָט

דער שמעיה, אָן אַ שום נשיאת־פּנים, צעליאַרעמט אויף פּרצן. . . — „דו זעסט מער, אָבער צי זעסטו טיפער ? . . . און אויפן שפּיץ טורעם צום הימל נאָענט, צו די שטערן, וועסטו בעסער אָדער טיפער זען ? ! . . . אייביק וועט זיך דיין בליק גליטשן איבער די זאַכן, פון אויבן גליטשן, נישט אַריינדרינגען אין דער זאַך אַליין, אינם עצם־זאַך, אין דער נשמה פון איר״ . . .

און פּרץ האָט עס צוגעהערט און געשוויגן. אייגנטלעך, האָט האָט דאָ פּרץ דורך שמעיה בטלנס מויל אַליין מיט זיך ווידוי געזאָגט. . . יאָ, פּרץ איז טאַקע געווען דער אמתער מבין אויף זיך, אַ שאָד אָבער און אפשר גאָר טאַקע אַ גרויסער שאָד, וואָס נישט אַלע זענען געווען אַזוי שטאַרק באַהאַוונט אין פּרצן, ווי פּרץ גופא. . .

---

דאָס זענען די הויפּט־סימנים, וואָס לויט זיי לאָזט זיך עס דערקענען פּרצס כאַראַקטער, און מיר דאַכט זיך: זעלטן, זייער זעלטן, צו געפינען נאָך אַ שריפטשטעלער — נישט בלויז צווישן יידן אַליין — וואָס די ווערק זיינע זאָלן זיך האַלטן אַזוי פאַרקניפּלט מיט זיין פּערזענלעכן כאַראַקטער, ווי יצחק־לייב פּרץ. נישט וויסנדיק אָט די סימנים, בלאָנדזשעט איר אום עפּעס, ווי אַ בר, איבער פּרצס ספרים און ווייסט נישט ממש, ווי אַרויסצופּלאָנטערן זיך.

לאָמיר נעמען אַזאַ מין ביישפּיל. איך לייען, אַ שטייגער: „איוואַן איליטשס טויט״ פונם גראַף טאָלסטאָי, און עפּעס בייט מיך, עפּעס טרייבט מיך, פּשוט מיט בייטשן, צו דענקען וועגן טויט און וועגן תחית־המתים, וועגן ד ע ר וועלט און וועגן י ע נ ע ר וועלט, וועגן גוטע מעשים און וועגן זינד און וועגן אַלע איבעריקע שאלות פון אָט דעם סאָרט. איר זעט באַשיינפּערלעך פון יעדער שורה, ווי הינטער די פּלייצעס פונם געוויינטלעכן לעבעדיקן לעבן, ווו אַלץ איז, דאַכט זיך, סוף כל סוף אַזוי געמיטלעך, אַזוי איינגעפּאָרן און איינגעשטעלט, — שטייט און וואַרט אויף אייך

מיט אַן אָפֿן מויל די תּוהו־ובוהודיקע, אומרויִקע און אומבאַוווּסטע וועלט, וואָס נאָכן טויט, און עס גרוילט...

זאָל זײַן גאָר פּשוט: אַ מענטש זינדיקט, ער שפּירט זיך עפּעס נישט ציכטיק, און מיט אָט אַזאַ אויסזען וועט ער עס אין אַזאַ תּהום אַרײַנפאַלן...

וואָס. אפשר פּחדנות? נו, אַז פּחדנות, איז וואָס?... אָט אַזוי אָבער איז עס דאָך...

הײַנט בכלל, ווי קאָן מען זיך עס דען אויסמאָלן אַזאַ געוואַלטיקע געשעעניש אין אונזער לעבן, ווי דאָס אָפּגעזעגענען זיך אויף אײביק מיט דער אייגענער ערד, גאָר, לגמרי, אָן „השגחה־פּרטית״?... און עפּעס אַזאַ אומאויסדריקלעכער אומעט פֿילט זיך דערבײַ, פּונקט ווי פֿון שקיעהדיקע זון־שטראַלן, בעת זיי שפּרינקלען זיך אויפֿן פּנים פֿון אַ מת...

נאָר נישט טאָלסטאָי גופֿא זאָגט עס אָט דאָס אַלץ. אפֿילו וועגן דעם מלאך־המוות רעדט ער מיט אונדז אויך נישט אויס ממש קיין האַלב וואָרט. דער מלאך־המוות איז נאָר פֿאַר אים עפּעס אַן עפּיזאָדישע פֿיגור, — טאַקע בלויז אַ „שליח״...

טאָלסטאָי דערציילט אונדז נאָר דערהויפּט וועגן דעם, ווי איוואַן איליטש שטאַרבט אָפּ, ווי שווער עס קומט אָן דאָס צעשיידן זיך מיטן גוף, בכלל וועגן די יסורים פֿונם טויט, און מיר אַלע, שוין איינינעם מיט טאָלסטאָיען, נעמען דעם פּאָדעם, וואָס האָט זיך אָקאָרשט פֿאַר אונדזערע אויגן איבערגעריסן, און שפּינען און וועבן אים ווייטער, ציענדיק אַהין, וווּ אונדזער אויג האָט קיין שליטה נישט.

אייגנטלעך, איז דאָך דאָס אויך פּרצס טעמע: כּסדר, דאַכט זיך, ער טראָגט זיך אַרום מיטן טויט און „מיט יענער וועלט״. נאָר טאַקע אָבער בלויז אַ טעמע: אָט דאָ האָט זיך עס אפֿשר שאַרפֿער, ווי אומעטום, אַרויסגעוויזן דער תּוך פֿון פּרצס פּערזענלעכקייט: נישט וועגן דעם אָפּשטאַרבן פֿונם מענטש דערציילט אונדז פּרץ, נאָר וועגן דעם אויסזען, וועגן דעם פּרצוף פֿונם מלאך־המוות. אפֿילו אַזאַ האַמעטנע און וואָגיקע זאַך, ווי טויט, באַנעמט אויך פּרץ עפּעס טעאַטראַליש, פּרויען־שטייגערדיק.

אָט קוקט אָן פּרצס מלאך־המות. עפּעס ווי אַן „ערשטער ליבהאָבער" אויף דער סצענע שפּאַצירט ער זיך אום איבער דער וועלט. אַ סטיליזיטער... אַן אויסגעפּוצטער... היינט, ווי דעקאָראַטיוו־קאַלט און אויסגערעכנט־רויִק פּרץ באַשרייבט עס אים, אָט דעם גזלן: די ווערטער פּשוט געטאָקט און געפּיילט, יעדעס פּינטעלע — אַ פּערל, אומעטום גלאַטיק, אָן אַ שום פּגימה...

מיר אָבער בלייבן אויך דערביי גאַנץ קאַלט און רויִק. עס ווייזט זיך גאָר פּלוצלינג אַרויס, אַז דער „מלאך־דומה" איז בעצם אַ גאַנץ ווילער יינגערמאַן, וואָס לאָזט צו זיך רעדן, און פון אַ פרויען־שמייכעלע אָדער פון אַ הומאָריסטישער רעפּליקע פאַלט ער אַריין אין אַזאַ התפּעלות, אַז ער ווערט ממש ווייך, ווי וואַקס. אפילו דאָס שרעקלעכסטע, וואָס מיר קאָנען זיך נאָר פאָרשטעלן — דער טויט — גייט אויך אַרויס פון פּרצס הענט אין אַזאַ געשטאַלט, אַז מיר הערן אויף לגמרי מורא צו האָבן פאַר אים. דער גרוילנדיקער „תהום" ווערט עפּעס פאַרוואַנדלט אין אַ מין גן־עדן־קאַבאַרעט... און אָט דאָ, אין דעם פּונקט, איז עס באַגאַנגען געוואָרן אפשר דער גרעסטער טעות בנוגע צו פּרצן.

פּרץ איז געזעסן כמעט אַלע זיינע יאָרן אין אַ מאָדערנעם דאַמען־בודואַר און פאַרן שיין פון קאָלירטע לעמפּעלעך צווישן שיינע און אָנגענעמע שמועסן „סענטימענטאַל־טראַגישע" מעשיות דערציילט. ער האָט דערציילט וועגן רייזנדער און ווונדער־לענדער; וועגן שטערן, וואָס בענקן נאָך רויזן; וועגן שלאָפלאָזע ליבענעכט און נאָך אַזוינע געשיכטעס; און אויך וועגן מלאך־המות און וועגן גהינום און גן־עדן, און געמיינט האָט מען, אַז דאָס „דיכטעט" ער מיסטעריעס... אַגב, אפילו אָט די „בודואַר־געשיכטעס" פלעגט פּרץ ליב האָבן, ס'רוב, צו דערציילן נאָר אויפן ווונק. טאָלסטאָי אָבער, למשל, ווינקט נישט. די אמתע קונסט ווייסט בכלל נישט פון ווינקעניש: טויב־שטומע ווינקען. די אמתע קונסט באַזייטיקט אַלע רמזים, און ליכטיק ווערט מיט איר אַריינקומען דאָרטן, ווו עס האָט אָקאָרשט אַ שטאָק־פינצטערניש געהערשט. אין דעם באַשטייט דאָך טאַקע בכלל די עובדא פון דער קונסט, וואָס זי זאָגט אויס שטענדיק סודות...

און באַ פּרצן טרעפן זיך אויך רגעס גליקלעכע, רגעס געהויבענע, — אמת, טאַקע געציילטע — בעת ער ווינקט נישט: דעמאָלט, ווען ער דערציילט מעשיות פונם פאָלק... אָט אין די רגעס, וואָס פּרץ איז זיך אַליין גובר, דערגרייכט ער באמת די העכסטע מדרגה פון גדלות.

עס קאָן זיין, אַז ווען עס איז ווען ווירקלעך קומען אַזאַ צייט, וואָס נישט בלויז דער אויסגעמאָגערטער און אויסגעתּעניתטער אַסקעט גופא וועט נישט זיין בנמצא אויף דער וועלט, נאָר אפילו די אַבסטראַקטע אידעע פון סיגופים וועט ווערן ממש טאַקע אומפאַרשטענדלעך פאַר דער מענטשהייט, — און דאָך, אפילו אָט דעמאָלט וועלן אויך פּרצס „מקובלים", למשל, נישט פאַרלירן זייער גרויסן ווערט: אייביק אפשר וועלן זיי ציען צו זיך מיט זייער קינסטלערישן גלאַנץ, פונקט, אַ שטייגער, ווי די רענעסאַנס-מאַדאָנעס אין די קריסטלעכע קירכעס און קלויסטערס זענען נאָך אויך אין אונזערע טעג אַן אָביעקט פאַ״ן רעליגיעזן קולט, אפילו פאַר די, וואָס האָבן שוין פון לאַנג אָן אויפגעהערט צו זיין רעליגיעזע קריסטן, ווי אויך פאַר די, וואָס זענען קיינמאָל גאָר קיין קריסטן נישט געווען... ווי איינפאַך און באַשיידן דאָ איז יעדע שורה, יעדעס אות. זעענדיק די „מקובלים", שפירט איר זיך עפעס, ווי איינגאַנצן אויסגעטון פון די אייגענע חושים: דאַכט זיך, אַזאַ חושכדיק, אַזאַ ענג בית-המדרשל, און עפעס אַזוי רחבותדיק, אַזוי ווייס, פונקט ווי אַן אָנהייב-חודשדיקער לבנה-הימל וואָלט טאַקע אויפן קאָפּ געלעגן.

אָט צו וואָס פאַר אַ מדרגה עס דערגרייכט פּרץ דער פּ ש ט ן, פּרץ דער דערציילער. ווי זעלטן אָבער עס טרעפן אָט די געבענטשטע און אָט די גליקלעכע רגעס באַ פּרצן...

---

און דאָך איז פּרץ, אָן שום ספק, אַ מענטש מיט שטריכן פון אַ גאון. זיינע סימני-גאונות דריקן זיך אויס דערהויפּט אינם געהער און אינם געפיל. די גאַנצע לופט, וואָס פּרץ אָטעמט מיט איר איז דאָך אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל קלאַנגען און פאַרלאַנגען, אַז

טאַקע נאָר צו חידושן זיך. פּרצס צרה אָבער באַשטייט דערין, וואָס ער קאָן זיך נישט קאָנצענטרירן אויף אָט די קלאַנגען. בעת ער וויל, ווי אַ קינסטלער, פאַרקערפּערן זיי אין באַשטימטע פאָר־מען, קאָנקרעטיזירן זיי אין געוויסע בילדער, — גייען זיי אַרויס אָפּגעהאַקט און מטושטשדיק.

נאָר אָט דאָס איז דאָך טאַקע דער מקור פון דער פּרץ־טראַ־געדיע בכלל.

ווי אַ פּערזענלעכקייט כאַפּט ער זיך אָפּט אַריין נאָר אין די היכלע און אין די ווייטע וועלטן. ווי אַ קינסטלער אָבער, טרעפט נאָך אָפטער, אַז ער הייבט זיך אויף טאַקע עטוואָס העכער פונם דורכשניט־מענטש און קאָן ריידן פיל און שיין וועגן אמתן פון צוויי מאָל צוויי איז פיר...

עס איז נישט סתם עפּעס אַ קאַפּריז פון אַ „ליטעראַט”, וואָס פּרץ האָט, ווי עס איז באַוווּסט, אַלע זיינע יאָרן אַזוי געגאַרט נאָכן גרויסן ראָמאַן און נאָך דער דראַמע. דאָס האָט דער גייסטרייכער שריפטשטעלער געגאַרט אַ קינסטלער צו זיין. און געטראַכט האָט פּרץ, אַז שפּאַנענדיק איבער אָט די לאַנגע און פאַרפּלאָנטערטע וועגן, וועט ער מוזן, ממילא מוזן, כדי נישט צו בלאָנדזשען, קאָנצענטרירן דאָס אויג אויפן גלייכן שליאַך, און אויף אַזאַ אופן — זיין צוועק צו דערגרייכן...

פּרץ אָבער, לויט זיין מהות, איז אייגנטלעך געווען נאָר אַ שיין־דענקענדיקער און פיין־פילנדיקער פעלעטאָניסט, טאַקע אינם אויסדער יילטסטן און אינם בעסטן אויסזען. און ווי אַזאַ פעלעטאָ־ניסט האָט פּרץ, בעצם, געדאַרפט האַלטן אפשר די אייראָפּעישע אינ־טעליגענץ אין זיינע הענט, אויפן היינישן שטייגער. איז דאָך אָבער פּרץ אַ יידישער שריפטשטעלער געווען, האָט ער זיך מיט שטריימ־לעך געקריגט, מעשיות וועגן צדיקים און וועגן חסידים אין „דאַמען־בודואַרן” דערציילט און איז פאַקטיש געבליבן עפּעס אַ מין „וווּנ־דער־קינד” ביזן טיפן עלטער...

יאָ, פּרץ האָט טאַקע געהאַט דאָס פולע רעכט צו זאָגן אויף זיך, אַז „אַנדערש וואָלט זיין ליד געקלינגען, ווען ער וואָלט נישט פאַר יידן יידיש זינגען”.

פרץ האָט זיך געשפּירט אין גוטאָ צווישן יידן עפּעס ווי אין אַ געפענגעניש.

---

דאָס איז, דאַכט זיך מיר, פרצס ריכטיקע געשטאַלט, ווי ער וועט אויך פאַרשריבן און פאַרצייכנט ווערן אינם „ספר-הזכרונות", ווו עס זענען שוין פאַרשריבן און פאַרצייכנט געוואָרן די איינציקע אויסדערוויילטע, יענע העלדן, וואָס האָבן דעם פונדאַמענט פון דער יידישער ליטעראַטור געבויט.

אמת, פרץ איז אפשר נישט דער גרעסטער שרייבער צווישן זיי. ער, פרץ, איז דאָך אָבער צווישן זיי דער היינטוועלטיקסטער און, ווי אַ פערזענלעכקייט, טאַקע די גלענצנדסטע פיגור.

# פרץ און זיין משפחה

1.

כמעט פונם ערשטן טאָג אָן, וואָס פּרץ האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, אַלס באַאַמטער אין דער קאַנצעלאַריע פון דער יידי־שער קהלה, האָלט ער זיין וווינונג אין דעם שטאָט־טייל, וואָס איז עפּעס ווי אַ גרענעץ צווישן דעם יידישן געטאָ און דער פּוילי־שער אַריסטאָקראַטיע.

אויף דער צעגליאַנאַ, הויז נומער 1, לעבט ער מיט זיין פאַ־מיליע, וואָס באַשטייט פון דריי נפשות: ער גופא, זיין פרוי — מאַדאַם פּרץ און זיין זון — לוציאַן, אַ קינד פון פּרצס ערשטער פרוי, די גרושה.

פונקט אַנטקעגן דעם הויז נומער 1 — אַ רייטע פאַבריק מיט אַ שוואַרצן קוימען. די פאַבריק דידאָזיקע פּוסטעוועט. דאַכט זיך, און דאָס וואַרפט אַן אומעט אויך אויף פּרצס דירה, דערהויפּט אין די באַגינענס און פאַרנאַכטן: עס ווייעט מיט וויסטעניש.

פּרצס דירה פאַרמאָגט דריי חדרים, לויט דער צאָל קעפּ פון דער משפחה.

איין חדר — די נעסט פון מאַדאַם פּרץ און גלייכצייטיק דאָס פּאָרפּאָלקישע שלאָפצימער. דאָס צווייטע חדר — פּרצס קאַבינעט, וואָס ער, פּרץ, האָלט כסדר אין איין ענדערן זיין געשטאַלט (נאָכ־אַנאַנד ער ברעכט און רעסטאַווירט. טעלעכע מאָל אין וואָך — שטעלט ער איבער דאָס מעבל. און ממש יעדן טאָג בייט ער די בילדער אויף די ווענט און הענגט אויס נייע ליולקעס). און דאָס דריטע חדר — געהערט צו דעם זון, צו לוציאַנען.

וואָס אין לוציאַנס חדר טוט זיך, קאָן קיין זייטיקער נישט וויסן. פשוט דערפאַר, ווייל אפילו די אייגענע לאָזט ער כמעט נישט אַריבער איבער זיין שוועל — שוין אָפּגערעדט וועגן פרעמדע.

לוציאַנס צימער אינטריגירט. בפרט נאָך, אַז עס שלאָגט פון וואַרטן מיט מאָדנע ריחות: אַ געמיש פון ווילגעטש־פּרעלע מיט אַפּטייק־דופט...

2.

לוציאַן איז דער בייזער און פינצטערער גייסט פון פּרצס הויז. ער באַאומרויקט, און צייטנווייז האַלט ער אַזש אַלעמען אין דער מורא.

אויסערלעך, פיזיש, הייסט עס, איז לוציאַן שטאַרק געראָטן אין דעם פאָטער, אין פּרצן.

אמת, עס פעלן אים דעם טאַטנס פייערדיקע אויגן. ער פאַרמאָגט אויך נישט דעם טאַטנס טיגערישן גאַנג. פונדעסטוועגן — פּאָרט ענלעך.

אויך גייסטיק זענען זיי גאָרנישט אַזוי ווייט איינער פונם אַנדערן, פונקט ווי י. ל. פּרץ איז אויך לוציאַן פּרץ — אויסטערליש פעיק.

פון לוציאַנס באַדייטנדע פעיקייטן האָט זיך אָבער גאָרנישט באַקומען. ער איז אַ „לא יוצלח״, לויט דעם מוסטער פון די רוסישאינטעליגענטישע „געראָטענע טויגעניכטסן״ אין טורגיענעווס צייטן.

לוציאַן האָט געשטודירט אין עטלעכע אוניווערזיטעטן פאַרשידענע געגנשטאַנדן. נאָר ער האָט, פּראַקטיש, קיין שום רעזולטאַט נישט דערגרייכט. געלערנט מעדיצין, געלערנט מאַטעמאַטיק און ביידע זאַכן נישט פאַרענדיקט. פון דידאַקטיקע הויכע וויסנשאַפטן איז ער גאָר אַריבער צו עקספּאָרט־אימפּאָרט־עסקים. און פונם „עקספּאָרטעווען״ זיינס, ווי פונם „אימפּאָרטעווען״ איז אַרויס דאָסזעלביקע, וואָס פון זיינע אוניווערזיטעטן־שטודיומס, אַ מאַן אין די פערציקער און הענגט אויף דעם טאַטנס האַלז...

נאָר דאָס איז נאָך אַ האַלבע צרה. מילא איז דער זון נישט

קיין בעל־תכלית און נישט קיין בעל־פּרנסה. לוציאַן איז פּרעס אומגליק אייגנטלעך דערפֿאַר, ווייל ער פֿאַרביטערט פּרצן זיין לעבן פֿערזענלעך און פֿאַרגיפֿטעט די גאַנצע אַטמאָספֿער פֿון פּרצעס הויז.

מיט פּרצן גופֿא קומט ער נישט, דער זון, כּמעט אין קיין שום באַרירונג, כאָטש דעם פֿאָטער ציט אַזוי צו אים (וואָס פֿאַר אים, פֿאַר לוציאַנען גופֿא, איז עס ווייט נישט קיין סוד), און פּרצעס קאַבינעט מיידט ער אויס עפּעס, ווי אַן אַזיל פֿאַר קרעציקע.

פּרצעס קאַבינעט איז תּמיד געפּאַקט מיט מענטשן: שרייבער, קינסטלער, פּאָליטיקער און פֿאַרערער — היימישע, דורכפֿאָרנדיקע. עס האָט נאָך אָבער נישט געטראָפֿן — אויסער אַ פּאָר געציילטע אויסנאַמען, אַז לוציאַן זאָל זיך דאָ באַגריסן מיט ווען עס איז פֿון פּרצעס געסט. ער ווייכט אויס דעמאָנסטראַטיוו סיי דעם פֿאָטער און סיי דעם פֿאָטערס געזעלשאַפֿט.

פֿאַלט ער אַמאָל אַריין, לוציאַן, אין פּרצעס מסיבה אויף אַ סעקונדע, איז פּרץ אויף דער וואָך, ציטערנדיק פֿאַר אַ סקאַנדאַל.

נעמען נעמט זיך עס פֿון דעם, וואָס לוציאַן פּרץ שפּירט אין זיך ממש אַן אינסטינקטיווע פֿיינטשאַפֿט צו דער יידישער ראַסע, צו אַלע יידן, און נאָך שטאַרקער — צו דעמדאָזיקן ייד, וואָס הייסט יצחק לייב פּרץ.

3.

לוציאַן באַהאַלט נישט אויס זיין האַס צו דעם אייגענעם פֿאָטער. נאָך מערער: ער אַפּישירט עס און באַטאָנט עס באַ יעדער פּאַסיקער און נישט פּאַסיקער געלעגנהייט. הייגט — אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם.

אָט אַ זומערדיקער פֿאַרנאַכט אינם זאַקסישן גאָרטן, איינאייגעם מיט לוציאַנען. אומגעריכט — פּרץ שטעלט זיך אַריין, אַרומגערינגלט מיט אַ מזומנה פֿאַרערער, וואָס קוקן אים אין מויל אַריין.

ווי געוויינטלעך איז פּרץ אָנגעטון אין זיין טראַדיציאָנעלער פּעלערינע, און אויפֿן קאָפּ — דאָס טיראָלישע קאַפּעליושל. אויך, ווי

נמיד, איז ער פלינק, ענערגיש, עס שפּרודלט פון אים מיט אַפּאָ=
יזמען, עקספּראָמטן און פּאַראַדאָקסן. גלייך ווערט ער דאָ דער צענ=
זער. מיידלעך און בחורים, וואָס שפּאַצירן אינם גאָרטן, שטייען צו צו
ּרצן און זיין קאָמפּאַניע. פּרץ האָט פּאַר יעדן און יעדער — אַ
וואָרט, אָדער אַ ווערטל. דער מעטער שטראַלט מיט יוגנטלעכקייט. —
ועט לוציאַן, ווי פריש ער איז, דער אַלטער, און ווי מונטער!...
אַליין אָנגעזאַפּט מיט פרייד, און ווו ער שטעקט נאָר אַריין אַ פינ=
גער, ווערט לוסטיק... קוקט, ווי מען קלעבט זיך דאָס צו אים —
יונג און אַלט...

נאָר לוציאַן איז אויפגעקאָכט פון דידאָזיקע רייד:

— אַ וועלט מיט אידיאָטן!... — בייזערט זיך לוציאַן. —
פאַרוואָס גלייבט מען דאָס אים?... דאָס מאַכט ער עס דאָך שטיק
דער אַקטיאָר... דאָס שפּילט ער דאָך!... אַן ערשט קלאַסישע
קאָקעטקע איז ער דאָך דער אַלטער!... — שרייט ער, דער זון,
מיט שוים אויף די ליפּן וועגן זיין טאַטן...

---

און דער טאַטע ווייסט אויסגעצייכנט, וואָס דער זון דענקט
און רעדט וועגן אים. כאָטש פּרץ פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל פאָ=
טערלעכע ליבע צו לוציאַנען, דאָך פאַסירט קיינמאָל נישט, אַז דער=
מאַנענדיק אים, זאָל ער באַנוצן דעם אויסדרוק: מיין זון"...
אַן אייביקע מלחמה און אַ פאַרביטערטע!

4.

לוציאַן אַליין איז שוין אַ טאַטע. אַ זון פאַרמאָגט ער. יאַנעק
הייסט דערדאָזיקער זון. אַ בחורל פון אַ יאָר צוועלף-דרייצען.

נאָר אויך מיט דעם אייגענעם קינד, מיט יאַנעקן, איז לוציאַן
פונדערווייטנס. אגב, פונקט ווי זיין קריג מיט דעם פאָטער, מיט
פּרצן, אַזוי איז אויך דאָס נישט-שטימען זיינס מיט דעם זון, מיט יאַ=
נעקן, אַזוי צו זאָגן, אויף אַן אידעאָלאָגישן באָדן.

עס איז אַזאַ מעשה:

לוציאַן האָט זיך געשיידט מיט זיין פרוי, אַ רייכע אַריסטאָ־קראַטין פון וואַרשע. און דאָס איינציקע קינד זייערס — יאַנעק, איז פאַרבליבן באַ דער מוטער.

פאַסירט, אַז לוציאַנס געוועזענע פרוי פאָרט אָפּ אויף זומער קיין אויסלאַנד, איבערלאָזנדיק דאָס קינד ציטווייליק און טיילווייז אויף דעם פאָטערס הענט.

וואָס טוט אָבער לוציאַן פרץ?

ער באַנוצט זיך מיט זיין פאָטערלעכער אַפּטרופּסוס, אָט אויף וואָס פאַר אַן אופן: ער נעמט און זעצט אַריין דעם צוועלפיאָריקן יאַנעקן זיינעם באַ אַ פוילישן שוסטער אין וואַרשאַט, כדי ער זאָל זיך אויסלערנען, דער קליינער, די שוסטערישע מלאכה און ווערן אַ מענטש.

ער, לוציאַן, וויל נישט איבערלאָזן נאָך זיך אַ דור פון „אינ־טעליגענטלעך“. פון זיין זון דאַרף זיך עס אָנהייבן אין דער משפחה אין זיינער אַ נייער שבט פון פיזישע האָרעפּאַשניקעס!...

און יאַנעקן איז אויך געפעלן געוואָרן די קונץ פון ווייקן לעדער, ציען דראַטווועס און קלאַפּן טשוועקעלעך אין פּאָדעשוועס. עטלעכע חדשים איז ער אָפּגעווען פרצס איייניקל אַ לערן־ייִנגל באַ אַ גוישן שוסטער.

ביז די מוטער האָט זיך אומגעקערט פון דער אייראָפּעי־שער רייזע צוריק קיין וואַרשע און אַרויסגעשלעפּט דעם בן־יחיד פון דער פּאָקוטע, אויף וואָס עס האָט אים פאַרשיקט דער פאָטער. יאַנעק איז אויס שוסטער און ווידער גימנאַזיסט.

פון דעמדאָזיקן מאָמענט אָן אָבער וואַרפט ער, לוציאַן, אַוש אַן אומחן אויף זיין קינד.

ער וויל, אַז יאַנעק זאָל גיין אין זיינע לוציאַנישע וועגן, און ווען נישט, געפעלט ער אים נישט, איז ער אים פרעמד...

5.

דערפאַר אָבער איז יאַנעק פאַר דעם זיידן, פאַר י. ל. פּרצן, „אַ ליכטיקע טרייסט“.

יאַנעק איז אייגנטלעך אַ שטיק פּרץ. ער איז דער זיידע מיט די ביינער אין אַלעם, סיי אינעם טעמפּעראַמענט און סיי מיט דעם אינטעלעקט. סיי אינעם גאַנג און סיי מיט די אויגן. און פּרץ שפּירט טאַקע אין אים, אינעם אייניקל „זיינס" „זיך".

כמעט אַוונט אין אָוונט, און אַמאָל אויך אינמיטן טאָג (דעמאָלט, ווען פּרץ איז פריי פון זיינע אַמט־פליכטן) — באַזוכט ער, יאַנעק, דעם זיידן. און אין דידאַזיקע שטונדן, וואָס זיי זענען אינאיינעם, געפינט זיך פּרץ אינגאַנצן אונטער דער אַבסאָלוטער הערשאַפט פון יאַנעקן. וואָס יאַנעקן זאָל זיך נישט פאַרגלוסטן — פּירט ער באַ אים אויס, באַ דעם זיידן.

יאַנעק וויל, אַז דער „סטאַרי" (דער אַלטער) זאָל אים דערציילן מעשיות אויסגעטראַכטע פונעם קאָפּ און נישט אַרויסגעלייענטע פון אַ ביכל — פאָלגט ער, פּרץ. ער קלערט אויס פאַרשידענע געשיכטעס און דערציילט זיי פאַר דעם אייניקל.

אויסגעהערט דידאַזיקע מעשיות — פאָדערט יאַנעק פון פּרצן ער זאָל זיי פאַרצייכענען, כּדי, אַז ער, יאַנעק, וועט האָבן חשק ווידער זיי צו הערן, זאָל דער זיידע קאָנען לייענען וואָרט אין וואָרט פון פּאַפּיר, ווי פון אַ געדרוקט ביכל. — זאָגט זיך פּרץ אויך פון דעם נישט אָפּ. ער וואַרפט אַלע זיינע אַרבעטן און פאַרנעמט זיך בלויז מיט אַזוינע שאַפונגען, וואָס געפעלן יאַנעקן.

אגב, דידאַזיקע מעשיות פּרצס, וואָס זענען דערציילט געוואָרן פאַר יאַנעקן און אָנגעשריבן געוואָרן צוליב יאַנעקן, זענען עס שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטער דעם טיטול פאָלקסטימלעכע געשיכטן...

אָדער, יאַנעק איז אַ געוואַלטיקער שטיפער. עס איז אים שווער כאָטש אַ סעקונדע צו זיצן אומבאַוועגלעך, און דאָס גרעסטע פאַרגעניגן זיינס איז באַ אים צו קייקלען זיך אין פּרצס קאַבינעט איבער דעם דיוואַן, איבער דער פּאָדלאָגע און דווקא מיט דעם זיידן אינאיינעם. — גיט פּרץ נאָך אויך אָט דעם פאַרלאַנג פונעם אייניקל.

נאָר יאַנעק באַנוגנט זיך נישט בלויז מיט דעם, וואָס פּרץ קייקלט זיך מיט אים אין שותּפות. ער האָט נאָך אַ באַגער, ער מאָנט,

אַז דער זיידע זאָל זינגען גראַמען באַם קייקלען זיך. טוט עס פּרץ. ער זינגט, ער גראַמט.

איבעריקנס, פון דידאַקטיש גראַמען, וואָס זענען געזונגען געוואָרן, כדי יאַנעקן זאָל זיין פריילעכער צו שטיפן, האָבן זיך עס נאָכדעם צונויפגעשמעלט די קינדער־לידער פון י. ל. פּרץ...

און גלייך ווי דער זיידע האָט ליב דאָס אייניקל, אַזוי גייט אויס ממש דאָס אייניקל נאָך דעם זיידן. מאַגנעטיש ווירקן זיי איינער אויף דעם צווייטן.

פּרץ אַליין זאָגט:

— יאַנעק — דאָס איז ער פּרץ. און ער פּרץ איז עס — יאַנעק.

אין איין פּונקט אָבער ווידערשפעניקט ער, יאַנעק, קעגן דעם זיידן און שטייט שטאַרק באַעגנט צו דעם פאָטער צו זיינעם — צו לוציאַנען. אויך אין דעם קליינעם יאַנעקן שפּירט זיך אַ שנאה צו דעם יידישן שטאַם, צו דער יידישער ראַסע.

באַגעגנענדיק אַ קאַפּאָטע — יידן מיט פּיאות, אַ קאַשקעטל אויפן שפּיץ קאָפּ און מיט ציצית אַריבער די קני — ווערט ער נערוועז, יאַנעק, ער שפּייט, ווי ער וואָלט זיך אָנגעטראָפן אויף עפּעס אומציכטיקס.

אפילו פּרצס מקורבים, די היינטוועלטיקע יידן — שאַנעוועט ער אויך נישט יאַנעק.

— „זשידזשי סטאַראָזאַקאָניקי"!... (יידלעך אַלט־טעסטאַמענטישע!...) — זידלט ער זיך, שליידערנדיק זיך בייז.

און דאָס איז דער שטאַרקסטער ווייטיק באַ פּרצן, וואָס איז אַזוי אויך געגנוג זאַט מיט ליידן...

יאַנעק האַסט יידן. יאַנעק אָבער איז דאָך נישט אַבי ווער און נישט עפּעס אַבי ווער.עמענס. יאַנעק איז אויך נישט לוציאַן. דאָס איז דאָך ז יי ן, פּרצס, יאַנעק און נישט קיין אַנדערנס.

אָך יאַנעק, יאַנעק!...

6.

און אַט איז דער סוף פון פרצס משפחה.

דערדאָזיקער יאַנעק, וואָס איז דער איינציקער זון פון י. ל. פרצס בן־יחיד, פון לוציאַן פרץ, איז אינם יאָר 1927 אַוועק פון דער יידישער קהלה און אַריבער צו דער קאַטוילישער קירך. אויס ייד געוואָרן דער איינציקער דירעקטער יורש פון י. ל. פרץ — מיט אים. מיט יאַנעקן אָבער, ענדיקט זיך פרצס פערזענלע־כער שטאַם.

ווייל לוציאַן אַליין איז שוין אויך געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. און פונקט ווי י. ל. פרץ האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין אַנדערע קינדער חוץ לוציאַנען, אַזוי איז פון לוציאַן פרץ קיינער נישט פאַרבליבן אויסער יאַנעקן...

---

1927.

# יעקב דינעזאָן

## 1

. . . דינעזאָן איז גאָר אייגנטלעך נישט אַזוי אַלט. ריכטיקער, אַ מאַן ערשט אין די מיטעלע יאָרען. און פונדעסטוועגן איז ער שוין פון לאַנג אָן אפילו אין זיינע אייגענע אויגן און אינם געדעכעניש פון זיינע צייט־גענאָסן פאַררעכנט אַלס אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט. און ווען איך זאָג פאַרגאַנגענהייט, מיין איך עס נישט אינם זין פון קולטור־געשיכטע, נאָר אינם זין פון דינעזאָנס פערזענלעכער ביאָגראַפיע.

דינעזאָן האָט דורכגעמאַכט די ביאָגראַפיע זיינע זייער שנעל, נאָך אין די קינדער־יאָרן, און דערביי געבליבן שטעקן. ווייטער פון די קינדערישע השגות האָט ער זיך נישט גערוקט.

מיט צוויי אַמביציעס האָט ער זיך אַרומגעטראָגן אין זיין פריער יוגנט;

1) ווערן אַ שריפטשטעלער.

2) פירן אַ פאַמיליען־לעבן.

איז ער מיט אָט די ביידע שטרעבונגען שוין ייִנגלווייז געוואָרן פאַרטיק. ייִנגלווייז כמעט האָט דינעזאָן אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק" און בעצם דערביי אָפּגעשטעלט זיך. אויך ייִנגלווייז כמעט האָט זיך דינעזאָן פאַרליבט אין אַ מיידל און — אויף זיין גאַנץ לעבן פאַרבליבן אַ בחור.

עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר דינעזאָנען, וואָס אויך פיזיש האָט ער נישט דערוויזן ווי געהעריק צו אַנטוויקלען זיך, צו פאָרמירן זיך אין אַן אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער,

אין ווקס אַ קלײנטשיקער, פּיסלעך דריבניטשקע, וואָס שאַרן זיך, גלײך ווי זײ וואָלטן געלײגט די ערשטע טריט אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון באָבעס און מומעס, וואָס פּליעסקען מיט די הענט און זינגען, כּדי אונטערצוגעבן מוט דעם עופהלע: „אַלײן, אַלײן לאַפּקעלעך“! די צונג — קלעפּיק, אײגעלעך — ליכטיקע, דורכזיכטיקע, פלאַכע.

לויט זײן אויסערלעכן אויסזען איז ער, דינעזאָן, אפילו נישט קײן אויסגעשפּראָכענער ײדישער טיפּ.

אַזױנע עקזעמפּליאַרן פלעגט מען באַגעגענען אינם פּאַרצײ־טיקן רוסלאַנד צווישן טשינאָווניקעס פון אַ באַשטימטן סאָרט, צווישן קלײנע קאָנסיסטאָריום־באַאַמטע, צווישן פּראָווינציעלע פּאָסט־מײס־טערס און אויך צווישן די אַלטינקע געפאַלענע פּריצימלעך, וואָס שפּײזן זיך בײַ רײכע טישן, די אַזוי גערופענע „נאַכליאַבניקעס“, ווי אַזוי זײ זענען פאַרצײכנט אין דער רוסישער ליטעראַטור...

2.

ער איז נישט קײן פאַרענדיקטער, דינעזאָן. ווײַט פון אים מיט אומעט, ווי פון אַלץ. וואָס איז נישט דערפירט צו אַ סוף, צו אַ תּכלית, מיט אומעט ווײַט דאָך אפילו פון אַ הויז אָן אַ דאַך. אַ בעל־מום איז ער. טרויערן די פּאָטענציעלע כּוחות, וואָס זענען נישט אַנטפּלעקט געוואָרן, לעכצן די נאַטירלעכע פאַרלאַנגען, וואָס זענען נישט דערפילט געוואָרן.

אַלץ אין דינעזאָנען און אַרום דינעזאָנען — אַזוי נעבעכדיק, אַזוי אָפּגעלאָזט. אָט, ווי ער לעבט:

דינעזאָנס דירה אויף דער דזשיעלנע — אַ גאַס אין דאָס סאַמע געדיכטע פון דער ײדישער געטאָ אין וואַרשע, פון די באַלעווקעס. אַ ברודיקע, שמוציקער הויף. שטענדיק רימפּלען דאָ „קאַטערינקעס“ — שפּילקעסטלעך. קונצנמאַכער דרײען זיך אַרום. אָפט קומען דאָ פאָר געשלעגן. נישט זעלטן לאָזן זיך דאָ הערן „בעטע“, סעקסועל־צינישע שפּרוכן פון ווײַבער און מאַנסבײל. אויף דינעזאָנס הויף געפינען זיך עס עטלעכע „פרײלעכע הײַזלעך“.

פאַרקירעוועט איר זיך לינקס, קלעטערט איר אויף טרעפּ, ווי אויף אַ לייטער צו אַ בוידעם. חושך, עס קומט אויס מיט דער האַנט צו טאַפּן דעם גאַנג. ענדלעך — פאַלט איר אַריין צו דינעזאַנען אינעווייניק.

אַ קליין טונקל צימערל מיט איין פענצטער צום הויף און מיט אַ פאַראַוואַן בײַ דער טיר. אַ טיש לעבן פענצטער, וואָס קומט אַרוי"ס אַנטקעגן אַ הייזל מיט רויטע פאַרהאַנגען. לעבן טיש, מיט דער פּלייצע צום פענצטער, זיצט דינעזאָן אויף אַ הויכער שטול, ווי אַ קינד. הינטער דעם פאַראַוואַן בײַ דער טיר — אַ בעט. איבערן בעט, אויף אַ טשוואָק אין דער וואַנט — הענגט אַ טאָרבעלע מיט שפּייז. פינם שפּייז-טאָרבעלע שמעקט מיט דעם גערוך פון „דאַרע קישקע“, פון האַרטן קעז. פון יעדן ווינקל שלאָגט דאָ אַ ריח פון ווילגאָטש, פון שימל.

שוין אַ היפּש ביסל יאָרן, אַז ער האָט זיך פאַרקליבן, דינעזאָן, אין אָט דער דירה. און ער טראַכט אפילו נישט ווען עס איז אַרויסצוקלייבן זיך פון דאַנען.

צוליב וואָס בייטן? דינעזאָן פאַרשטייט זיך נישט אויף ענדערונגען: אַריינגעפאַלן אין אַ געוויסער סיטואַציע איינמאָל, איז שוין פאַרפאַלן אויף אַלע מאָל...

3.

דאָס טייערסטע, וואָס ער פאַרמאָגט דינעזאָן — זענען עס צוויי פּלימעניצעס, זיין שוועסטערס קינדער. איינע הייסט בעלטשע און די צווייטע הייסט מעלטשע.

מיט לייב און נשמה האָט ער זיי ליב דידאָזיקע צוויי מיידלעך: פאַר זיי גרייט ער זיך עס אָפּצוזאָגן די גאַנצע ירושה, וואָס עס וועט פון אים פאַרבלייבן נאָכן טויט. און זיי לאָזט ער עס פון דער צונג נישט אַראָפּ בײַם לעבן: נאָכאַנאַנד האַלט ער זיי אין איין רימען: „סאַראַ חכמניות זיי זענען“.

אַ מעשה דערציילט ער, דינעזאָן, וועגן זיינע געראָטענע צוויי פּלימעניצעס:

איינמאָל האָט די פּלימעניצע זיינע, וואָס רופט זיך בעלטשע, געשפּאַצירט אין אַ הייסן זומער-טאָג איבער דער כלאָדנע גאַס אין וואַרשע. קערט זי זיך אום פונם שפּאַציר מיט אַ טענה צו אים, צו דעם אָנקעל:

— אָנקעל!... „כלאָדנע" איז דאָך דער טייטש אין יידיש — קאַלט... און פונדעסטוועגן איז דאָרטן איצט צעגאַנגען צו ווערן פון היץ!... — קלאָגט זי זיך בעלטשע.

אַ צווייט מאָל האָט די אַנדערע פּלימעניצע זיינע, וואָס הייסט מעלטשע, געשפּאַצירט אין אַ פראָסטיקן ווינטער-טאָג איבער דער טשעפּלע גאַס אין וואַרשע, איז זי געקומען צו לויפן מיט אַ קריוודע צו אים, צו דעם אָנקעל:

— אָנקעל!... „טשעפּלע" מיינט דאָך אין יידיש — וואַרעם... און דאָך איז דאָרטן דערפרוירן צו ווערן פון קעלט... — מאָנט זי מעלטשע.

איין און דיזעלביקע מעשה דערציילט דינעזאָן שוין יאָרנלאַנג, ווען און ווו מען זאָל אים נישט באַגעגענען.

בעלטשע און מעלטשע האָבן זיך צעבליט און רייף געוואָרן. בעלטשע און מעלטשע זענען שוין בחורטעס, וואָס שטייען אין שידוכים. מסתמא איז שוין פאַראַן פיל זאַכן, וואָס צו דערציילן וועגן זיי און וועגן זייערע קלוגע האַנדלונגען און איינפאַלן. דינעזאָן אָבער באַמערקט עפּעס גאָרנישט, אַז די פּלימעניצעס זיינע זענען שוין כלה-מיידלעך: וויל ער זאָגן אויף זיי שבחים, דערציילן זייערע מעלות — פאָרט ער נאָך אַלץ אַרויס מיט דער „כלאָדנע-טשעפּלע"-געשיכטע.

אויך זיי, הייסט עס, די פּלימעניצעס, וואָס ער האָט אַזוי ליב און וואָס זענען אים אַזוי טייער, האָבן זיך איינגעקריצט בא אים אין זכרון און איינגעבאַקן בא אים אין האַרץ נאָר מיט זייער קינדערישן שכל. ווייטער פון קינדהייט איז ער נישט געגאַנגען, דינעזאָן, אפילו מיט בעלטשען און מיט מעלטשען.

4.

און פאַרטומען איז ער, דינעזאָן, איבערן קאָפּ. כסדר עס

סקריפּעט די טיר פון זיין צימער. מענטשן קומען אַריין, מענטשן גייען אַרויס. ס'רוב פון די באַזוכער — פאַרכמורעטע, אָפּגעריסענע, פּונקט ווי דינעזאָנס אַלקער וואָלט געווען אַ קהלשער אַנשטאַלט פאַר נויט-באַדערפטיקע.

צווייערליי געשעפטן פאַרמאָגט ער, דינעזאָן:

1) ער האַלט אַן אַנאָנסן-אַגענטור צוליב דער אייגענער חיונה.

2) ער איז אַ ליטעראַרישער אַפּטרופּוס אויף פּרצס פאַרלאַנג.

ביידע געשעפטן שווערע. אַ לאַסט נישט פאַר דינעזאָנס כּוחות.

אַ שווערע פּרנסה איז אויסגעפאַלן אויף זיין גורל. די אַגענטור זיינע איז נאָר פאַר די פּאָר יידישע בלעטלעך אין וואַרשע. מ'שטיינס געזאָגט, ווי גרויס עס זענען די „דיוווידענדן" אין די „פּראָצענטן". און דאָ דרייען זיך נאָך אַרום מחנות „אַגענטן", די אַנאָנסן-זאַמלער, וואָס זויגן באַ אים אויס דאָס חיות באַ דינעזאָנען. צעפלאָכטענע יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און פּיצינקע קאַשקעטלעך. מערסטנטייל זענען עס פאַרשוינען, וואָס דערנערן זיך פון פאָלגן אַ כּלי קודש-גאַנג באַ די ווינקל-רבנים: שטענדיקע עדות צו אַ שנעלן גט, אייביקע מחותנים צו אַ שטילער חופּה. נאָר זיי האָבן צו אים תּביעות צו דינעזאָנען. דאָס מאָנען זיי אַן אויפגאַב. דאָס פאָדערן זיי אַ הוספה, אָט ווילן זיי מעקלעריי און אין אַ סעקונדע אַרום גלוסט זיך זיי אַ חלק. פייערדיקע צונגען. זיי פאַרטומלען אים, זיי פאַרהוקען אים, דעם שטילינקן דינעזאָנען. און אַמאָל האָבן זיי נאָך חשק דאָ באַ דינעזאָנען צו מאַכן אַ כּוסה. דינעזאָן קאָן נישט פאַרטראָגן דעם ריח פון בראָנפן. צעשרייט ער זיך. עס פעלט אים אָבער אויס אָטעם... גאָרנישט קיין גרינגער ביסן!

און נישט לייכטער איז אויך דאָס עסק, וואָס פּרץ האָט אים צוגעוואָרפן. פאַר אַ משגיח האָט ער אים אָנגעשטעלט איבער די ייִנגערע און יינגסטע שרייבער. די דיכטער, די יינגע, זענען צו אים ברוטאַל, צו דינעזאָנען. זיי צאַפּן פון אים דאָס בלוט. הענג און ברענג! — זאָל ער אויסזוכן אַ הלוואה באַ אַ מעצענאַט. זאָל ער אַרויסרייסן אַן אַוואַנס באַ אַ פאַרלעגער. ווו אָבער זאָל ער זיי

געמען די מעצענאַטן? צו אים אויף דזיעלנע קומען נישט קיין מאַגנאַטן. און קיין פאַרלעגער זענען כמעט ווי נישט בנמצא. סיידן ער זאָל צאָלן פון דער אייגענער קעשענע. איז ער נישט קיין גביר, און טאָמער באַמבלען זיך עטלעכע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס, איז ער איבער זיי קיין באַלעבאָס נישט: אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט, דאַרף אַריבערגיין נישט געמינערט צו בעלטשען און מעלטשען. נאָר חברה לאָזט אים נישט אָפּ: פּשוט זיי פאַרפייניקן אים, די יונגע אומדערבאַרעמדיקע פּאָעטן, דעם אַלטינקן גוטהאַרציקן דינעזאָנען.

איז ער מיד דינעזאָן. איז ער געפאַלן בא זיך. און איינפאַך ער וויינט מיט טרערן:

— אַך, ווי ווייל עס האָט זיך אים געלעבט, ווען ער איז געווען אַ קליין יינגעלע, דער מאַמעס אַ קינד, און ער האָט אויף זיך נישט געהאַט דעם יאָך פון דער אַנאָנסן-אַגענטור און נישט באַדאַרפט זאָרגן פאַר די נויטן פון דער יידישער ליטעראַטור... בכלל נישט געטאָרט אַרויספאָרן פון זיין געבורטס-שטעטל, פון זשאַגער...

5.

בלויז איינמאָל אין דער וואָך איז דינעזאָן ביז גאָר אין אַ מונטערער און געהויבענער שטימונג. דאָס איז שבת פרימאָרגן. ער שיינט פון שטאָלץ און אָנערקענונג, ווי אַ געראָטן קינד, וואָס איז אַריינגעפאַלן צווישן דערוואַקסענע פּראָסטאַקעס און עס שפּילט די ראָל פונם חכם, פונם ווייסער.

שבת פרימאָרגן איז דינעזאָנס אַלקער אַ שטיקל „ליטעראַרישער סאַלאָן", וווּ ער, דינעזאָן, איז דער קאָפּ-מענטש, דער טאָןגעבער.

עס איז שוין אַ מנהג אַזאַ: שבת פרימאָרגן, ערשט אַ בליאַסק אויף טאָג, שטעלן זיך אַריין צו דינעזאָנען צוויי אורחים: דער שריפטשטעלער מרדכי ספּעקטאָר און דער מוכר-ספרימניק יעקב לידסקי.

ביידע זענען זיי יידן נישט איבעריק קיין פּאַ־שפּיצטע:

ספּעקטאָר איז תמיד פאַרחידושט. און חידושן חידושט ער זיך ס'רוב אויף אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען שוין פון לאַנג אָן נישט ניי,

דערהויפט אויף דעם געביט פון טעכנישע דערפינדונגען. אפילו מיט דער אייזנבאַן איז ער בתוך נאָכנישט איינגאַנצן היימיש... און לידסקי איז שטענדיק פאַרזאָרגט. זאָרגן זאָרגט ער זיך ס'רוב אויף דעם, וואָס אין אַלעם שטעקט „א פּאָליטיקע אַזאַ". ער זעט „א פּאָליטיקע אַזאַ" אַזש אין דעם, וואָס גראַף טאָלסטאָי האָט עטלעכע טעג פאַרן טויט פאַרלאָזט די גראַפישע נחלה און זיין ווייב די גראַפינע און איז אַנטלאָפן אין דער ווייסער וועלט אַריין...

דינעזאָן פּערזענלעך שטייט גייסטיק העכער פון דידאַקטיקע צווייַ יידן. דערצו האָט ער זיך אָנגעהערט פיל אינטעליגענטע זאַכן פון פּרצן, מיט וועמען ער איז אַזוי נאָענט און פון די יונגע שרייבער, וואָס ליגן בײַ אים אויפן קאַרק. חייזט ער עס איצט אַרויס זיין אינטעלעקטועלע גדלות. ער מאַכט זיי צו שפּאָט, די אָפּגעשטאַנענע, די „נישט אַנטוויקלטע" געסט זיינע.

— אַי, ספּעקטאַקל, ספּעקטאַקל!... כ'לעבן שוין לאַנג צייט, אַז אַזאַ ייד ווי דו זאָל זיך אַמאָל אָוועקזעצן און דורכליינען עפּעס א גויעש ביכל!.. — זאָגט ער אַריין, דינעזאָן, חבריש דעם קאַלעגע זיינעם.

און מיט לידסקין מאַכט ער שוין גאָרנישט קיין צערעמאָניעס:

— פּע, רב יעקב!.. עפּעס גאָר אַ טאָרקוועמאַדע ביסטו דאָך... געהערט א געשיכטע: אונזערער אַ ייד זאָל זיין בפרהסיה אַזאַ מיזאַנטראָפּ. און אין אַלץ זען נאָר פּאָליטיקעס... — שטעכט ער אים די אויגן, דינעזאָן, דעם אַלטן מוכר־ספרימניק.

פּונקט אָבער דווקא דעמאָלט, בעת דינעזאָן איז אַזוי גרויס און שטאַרק בײַ זיך אין דער דעה — עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין פרישמאַן אינם האַרטן קאַפּעליוש, טאַבעק־קאָליריקער טאָקסידע און מיט דעם סאַרקאַסטישן שמייכל, וואָס ציט זיך פונם צונויפגעזשמורעטן לינקן אויג ביז דעם ווינקל פונם אויסגעקרימטן מויל.

נו־נו, מער דאַרף ער שוין נישט דינעזאָן. סאַראַ צער עס איז איצט אויף אים. אַ שטאַמלעניש פאַלט אָן אויף אים, די אויגן לאָזט ער אַראָפּ עפּעס ווי זינדיק, ווו אויסצובאַהאַלטן זיך.

דינעזאָן ווייסט, וואָס פרישמאַן איז אויסן מיט אָט דעם שבתדיקן באַזוך מיט זיינעם.

שוין אַ היבש ביסל יאָרן, אַז פרץ און פרישמאַן זענען איינער דעם אַנדערנס שונאים אין לעבן אַריין. זיי זאָגן זיך אָפּ צו שטיין צוזאַמען אויף איין ברעט. פרץ איז ביז, בעת עמיצער דערמאָנט אפילו דעם נאָמען פונם „לאַדזשער פּאַלשבינצער (אַזוי הייסט פרישמאַן בא פרצן). פרישמאַנען אָבער גלוסט זיך דווקא צו וויסן, וואָס עס טוט זיך דאָרטן בא דעם „קונצנמאַכער אויף צעגליאַנאַ נומער 1" (אַזוי רופט פרצן פרישמאַן). קומט ער עס שבת פריִמאָרגן צו דינעזאָנען נאָך אינפאָרמאַציע פונם פיינטס לאַגער...

איז דינעזאָן שטאַרק צעטראָגן. ער קאָן זיך קיין עצה נישט געבן, ווי אַזוי ער זאָל זיך פירן.

צו פרצן קאָן נאָך דערגיין, אַז ער, דינעזאָן, האָט פריינטלעך מקבל פנים געווען פרישמאַנען. מער פעלט אים נישט: פרץ איז דאָך אַזאַ קאַפּריזנער. זאָל פּאַסירן עפּעס אַ האָר, וואָס איז נישט אין זיין גוסט, ווערט ער גלייך ברוגז.

און אויסער דעם, וואָס דינעזאָן דאַרף יוצא זיין פאַר פרצן, שמעקן אים פערזענלעך נישט פרישמאַנס שבתדיקע וויזיטן.

ווי נאָר פרישמאַ שטעלט זיך אַריין — ווערט ער, דינעזאָן, אויס קאָפּ־מענטש און טאָן־געבער אינם שמועס מיט מרדכי ספּעקטאָרן און מיט יעקב לידסקין. פרישמאַן איז דאָך אַזאַ געבילדעטער. ער דערציילט וועגן בערלין, ווי וועגן אַן אייגענער שטאָט, ער רעדט וועגן גטען, ווי וועגן אַן אַלטן באַקאַנטן. גייען זיי אַריבער, די צוויי יידן, אויף פרישמאַנס צד, און ער, דינעזאָן, ווערט עפּעס ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן...

6.

וואָסערע פיר צענדליק יאָר לעבט ער עס אָפּ אַזוי דינעזאָן. פּאַקטיש, זינט ער האָט אָנגעשריבן דעם שוואַרצן יונגנמאַנטשיק.

אַ פענאָמענאַל לעבן. שטענדיק איין טאָן, איין קאָליר. כמעט

קיינמאָל אפילו אויף אַ האָר נישט פאַרענדערט. ער לעבט אָפּ אַ לעבן — בתוך אָן איבערגאַנגס־שטופן. איין שטאַנד, ווי אין דער יוגנט אַזוי אין די מיטעלע יאָרן; און ווי אין די מיטעלע יאָרן, אַזוי אויף דער עלטער..

# דער פרץ־דינעזאָן־ראָמאַן

1.

אַ מעשה, וואָס ציט זיך יאָר אויס, יאָר איין און אויס, אין דערזעלביקער פאָרם, מיט דער פּינקטלעכקייט, ממש, פון אַ נאַטור־געזעץ.

אין אַלע צייטן פונם יאָר, עס מעג דונערן און בליצן, אָדער שנייען און שטורעמען, צי בכלל וואָס עס זאָל נישט געשען, נאָר דינעזאָן וועט קיינמאָל נישט פאַרפעלן זיין שבתדיקן באַזוך בײַ פרצן.

יעדן שבת פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט זיצט ער, דינעזאָן, אין פרצעס קאַבינעט, לעבן פרצעס שרייב־טיש, און שטאָפּט סיגאַרעטן פאַר פרצן, אַז עס זאָל פאַר אים קלעקן אויף דער גאַנצער קומענדיקער וואָך ביז איבעראַכטאָג שבת.

בשעת ער זיצט בײַ דערדאָזיקער מלאכה, שיינט ער פשוט, דינעזאָן: דאָס בערדעלע אונטערגעשוירן, די באַקן גלאַט אָפּגעראַזירט און אויף די פּלייצעלעך — דאָס „היסטאָרישע" קעטעווי.

אָ, דאָס קעטעווי דינעזאָנס! שוין דרייסיק יאָר איז עס אַלט. ער האָט זיך עס געלאָזט מאַכן נאָך אינם יאָר 1881. דער דאַטום האָט זיך אַזוי אײַנגעקריצט אין זכרון, ווייל דווקא דעמאָלט, בעת ער האָט זיך אויסגעפּוצט אינם נייעם מלבוש, איז ער, דינעזאָן, שיער נישט געוואָרן אַ פּאָליטישער מאַרטירער. דאָס איז געווען אין יענער וואָך, וואָס דער רוסישער קייסער אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אומגעקומען פון רעוואָלוציאָנער־טעראָריסטישע

באַמבעס, און אונבאַערוועגס פון קיעוו, אָדער קיין קיעוו, האָט די זשאַנדאַמעריע אַרעסטירט אַלס אַ פאַרדעכטיקע פערזאָן אויך אים, דעם פּאַרפּאַסער פונם „שוואַרצן ייִנגגמאַנטשיק".

איז אָט דאָס קעטעווי, וואָס איז נאָך געלעגן אין די הענט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס פּאָליציי, איז פאַרבליבן לעבן ביז איצט, אפילו אָן איין שפּרינקעלע אויף דעם אויבערשלאַק. און קיין חידוש איז עס נישט: בלויז אין די סאַמע גרעסטע ימים טובים ציט ער אויף זיך אַרויף, דינעזאָן, דעמדאָזיקן חשובן בגד. און אַ גרויסער יום טוב, וואָס זאָל ווערט זיין דעם קעטעווי, איז בײַ דינעזאָנען נאָר איין טאָג אין וואָך — שבת, ווען ער זיצט בײַ פּרצן.

אמת, עס פּאַסירט אַמאָל, אַז זיצנדיק אַזוי לעבן פּרצס טאַבאַק מיט דעם שטעקעלע און מיט די גילזן, איז דינעזאָן צעטומלט, דאָס אַלט־ווייבערישע פּנימל פאַרוואָלקנט. דאָס קומט פאָר דעמאָלט, בעת צווישן די פיל שבתדיקע געסט בײַ פּרצן געפינט זיך אויך עפּעס אַן אומבאַקאַנטער ייִנגערמאַן מיט אַ פּעקל מאַנוסקריפּטן — אַ שרייבער, אַן אָנפאַנגער.

אָט דערדאָזיקער ייִנגערמאַן לייענט פאַר פּרצן אַ ליד אָדער אַ דערציילונג. פּרץ האָט נאָך נישט אַרויסגעזאָגט זיין לעצטן אורטייל וועגן דער שריפטשטעלעריי פונם אומבאַקאַנטן שרייבער, דעם אָנפאַנגער, און דינעזאָן איז נערוועז.

די אורזאַך איז אַ פּשוטע:

לויט דער דערפאַרונג זיינער, איז וואָס פאַר אַ פּסק פּרץ וועט נישט אַרויסטראָגן וועגן דער קונסט פונם ייִנגנמאַן, וועט עס נישט זיין גינסטיק פאַר אים, פאַר דינעזאָנען:

ממה נפשך: וועט פּרץ אָנשרייען אויף דעם ייִנגנמאַן, אַז ער איז אַ וויסטער קאַלעקע און עס איז אַ שאָד דאָס פּאַפּיר (ווי פּרץ טוט אָפט אין פיל פאַלן), מוז ער, דינעזאָן, דאָך אונטערהאַלטן פּרצן, און דאָס איז אים, דעם ווייכהאַרציקן און באַרמהאַרציקן, זייער אומאָנגענעם. און טאָמער פאַרקערט (ווי עס פּאַסירט אַמאָל מיט פּרצן): פּרץ וועט אים פּראָקלאַמירן, דעם אָנפאַנגער, אַלס זיין איינציקן ליטעראַרישן יורש, איז עס אויך פאַר דינעזאָנען נישט

קיין באַקוועמע געשיכטע, ווייל, ווי ער ווייסט פון דער פּראַקטיק, וועט שוין אָט דער ייִנגערמאַן, אָנערקענט פון פּרצן, נישט איינמאָל פאָדערן פון אים, פון דינעזאָנען, א דרייערל אָדער א פינפערל אויף באָרג.

דאָך אָבער, אַזוי צי אַזוי, סוף־כּל־סוף ענדיקט זיך דער אינצידענט און וואָס פאַר א רעזולטאַט עס זאָל נישט זיין, נעמט אים אָן דינעזאָן פאַר גוט און ליב.

דינעזאָן איז צופרידן, וואָס ער איז באַפרייט געוואָרן פון דער געשפּאַנטקייט און מיט א רויק געמיט טוט ער ווייטער זיין שבתדיקע מלאכה: ער שטאָפּט פאַר פּרצן ציגאַרעטן אין אַזא צאָל, אַז עס זאָל כאַפּן אויף א פולער וואָך.

2.

אינדערמיט פון וואָך שטעלט זיך אַריין דינעזאָן צו פּרצן נאָר אין אויסנאַם־פאַלן, דאָס הייסט, צוליב ספּעציעל־פּראַקטישע צוועקן.

למשל:

פּרצן איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין קאָפּ א רעיון צו שאַפן א טעאַטער־געזעלשאַפט, צו גרינדן אַ פאַרלאַג אָדער צונויפצושטעלן א זאַמלבוך. און אַמאָל — אַרויסצוטרעטן מיט אַן עפנטלעכן פאָרטראַג.

נאַטירלעך רופט פּרץ גלייך אַרויס דינעזאָנען. דינעזאָן דאַרף עס דאָך תיכף פאַרצייכענען, לויט פּרצס דיקטאַנד, דעם סטאַטוט פון דער טעאַטער־געזעלשאַפט אָדער דעם פּראָגראַם פונם פאַרלאַג, צי דעם אינהאַלט פונם זאַמלבוך, אָדער דעם קאָנספּעקט פונם פאָרטראַג. אויך דינעזאָן דאַרף זיך עס פאַרבינדן מיט די אַלע פערזאָנען, וואָס קאָנען זיין נוצלעך פאַר פּרצס פּלענער.

און דינעזאָן רופט זיך גלייך אָפּ, כאָטש שוין עטלעכע צענדליק יאָר ווי ער לעבט מיט פּרצן אינײנעם און ער ווייסט אויסגעצייכנט, אַז פּרצס פּלענער גייען מערסטנטייל נישט אַוועק ווייטער פונם אָנגעשריבענעם שטיקל פּאַפּיר...

אגב: אפילו דאָס אַריינשטעלן זיך גופא צו פּרצן, אום צו באַטייליקן זיך אין דידאַקטיקע פּלענער, איז פאַר דינעזאָנען נישט גאָר קיין לייכטע אונטערנעמונג.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז פון דעם צופעליקן אַרעסט, אינם יאָר 1881, איז דינעזאָן אַרויס אַן אָנגעשראָקענער אויף זיין גאַנץ לעבן און אַלס אַ צוגאָב האָט זיך נאָך שפּעטער אויף דער עלטער אַריינגעמישט דאָס יאָר 1905, די צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. היינט דערצו וואַרשע — די שטאָט פון אייביקע מיאַטעזשן און בונטן. ער איז שטענדיק, דינעזאָן, אין אַ פיבערדיקן צושטאַנד פון פּחד און דערהויפּט איז גרויס די אימה זיינע, ווי נאָר די נאַכט פאַלט צו. ער ציטערט איינפאַך, דינעזאָן, אַרויסצושטעלן אַ פוס פון זיין איינזאַם, אַלטבחוריש פאַרשימלט צימערל. וואָס געפינט זיך אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דער נאַלעווקי-געטאָ אויף דזיעלנע, הויז נומער 15.

פּרץ אָבער האָט אַ טבע אַלע זיינע וויכטיקע פּלענער צו פאַרווירקלעכן דווקא באַנאַכט. און דער פיצינקער אַלטינקער און פלאַטערנדיקער דינעזאָן שלעפּט זיך נעבעך אין טיפן אַנגסט שפּעט אין דער נאַכט. אַזאַ היפּשן מהלך, פון זיין דירה פון דזיעלנע נומער 15 צו פּרצן אין הויז אויף דער צעגליאַנאַ נומער 1.

גאָרנישט פאָרצושטעלן זיך קיין געוואַגטערע העלדישקייט פאַר און פון דינעזאָנען! נאָר, ווי דער אמת גערעדט, איז עס אַזוי העלדיש, ווייל ער האָט קיין אַנדערן אויסוואַל נישט.

ער, דינעזאָן, איז פּשוט נישט אימשטאַנד אָפּצוזאָגן זיך פון פּרצס אַ פאַרלאַנג, אָדער ריכטיקער, פון פּרצס אַ באַפעל...

3.

וואָרהאַפטיק: נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס דינעזאָן זאָל נישט טון, אויב נאָר דאָס קאָן צופרידן שטעלן פּרצן.

אָט צוויי ביישפּילן, וואָס באַווייזן, דאַכט זיך, אַמשטאַרקסטן

דינעזאָנס אונטערטעניקייט פאַר פּרצן, זיין אומבאַגרעניצטע גע־האָרכזאַמקייט:

שלום־עליכם האַלט פאָרלעזונגען אין וואַרשע. ער איז איינ־געלאַדן צו די העברעיסטן. פּרץ אָבער איז קעגן דעם, אַז שלום־עליכם זאָל באַזוכן די העברעער. נאָר שלום־עליכם פאָלגט אים נישט, פּרצן, איז פּרץ דערפאַר ביז גאָר אויפגעבראַכט. ער שפּירט זיך אַזש פערזענלעך באַליידיקט. און קוקנדיק אויף פּרצן — פאַלט אויך די שטילע טויב — דינעזאָן אַריין אין גרימצאָרן:

— עך, שלום־עליכמקע, שלום־עליכמקע!... נישקשה, אים, דעם חברה־מאַן. וועט עס שוין טייער קאָסטן דער וויזיט זיינער צו די לשון־קודשניקעס!... — „סטראַשעט" ער האָמזענדיק, די־נעזאָן.

דינעזאָן איז קעגן דעם, אַז שלום־עליכם זאָל שטיין אויף איין ברעט מיט די „לשון־קודשניקעס". דאָס פאָדערט מיט רוגזא דער זעלביקער דינעזאָן, וואָס אויפגעהאָדעוועט האָט ער זיך צווישן די „חכמים פון זאַגער" (אַ שטעטל אין זאַמוט, באַרימט אַמאָל מיט אָנגעזעענע העברעער), די יוגנט פאַרבראַכט צווישן „די קענער פון לופּעלאָוו" (אין מאַהילעוו, אויף דעם דניעפּר — אַ קוואַרטאַל באַוווסט מיט זיינע משכּילים) און וואָס אויך איצט גייט אים אויס איינפאַך דאָס חיות נאָך אַ לשון־קודשדיק וואָרט.

נאָר שלום־עליכמען קאָן ער עס נישט פאַרגעבן דעם איינ־פאַכן וויזיט צו די וואַרשעווער ליבהאָבער פונם העברעישן לשון, ער קאָן עס נישט פאַרגעבן, ווייל אַזוי איז פּרצס באַגער...

דער צווייטער ביישפּיל איז נאָך באַדייטנדער: דאָ האָבן מיר שוין צו טון נישט מיט אַן „אידעע", וואָס לאָזט זיך אַמאָל פאַרבייגן צוליב אַ באַשטימטן צוועק, נאָר טאַקע מיט דעם סאַמע וויכטיקסטן אין דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וואָס איז אין זלוג גאָר אוממעגלעך אויפצוגעבן.

אָט אַזאַ מעשה:

אַ שבתדיקער האַלבער טאָג אינעם חודש תמוז אין לאָדזש. עס ברענט ממש. עס איז דאָ דערשטיקט צו ווערן פון היץ אין דער אַנוואַסערדיקער שטאָט, וואָס איז איינגעהילט אינעם סמאָלענדיקן

רויך פון די פאַבריק-קוימענס. עס בריט אַזוי שטאַרק, אַז אפילו אַלטע חסידים דערלויבן זיך היינט צוליב פיקוח-נפש צו טראָגן אויף די קעפּ ריפּסענע קאַשקעטלעך אָנשטאָט פּוטערנע שטריימלעך. בוכשטעבלעך — נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען.

אינמיטן דערינען — אַ באַגעגעניש:

נישט ווייט פונעם וואַרשעווער וואָקזאַל — שטויס איך זיך אָן אויף אַ דראָזשקע, אין וועלכער עס זיצט פּרץ און לעבן אים קאַטשעט זיך דינעזאָן, וואָס בכלל, אגב, מיידט ער אויס שטענדיק עפּנטלעך צו „פאַרשוועכן שבת".

ווי זיי זעען דאָס אויס ביידע אינעם רייטוואָגן: פאַרחלשטע, אויסגעמאַטערטע. עס רינט פון זיי מיט שווייס. זיי זענען איינגעטונקען אין שטויב. דערהויפּט איז אַ צער צו קוקן אויף דינעזאָנען: ווי דערשלאָגן ער איז. דאָס מויל — אָפן, די אייגעלעך — פאַרגליווערט.

וואָס איז עס דאָ אייגנטלעך געשען? ווער האָט עס זיי אַרויסגעשלעפּט די פּאָר זקנים אין אַזאַ חמימה פון וואַרשע קיין לאָדזש? בפרט נאָך אַזאַ שוואַכן און אַזאַ שטויביקן מענטש ווי דינעזאָן?

און עס ווייזט זיך אַרויס אָט וואָס:

אין וואַרשע שפּילט איצט יידיש טעאַטער. אַ געוויסע אַרטיסטין מאַלווינע לאָבעל פון אַמעריקע. דידאָזיקע מאַלווינע לאָבעל האָט שטאַרק אויסגענומען אין גאַנץ פוילן אַלס אַרטיסטן, און פּרצן איז זי געפעלן געוואָרן נישט בלויז נאָר אַלס אַרטיסטין... היינט אָהנט זענען די לאָדזשער טעאַטראַלן זי מכבד מיט אַ באַנקעט, די לאָבעל. איז פּרץ געקומען ספּעציעל פון וואַרשע, כדי צו באַטייליקן זיך אין דעמדאָזיקן באַנקעט. און דינעזאָן, ברעכנדיק די אַלטע ביינער זיינע — שלעפּט זיך עס נאָך אַלס פּרצעס באַגלייטער.

עס גלייבט זיך עפּעס קוים...

דינעזאָן אַ בעל-שמחה אויף אַ מאָלצייט פאַר אַן אַקטריסע! דערזעלביקער דינעזאָן, וואָס די אייגנאַרטיקע ראָמאַנטישע אוואַנטור אינעם גאַנצן בחורישן לעבן אין זיינעם איז געווען און פאַרבליבן — בלויז עטלעכע בריוועלעך, וואָס ער האָט באַקומען

פון אַן אומבאַקאַנטער פרוי, אַ „גוטן יידס" אַ טאָכטער, וועגן דער פראַגע פון „אייביקער ליבע" — אָט דער דינעזאָן איז עס אויף דער עלטער געוואָרן אַ ווילייִנגערישער ספּאָרט, אַ קאַוואַליער...

בורלעסק!

בורלעסק אָבער איז עס נאָר פאַר אַנדערע און נישט פאַר דינעזאָנען. פאַר דינעזאָנען איז עס נאַטירלעך.

אַזוי וויל דאָך פּרץ!...

3.

דאָס אַלץ איז, וואָס אָנבאַלאַנגט דינעזאָנס באַציונג צו פּרצן. נו, און אומגעקערט: ווי אַ שטייגער פאַרהאַלט זיך עס פּרץ צו דינעזאָנען? מען דאַרף זיך נישט לאַנג גריבלען, כדי אויסצוגעפינען, אַז פּרץ האָט אים שטאַרק ליב דינעזאָנען: ער קאָן אָן אים פּשוט נישט אויסקומען. זעט ער נישט, פּרץ, דינעזאָנען עטלעכע טעג, בענקט ער נאָך אים. איז דינעזאָן עפּעס נישט מיט אַלעמען — פאַלט ער אריין, פּרץ, אין אַזאַ טיפן קומער, אַז עס איז נישט פונאַנדערצו־טרייסלען אים.

און דאָך עקזיסטירט דינעזאָן פאַר פּרצן נישט אַלס אַ לעבעדיקע פּערזענלעכקייט מיט אַלע חושים, נאָר בלויז מיט איינאונאיינציקן גליד פון זיין קערפּער — מיט זיין אויער.

בעת פּרץ, למשל, געפינט זיך אונטערוועגנס (אויסלאַנד — אינם וואַקאַציע־חודש, אָדער אין לאַנד — צוליב פּאָרטראַגן)· שרייבט ער צו דינעזאָנען לאַנגע און אָפטע בריוו. דידאָזיקע בריוו אָבער האָבן מערסטנטייל, לויט זייער אינהאַלט, געקאָנט געשריבן ווערן אויך צו אַן אַנדערן אַדרעסאַט: ס'רוב זענען עס אייגנטלעך נאָוועלען, רייזע־נאָטיצן, פּייזאַזש־באַשרייבונגען, עפּיסטאָליאַרע קונסט און וואָס איר ווילט אַליין, נאָר נישט קיין אינטימער שמועס, וואָס ער, פּרץ, זאָל האָבן פאַרטרויעט נאָר אים, דינעזאָנען. אין פּרצס בריוו צו דינעזאָנען איז כסדר פאַראַן אין אַ פולער מאָס — פּרץ, אָבער נישט אויף אַ האָר אפילו — דינעזאָן.

אָדער: נאָך אַלעמען איז ער דאָך פאָרט, דינעזאָן, אַ שריי·

בער, וואָס האָט פאַרפאַסט ראָמאַנען, דערציילונגען און אַ גאַנץ לעבן געקהלט זיך אין ליטעראַטור אין געעסקט זיך מיט ליטעראַטן — און פונדעסטוועגן איז גאָרנישט שייך, אַז ווער עס איז זאָל זיך דערמאָנען אָן דעמדאָזיקן פאַקט, אין פּרצס אָנוועזנהייט. אויך פּרץ און אַזש דינעזאָן גופא האָבן עס, דאַכט זיך, שוין לאַנג פאַרגעסן:

אָט דערוויסט זיך דינעזאָן עפּעס אַ מעשה, צו אַ ווערטל, וואָס לאָזט זיך פאַרווענדן ליטעראַריש — טראָגט ער עס גלייך אונטער פּרצן. און עס האָט זיך נאָך נישט געמאַכט (אויף וויפיל איך ווייס פון מיינע פּערזענלעכע באַאָבאַכטונגען), אַז פּרץ זאָל זיך אָפּזאָגן פון דידאָזיקע אונטערגעטראָגענע מתנות מיט דעם אויסרייד, אַז ער, דינעזאָן, איז דאָך אויך אַ ליטעראַט, טאָ זאָל ער פּרובירן אַליין אָנשרייבן, וואָס ער דערציילט.

צי אַזאַ פאַקט:

פּרץ טיילט זיך תמיד מיט דינעזאָנען וועגן זיינע ליטעראַרישע פּלענער און טעמעס. נאָר אַז דינעזאָן וואַגט אַריינצוזאָגן עפּעס אַ קריטיש וואָרט — שטעלט אים פּרץ גלייך אָפּ:

— עך, וואָס פאַרשטייסטו, יאַנקל...

פּרץ האָט נישט ליב צו הערן דינעזאָנס „פילאָזאָפיעס״; פּרץ נייטיקט זיך, אַז דינעזאָן זאָל זיך צו אים צוהערן, אָבער נישט, אַז דינעזאָן זאָל זיך פאַר אים אויסרעדן...

5.

עטלעכע צענדליק יאָר נאָכאַנאַנד האָט זיך עס געצויגן אין דערדאָזיקער פאָרם די ליבע צווישן פּרצן און דינעזאָנען.

און ווער ווייסט, מעגלעך, אַז דאָס איז גאָר די איינציקע פאָרם פון ליבע בכלל צווישן צוויי פּערזאָנען, צו וואָס פאַר אַ געשלעכט זיי זאָלן נישט געהערן ?!...

נישטאָ קיין גלייכהייט אין ליבע. אין דער ליבע צווישן צוויי פּערזאָנען מוז איינער זיין — דער באַהערשער, און דער צווייטער — דער באַהערשטער. אַזוי איז עס!

און אַזוי איז אויך געווען און פֿאַרבליבן — דער פּרץ־די־נעזאָן־ראָמאַן.

---

1927.

# דער לעצטער זאָגער
(שלום־עליכם)

די מעשה איז פאַר קיינעם לגמרי קיין סוד נישט: אפילו גאָר די עלטערע און עלטסטע יידישע שריפטשטעלער, סיי די, וואָס לעבן, און סיי יענע, וואָס זענען שוין אַוועק אויף דער אמתער וועלט — שוין נישט גערעדט וועגן די גאָר יונגע און יונגסטע, — האָבן תמיד געקוקט אויף שלום־עליכמען עפּעס מיט קנאת־סופרים־אויגן, וועד נישט באַהאַלטנדיק עס אפילו, כאָטש פון יוצא וועגן, און ווער מאַכנדיק דערביי אַן אָנשטעל, שווייגנדיק פאַרביסן.

— עך אַ ייד — אָט דער שלום־עליכם: ממש אין אַ העמדעלע פון דער מוטערס בויך אַרויסגעדראַפּעט זיך... און טאַקע אַזוי: ווער, אַ שטייגער, פון אַלע יידישע שריפטשטעלער איז נאָך אַזוי באַוווּסט, באַרימט און באַליבט, ווי אָט דער מוצלח?...

ווּהין מען זאָל נישט אַ וואָרף טון אַן אויג, געפינט מען אים, שלום־עליכמען, און נישט עפּעס פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, ווי אַ קוים איינגעבעטענער, נאָר אומעטום און כסדר, ווי אַ גערן־געזעענער, שטאַרק אָנגעלייגטער גאַסט, וואָס פאַרשאַפט דאָס גרעסטע פאַרגעניגן מיט זיין עצם זיצן בלויז אין דער מסיבה, און וועמען מען מאַכט שטענדיק אַ וואַרע, ווי ענג עס זאָל נישט זיין.

אָט, למשל, שטייט ער זיך, שלום־עליכם, מעשה בן־בית, אינם אויבן אָן אויף די סומנע זקניש־אָנגעכמורעטע היכלע פּאָליצעס פון די רבנים און תלמידי־חכמים, רוקן באַ רוקן מיט די אַלטע הייליקע ספרים, און קיינעם פאַלט גאָר אין זינען נישט איין אַ חשד, אַז מען זאָל אים נישט טאָרן מצרף זיין צו דער גאָטס־פּאָרכטיקער און

חשובער עדה. און פּלוצלינג טרעפט מען אים גאָר ליגנדיק אויסגעצויגן עפּעס אין אַן אומגעלומפּערטער פּאָזע — אַ ביסל פּאַשייט און שטיפעריש — אויף אַן אויבערדעק פון אַ פּיאַנע, בשותּפות מיט נאָטן פון ציגײַנערישע ניגונים, פּאָנאָגראַף־טעלערלעך, רוסישע „ניוואַס", „פּאַנאָראַמעס" און אַנדערע „גאַסן־שקצים" ערגעץ־ווו אין אַן אויפנאַם־קאַבינעט פון אַ פּראָווינציעלן דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט, פּונקט ווי אַ פרייִלעכער און גוטמוטיקער ייִד פון יעהופּעץ וואָלט, שפּאַצירנדיק אין אַ זומער־טאָג איבער בויבעריק, אַרײַנגעפאַלן, אין מיטן דערינען אויף אַ פּיקניק פון קונדסים. און אויב מען פילט זיך נישט צו פאַרקירעווען ווען עס איז אין אַ זײַטיק און אָרים געסעלע און אַרײַנפּויזען ערגעץ ווו אין אַ שטיבעלע פונם מין שטיבעלעך, וואָס זייערע פענצטערלעך זענען כמעט צו דער ערד צוגעשאָגן און אָנשטאָט שויבן — שמאַטעס דורכן יאָר, — וועט מען אויך דאָ זיך באַגעגענען מיט שלום־עליכמען, הגם גאָר אין אַ שפּאָגל־נײַער געשטאַלט: הינטערן אויוון אויף אַ סוכּה־דראַניצע, וואָס איז מיט אַ שטריקעלע צו דער סטעליע צוגעבונדן, טוליעט ער זיך, שלום־עליכם, עפּעס אַזוי אָרים און צניעהדיק. פון שבת צו שבת פאַרשטויבט און חנעוודיק, — אין שכנות מיטן חנוכּה־לעמפּעלע, „ספר הגורלות, „קב־הישר", „צאינה־וראינה", „מנורת־המאור", הבדלה־ליכט און נאָך אַזוינע חפצים, וואָס טראָגן אַרײַן אין די יום־טובֿדיקע טעג און אין די רויקע נעכט צופרידנקייט און הרחבת־הדעת אין שטוב.

אַזוי כמעט אינם גאַנצן „תּפוצות־ישראל". און נישט בלויז אין די הײַזער — אויף די פּאָליצעס און לעבן טיש, — נאָר אפילו אונטערוועגנס פאַרגעסט מען אויך נישט מיטצונעמען שלום־עליכמען אינם רענצל אַרײַן, אינײַנעם מיטן טלית־ותפילין, פאַרשריבענע יאָרצײַט־דאַטעס, מוסטער־סחורות, אַמעריקאַנישע אַדרעסן, ציוניסטישע פּראָטאָקאָלן, סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע בראָשורן, און נאָך, און נאָך פיל זאַכן, אין וואָס יעדער ייִד פון אונדזער צײַט ניײטיקט זיך, לויט זײַן מדרגה...

און וואָס מען זאָל נישט זאָגן, נאָר אָט דעם פאַקט איז ממש מאַקע צו באַוווּנדערן.

ווי אַזוי, אַ שטייגער, האָט עס פּאַסירט?

אָט אפילו באַ אונזערע שכנים אין אייראָפּע און טיילווייז אויך אין אַזיע, וווּ נאָך פון אוראַלטע צייטן הערשט דער מנהג אַזש אין די קעניגלעכע פּאַלאַצן צו קוקן אויפן „טרויעריקן זינגער“ און „פריילעכן מעשיות-דערציילער“, ווי אויף די אויסדערוויילט-סטע פונם לאַנד — איז דאָך אויך בעצם אַ זעלטנהייט, אַז אַ שריפטשטעלער זאָל זיין אַזוי באַרימט אין דער גאַנצער אומה, ווי שלום-עליכם, למשל, באַ זיין פאָלק. היינט, אַ פשיטא שוין איז עס טאַקע אַ ווונדער צווישן יידן, ווו דאָס רוב קאָן נאָך ביזן היינטיקן טאָג בשום אופן נישט תופס זיין אַ ספר מיט געדרוקטע אותיות, לגמרי אָן מוסר און אָן דביקות, פונקט, למשל, ווי עס קאָן נישט באַנעמען אָן אויסגעשניצטן לייב אָדער אָדלער אָן אַן ארון-הקודש, — און דער פיצינקער מיעוט, וואָס האָט זיך שוין כּלומרשט יאָ צונויפגעשמאָלצן מיט דער ברייטער וועלט און מיט אַלץ, וואָס אויף דער וועלט און אַנגעהויבן, דאַכט זיך, צו קוקן אויף ספרים און שניצונגען מיט מענטשלעכע אויגן, און נישט נאָר דורך יידישע פאַרצייטיקע שטעטלדיקע שפּאַקולן, איז דאָך שוין כמעט אַ כלל, אַז אַ חוץ טאַקע איינציקע אויסנאַמען, — ווי נאָר ווער עס איז פון אָט דעם מיעוט, שפּרינגט אַריין אַ ווייַ-לעטשקע „אהיים“, הייבט ער גאָר אָן קודם כל צו זוכן דאָס אַלטע בית-המדרש מיטן הדר-שניריקן ספרים-שראַנק, און די אויגן דער-זעען בלויז די סידורים און תהילימס פון די חדר-יאָרן...

דאָס זענען אַלץ פאַקטן, וואָס שטעכן ממש די אויגן.

נאָר צו שלום-עליכמען קלעבן זיך עפּעס נישט צו אָט די פאַקטן, פונקט ווי ער, שלום-עליכם, וואָלט געשטאַנען אויסער אַלע אונזערע חשבונות.

פאַרוואָס אָבער איז דאָס אַזוי?

אגב רעדט מען שוין וועגן שלום-עליכמען, טאָר מען דאָך דערביי באַך אָן איין זייער וויכטיקן אמת נישט פאַרגעסן:

שלום-עליכם, ווערדליק מיר קענען אים איז דאָך נישט אַריינ-געקומען אין דער וועלט עפּעס מיט אַזאַ ניי וואָרט, וואָס זאָל פאַרמאָגן די געהעריקע קראַפט צו נייטן אַלעמען אויסהערן זיך...

און פונדעסטוועגן אפילו באַ אָט די אַלע נישט גינסטיקע אומשטענדן און אין אָט אַזאַ פאַרגליווערטער פרושדיקער סביבה האָט שלום־עליכם דאָך זוכה געווען צו אַזאַ אינעווייניקסטער ליבע און צו אַזאַ דרויסנדיקן פרסום, וואָס זעלטן, אַז אַ שריפטשטעלער בכלל זאָל עס דערגרייכן ווו נישט איז אין אַזאַ אויסטערלישער מאָס.

איז עס דען נישט ממש אַ וווּנדער?

---

ס'פאַרשטייט זיך: זייער פיל און נאָך פיל האָבן דאָ צו זאָגן די באַוווּסטע שלום־עליכמשע ספּעציפישע מעלות: מאָדימשע איינפאַלן, קאָמישע ווערטלעך, זעלטענע המצאות, לוסטיקע שפּיצלעך, מאָדנע מעשיות וכדומה. מיט אַזוינע מעלות נעמט מען טאַקע שטאַרק איס באַ מענטשן פון יעדן פאָלק: עס איז פריילעך און לעבעדיק, צוגענגלעך און אָנגענעם...

און דאָך נישט בלויז פון אָט די גוטע און חנוודיקע מעלות אַליין שטאַמט עס שלום־עליכמס געוואַלטיקער פרסום צווישן יידן מיר דאַכט זיך, אַז אָט דער פרסום נעמט זיך אויך פונם פאַקט, און אפשר איבערהויפּט פון דעם פאַקט, וואָס עס איז ממש זעלטן־ווו אויף דער וועלט בנמצא נאָך אַ קינסטלער, וואָס זאָל אין דער פאָרם, אינם נוסח פון זיין שאַפן (ביאַליקס אויסדרוק) — און דאָס איז דאָך סוף כל סוף די הויפּט־זאַך באַ יעדן שריפטשטעלער און דענקער — זיין אַזוי צוגעפּאַסט און אַזוי צוגעריכט צום גוסט און שטייגער פון זיין אומה, ווי שלום־עליכם צום גוסט און שטייגער פונם יידישן פאָלק.

שלום־עליכם איז דאָך, בעצם, נישט בלויז דער גרינדער פון דער נייער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, נאָר אין דערזעלביקער צייט אויך דער גלענצנדסטער און אפשר טאַקע דער סאַמע לעצטער פאַרענדיקער פון יענעם פעריאָד צווישן יידן, בעת איבער די געטאָ־ווענן האָבן נאָך אומגעוואַנדערט פון קהלה צו קהלה אין שורותווייז די וואַרעמע זאָגערס, די האַרציקע חזנים, די לייכטזיניקע קלעזמער, די לוסטיקע בדחנים און די מרה־שחורהדיקע שניצער

און מאָלער, וואָס זענען נאָך נישט געווען דעמאָלט אָפּגעצוימט פונם פאָלק און פון די פאָלקס־השגות מיט דער קאַלט־קרישטאָלענער מחיצה פון קינסטלערישקייט.

אָט, למשל, די ליבע און טרויעריקע געשיכטע וועגן מאָטל פייסי דעם חזנס האָט דאָך אייגנטלעך דערציילט נישט עפּעס אַ היינטוועלטיקער, פאַרזיכטיקער קינסטלער, וואָס וועגט אויפן עסטעטישן בעזמען איטלעך וואָרט און מעסט מיט אַ צירקל יעדן טריט, נאָר יענער וואַרעמער און באַרעדעוודיקער זאָגער, וואָס פלעגט דערציילן זיינע מעשיות שטענדיק פאַר אַן עולם אויפן מאַרק און אינם בית־המדרש, נישט האָבנדיק דערביי קיין אויסגערעכנטן פּלאַן און נישט שאַנעווענדיק קיין פאַרבן, און וואָס דאָס פאָלק האָט אים פון אייביק אָן אויסדערוויילט, ווי זיין נאָענטסטן און ליבסטן סיי אין פריידן און סיי אין ליידן.

און אָט דער פאַרצייטיקער „זאָגער" איז עס געווען שלום־עליכמס מדריך נישט בלויז אין דער „קונסט", נאָר אומעטום און כּסדר, ווי ער פלעגט זיך קערן און ווענדן.

למשל, אַזאַ פאַקט, וואָס איז, ווי מיר דאַכט, זייער וויכטיק אינם פּרט פון פאַרשטיין שלום־עליכמס געשטאַלט גופא און אויך די גייסטיקע צורה פון דער סביבה, וואָס האָט אים אויפגענומען און אָנגענומען.

די, וואָס האָבן נאָר געהאַט ווען עס איז די געלעגנהייט צו טרעפן זיך סיי אינדערהיים און סיי אין די מדינות און לענדער מיט שלום־עליכמען און כאָטש אויבנאויפיק צוצוקוקן זיך צו זיינע לעבנס־געגנג און פירונג, וועלן עס, דאַכט זיך, באַשטעטיקן, אַז עס איז ממש זעלטן צו געפינען אַ מענטש אפילו צווישן די געוויינטלעכע בשר־ודמס, וואָס זאָל זיך בעצם אַזוי ווינציק נייטיקן אין „התבודדות", יחידות", אָדער כאָטש אין אַ פאַרזיכטיקער אינטימער אַטמאָספערע און אַזוי קנאַפּ וואָס מדקדק זיין דערויף, ווי, אַ שטייגער, דער, פון אַלעמען צונערקענטער, שריפטשטעלער שלום־עליכם. קליינוווקסיק, רירעוודיק, מיט אַלעמען גוט־ברודעריש און עפּעס מאָדנע אויסגעפּוצט — קלעזמעריש פראַנטיש — האָט ער זיך תמיד עפּעס אין אַ הוי־האַ געפונען. פּונקט ווי דער „אַמאָליקער

חבר" זיינער, דער האַרציקער חזן, צווישן זיינע משוררים ערב ימים־נוראים „שאַרפט דעם האַלז" און „שטעלט איין דעם כאָר" אין מיטן העלן טאָג, פאָכענדיק מיטן קאַמערטאָן, בעת אַרום די פענצטער, ווי לעבן אַ חופּה־שטוב, שטייען די חודש־אלולדיקע ליידיקגייער מיט די אַראָפּגעבייגטע אויערן און האָרכן, קוויקנדיק זיך מיט די סקאַרבאָווע ניגונים, — אַזוי פלעגט שלום־עליכם, אפילו בײַ אַזוינע, אין פלוג גענומען, „באַהאַלטענע" זאַכן, ווי שאַפן זיינע ווערק, אויך נישט שפּירן קיין שום שעמעוודיקייט אָדער אומאָנגענעמלעכקייט, אויב דאָס פלעגט אים אויסקומען צו טון אָפן... דאָס לחלוטין פרעמדע אויג, וואָס איז אָפט אפילו פאַר דעם פּשוטן בעל־מלאכה אַ שטערונג אין דער אַ ר ב ע ט, האָט שלום־עליכמען, דעם קינסטלער, דווקא קיינמאָל נישט געקימערט אין זיין שאַפן.

און נישט געקימערט און נישט געשטערט האָט עס אים נישט מחמת דעם, וואָס ער זאָל עס האָבן נישט באַמערקט, פונקט ווי מען דערציילט וועגן די לעגענדאַרישע מבוהלדיקע דערפינדער, צעשטרייטע דיכטער און אין מחשבות־פאַרזונקענע דענקער, נאָר דערפאַר, ווייל טאַקע אונטער דער זלידנער השגחה פונם פ ר ע מ ד ן אויג און צווישן דעם טומלדיקן קידער־ווידער פונם ערב־רב מיט זיינע ווילדע און אויסגעמישטע קאָלירן, האָט זיך שלום־עליכם געפילט עפּעס אַזוי היימיש און געמיטלעך, ווי, צום ביישפּיל, טוביה דער מילכיקער, וואָס איז, אגב, בתוך אויך אַ „זאָגער" געווען, פאָרנדיק פאַרנאַכט פון די דאַטשעס צוריק אַהיים אויף זיין וועגעלע מיט די אויסגעליידיקטע מילך־כלים, בעת ער פירט אַ לאַנגן און ברייטן שמועס מיט אַן עובר ושב אָדער מיט אַ באַקאַנטן ייד.

אין וואָס פאַר אַ מסיבה שלום עליכם זאָל זיך נישט האָבן געפינען, איז ער תמיד גרייט, אין מיטן דערינען, אַרויסצוציען פון בוזים־טאַש אַ נאָטיץ־בוך און זיך אַנידערזעצן שרייבן עפּעס „אַ מעשה", צאַצקלענדיק און קרייזלענדיק דערביי מיט דער גרעסטער הנאה יעדעס אות און פינטעלע, פונקט ווי דער „צווייטער חבר" פון פאַרצייטן — דער מרה־שחורהדיקער שניצער, וואָס פלעגט אין די ווינטערדיקע פאַרנאַכטן לעבן דעם „עין־יעקב"־טיש אינם בית־המדרש, בעת עס פלעגט זידן און קאָכן, „טאָקן" אַ

מהודרדיקן „איזהו״ מיט לייבן און לעמפערטן אדער אַ „הנותן־תשועה״ מיט אַן אָדלער...

דעם עצם חשק צו שאַפן אפילו דעם אימפעט דערצו, פלעגט אין אים אויך אונטערשטופן, אין שלום־עליכמען, די זשומענדיקע גאַס. אַזוי פלעגט זיך עס פירן שלום־עליכם. אָט די אַלע תנועות אָבער זענען דאָך טאַ״ע די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונם פאַרצייטיקן „זאָגער״.

באמת: אָט, למשל, י. ל. פרץ און דער זיידע ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים זענען אויך בעצם גאַנץ גרויסע מקורבים צוםברייטן עולם. ווי גרויס אָבער איז דער אונטערשיד צווישן זיי און שלום־עליכמען.

פרץ — דער סעאַטער־מענטש פונם קאָפּ ביז די פיס, דער געבוירענער — און בלויז אפשר צופעליק נישט געוואָרענער — אויסגעצייכנטער אַרטיסט, וואָס האָט אין יעדער זאַך קודם כל געזוכט נאָר די באַפּוצונג, דעם ד ע ק אָ ר אַ ט י וו ן גלאַנץ, האָט תמיד אַלע זיינע יאָרן געגאַרט נאָר נאָך פאַר דער סצענע טויגנדיקע בילדער: אין גאַס, אַ שטייגער, האָט ער נאָר ליב די גרויסשטאָטישע פאַרנאַכטן, בעת דאָס טויזנטערקעפּיקע פובליקום, טוקנדיק זיך ווי אין בלוילעכער ליכטיקייט און העלן־וויטרינען־און רעקלאַמען־שיין, שפּאַצירט זיך אום געלאַסן און שטאָלץ, אָנגעזינצלט און שמייכלענדיק אַהין און צוריק, ווי פאַרגרימירטע סטאַטיסטן... אינם פעלד און אינם גאָרטן — חלומען זיך פרצן כסדר פּאַסטאָראַלן פון מאַסקן־בעלער, און ער קוקט אַרויס נאָר אויפן פריילינג און פריילינג־פאָרלעך אויף די בענק און צווישן דיביימער... און אפילו אין שול און אין מנין אַריין ציט אים נישט סתם דער ציבור, נאָר דאָס לאַנגזאַמע יום־טובדיקע דוכנען מיט די אויסגעשפּרייטע הענט פון די כהנים, צי די יום־כּיפּורדיקע „עבודה״ מיטן הערלעכן „כורעים״־פאַלן, אָדער אַ סיום־התורה־פּאַראַד מיט טענץ, ראַקעטעס, באַכטישע חופּות אין קלעזמער.

צי דער זיידע ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים: ווו ער שטייט און ווו ער גייט, זוכט ער נאָר מאָדעלן פאַר מאָנומענטן־בילדער. זייענדיק אַליין אויף אַלע קנעפּלעך פאַרשפּיליעט און פון אַלע זייטן

פאַרדעקט, אַזש קוים דאָס פּנים זעט זיך אָן, — קריכט ער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און באַווייזט זיך אויף די פעלדער נאָר אין די צייטן פון זריעה און פון שניט, בעת די פויערים און פויערטעס שטייען אונטערן זונענדיקן הימל און בעטן באַ גאָט הילף אין זייער האָרעוואַניע אָדער זיי דאַנקען אים פאַר זיין גנאָד...
אינעם מאַרק קאָן מען אים זעען נאָר אין די זונטיקן אָדער אין די יאַריד־טעג. און אפילו אין שול און איגעם בית־המדרש שפּרייזט ער אַריין נאָר עפּעס באַ אַ וויכטיקער מחלוקת אָדער באַ אַ גרויסער שקלא־וטריא צווישן חריפים און בקיאים.
סיי דער זיידע ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים און סיי י. ל. פּרץ זענען מאָדערנע קינסטלער געווען, און ווו זיי זאָלן נישט פאַרבלאָנדזשען, האָבן זיי אומעטום און שטענדיק געזוכט אַ באַשטימטן סטיל און סדר, דעם תּמצית פונעם פאָלקס־איינקומעניש און פונעם מענטשלעכן לעבן, וואָס דריקט זיך אויס אַמשטאַרקסטן אין די רויקע שבתים און אין די אָן־דאגהדיקע ימים־טובים.
אָבער שלום־עליכם?
שלום־עליכם האָט ליב געהאַט טאַקע די גאַס גופא און דעם עצם מאַרק, ווי זיי שטייען און גייען; מלא שמחה איז ער פון זייער צעשויבערטן און פאַרשמירטן אויסזען, נישט שפּירנדיק אפילו קיין שום הצטרכות דורכצופירן עפּעס אַ באַשטימטן פּלאַן אָדער איינצופירן אַ געוויסן סדר אינעם תּוהו ובוהו. דער לעבנס־סטיל פונעם „זאָגער״, ווי אַ טיפּ, איז דאָך טאַקע די אומסטילישקייט...

---

אָט אַזוי האָט עס שלום־עליכם אַליין געלעבט און אויך דאָס לעבן פון אַנדערע אויפגעפּאַסט „זאָגעריש״, אומסטיליש און פּונקט אָט אַזוי אויך קינסטלעריש געשאַפן.
עס איז דאָך נישט עפּעס אַ קאַפּריזנע העויה פון אַ צופאַל. בלויז דער פאַקט, וואָס שלום־עליכם האָט נאָך אפילו דעמאָלט, בעת ער איז גאָר אַ ייִנגערמאַן געווען, שוין אויסדערוויילט פאַר דער הויפּט־פאָרם פון זיין שאַפן דווקא דעם פּלאַפּלענדיקן אָנפאָרמדיקן מאָנאָלאָג, צו וואָס ער האָט זיך נאָכדעם אַזוי צוגע־

פונדן, ממש מיט לייב און לעבן אויף אַלע זיינע יאָרן און טעג, עפּעס ווי צו אַן אייביקער באַשערטער.

נאָר טאַקע אין די ראַמע פונעם מ אָ נ אָ ל אָ ג, וואָס ווייסט נישט — לויט זיין עצם טבע — נישט פון קיין אָנהייב און נישט פון קיין סוף, למשל, ווי שלום-עליכמס בעסטער גוטער פריינט, טוביה דער מילכיקער, בעת ער צעפלוידערט זיך און צעדרשנט זיך עפּעס אין אַ סיפור-המעשה, — און וואָס וויל לכתחילה נישט וויסן פון קיין שום פּערספּעקטיוו, פון קיין שום אויסגעהאַלטנקייט און אויסגעמאָסטענער ב פ י ו נ ד י ק ע ר באַגרענעצונג, אגב, די ריכטיקסטע און בעסטע סימנים פון סטיל און אפשר פון קונסט בכלל — האָט שלום-עליכם געקאָנט איינפּאַסן זיך גופא — דאָס בילד פונעם פּאַרצייטיקן יידישן „זאָגער" און אויך געפינען אַ גערוימען פּלאַץ פאַר זיין טומל-האַרמידערדיקער יידישער גאַס, ווו עס איז באַ אים שטענדיק אַזוי אָנגעוואָרפן און אָנגעשליידערט, נישט דורכצוקלערן, פונקט ווי אין אַ קהלשן שפּייכלער נאָך אַ שרפה... די מאָנאָלאָג-פאָרם — דאָס איז דער ריכטיקער פּאָרטרעט פון שלום-עליכמען, פון אָט דעם בריים-באַרעדעוודיקן-ייד, וואָס געפינט זיך תמיד צווישן לייטן, און ווו ער שטייט און גייט האַלט ער אין איין „ז אָ ג ן"...

און אָט די איינגעגעסענע אומסטילישקייט, וואָס שלום-עליכם האָט, לויטן „זאָגערישן" אופן, כמעט אין אַ סטיל פאַרוואַנדלט, איז טאַקע, דאַכט זיך מיר, — חוץ, פאַרשטייט זיך, זיין גאַנץ גרויסן ליטעראַרישן טאַלענט — איינע פון די גרינג לעכסטע סיבות, וואָס סוף כל סוף נאָר ער אַ ל י י ן און נישט דער זיידע ר' מענדעלע מוכר-ספרים און אויך נישט י. ל. פרץ, שוין נישט גערעדט וועגן די שריפטשטעלער פון די יינגערע דורות, — האָט זוכה געווען צו אַזאַ געוואַלטיקן פּרסום אין גאַנץ תפוצות ישראל פון אַלע מדינות און לענדער און איז, אָן אַ גוזמא, פאַרוואַנדלט געוואָרן עפּעס אין אַ וויכטיקן און בייטיקן חלק פון דער גאַנצער יידישער בעל-הבתישקייט אין יעדער שטוב אָן אַן אויסנאַם פונעם גראַד און פון שטאַנד.

דער יידישער קרעמער, דער יידישער מסחר-מענטש און אפילו דער יידישער בעל-מלאכה, וואָס איז, דעם אמת גערעדט,

אינם טאָג־טעגלעכן לעבן, אין גאַס, קיינמאָל נישט געווען קיין שטאַרקער אויסקלויבער אין פאָרם, סטיל און מאָס, דערהערנדיק פון שלום־עליכמס מויל אַזוי פיל טרויעריקע און קאָמישע געשיכטעס וועגן זיין שלימזלדיקן און אומעטיקן דורכשטופן זיך אויף דער וועלט, איז געבליבן אויף אייביק דאַנקבאַר שלום־עליכמען דערפאַר, וואָס אָט די געשיכטעס זע.ען דערציילט געוואָרן אויפן אַלטן און באַקאַנטן „זאָגערישן" שטייגער, כמעט מיט די אייגענע תנועות און העויות און אין דערזועלביקער אומסטילישער פאָרם, וואָס איז אַזוי נאָענט, פונקט ווי דער פאַרשמאָדערטער און פאַרשמוצטער קרעמערישער ירושה־כאַלאַט, וואָס איז צוגויפגעוואַקסן מיטן לייב.

און אָט די דאַנקבאַרקייט צו שלום־עליכמען, צו דעם *אייגענעם זאָגער*, האָט עס דער דורכשניטלעכער ייד איבערגעגעבן ווי אַ צוואה, אינאיינעם מיט אַ גאַנצן צעטל יאָרצייטן פון דור־דורות, — צו קינדער און קינדס־קינדער:

— היט אים, ליבענקע, שאַנעוועט אים, טייערינקע: *אונזערער* איז ער!

און די קינדער און קינדס־קינדער, הגם זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַ ביסל צו סטיליזירן, דאָך פונדעסטוועגן — יעדערער אויף זיין אופן — ציטערן זיי איבער שלום־עליכמען, עפּעס ווי איבער אַ זעלטענעם ירושה־חפץ:

דער לעצטער און גלענצנדסטער „זאָגער" צווישן יידן איז ער דאָך, שלום־עליכם, און איטלעך וואָרט איז טייער...

1918.

# דער לעצטער בערלינטשיק
(דוד פרישמאַן)

טרויעריק איז געווען פרישמאַנס לעבן אין די לעצטע יאָרן, וואָס פאַר זיין טויט. כסדר האָט מען געהאַט צו אים טענות. די הויפט-אָנקלאָגער קעגן אים זענען עס געווען די שריפטשטעלער פונם נייעם דור: — פרישמאַן איז נישט עכט. פרישמאַן איז נישט אָריגינעל. נישטאָ אפילו קיין איין באַשטימטער געדאַנק, וואָס זאָל זיין דירעקט און ספּעציעל פאַרבונדן מיט פרישמאַנס נאָמען, ווי עס איז דער פאַל מיט יעדן, מער אָדער ווייניקער, באַדייטנדן שריפטשטעלער. פרישמאַן איז אַ נאָכמאַכער פון פרעמדע מוסטערן (דערהויפּט דייטשישע) און אַן איבערזעצער פון פרעמדע ביכער. ער האָט מאַנירן, פרישמאַן, ער פאַרמאָגט אָבער נישט קיין סטיל. היינט זיין קלאַסישער פּראָווינציאַליזם: גרייט ממש צו בוקן זיך פאַר עפּעס אַ ליאַדע דייטשישן שרייבערל, און צווישן אונדז יידן גופא — פיל יאָרן נאָכאַנאַנד נישט דערזעען און ביז צו ענדע נישט דערשאַצט, אפילו אַזאַ ריז ווי חיים נחמן ביאַליק, און קיינמאָל נישט געהאַט קיין ריכטיקן פאַרשטאַנד פאַר אַזאַ פיגור, ווי אחד-העם — די צוויי באַדייטנדסטע פערזענלעכקייטן פון צוויי דורות.

און נאָך און נאָך זאַכן פון דעמדאָזיקן מין ווייזט מען אָן, וואָס זענען באַשטימט נישט קיין מעלות פאַר פרישמאַנען אין אַלע הינזיכטן.

אין פלוג גענומען ביז גאָר גערעכטע טענות. און דאָך באַגייען זיי, פרישמאַנס באַשולדיקער, אַ גרויסן און וויכטיקן פעלער. זיי ווייסן נישט, די באַשולדיקער, אָדער ווילן נישט אָנערקענען, אַז אָט די אַלע אויף די פינגער אויסגעציילטע חסרונות

וואָס מען רעכנט אַרויף מיט אַזאַ ברייטקייט און ב כהאַלטערישער פּינקטלעכקייט אויף פרישמאַנס פערזענלעכער קאָנטאָ (און נאָר אויף זיין קאָנטאָ) זענען בעצם גאָר „דעפעקטן“ פון אַ געוויסן היסטאָרישן פעריאָד אינם גייסטיקן לעבן פון דער יידישער אומה. און פרישמאַן גופא איז עס דאָ געווען בלויז דער ריכטיקער אויסדרוק פון דעמדאָזיקן „דעפעקטיוון“ היסטאָרישן פעריאָד. פרישמאַן איז קיינמאָל נישט געווען קיין „פרייע מוזע“, נאָר שטענדיק — אַ יידישע קולטור־געשיכטע.

אמת, דאָס באַווייזט, אַז פרישמאַנס שאַפונגס־קראַפט איז געווען באַגרעניצט (נאָר גרויסע טאַלאַנטן ווערן דאָך נישט געחשבונט מיט צייט און נישט געמאָסטן מיט רוים). מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן: שטענדיק זיין געטריי דער אייגענער צייט און אין אַלעם — איז גאָרנישט אַזאַ ענין, וואָס וואַלגערט זיך אין די גאַסן. פיל גרעסערע האָבן צו דעם נישט דערגרייכט. און דווקא דוד פרישמאַן האָט עס אין דעם פרט זייער ווייניק קאָנקורענטן בײַ אונז.

אָט אַ שטייגער, די צייט, וואָס קאָן מיט רעכט באַצייכנט און כראַנאָליגירט ווערן אַלס די פרישמאַנישע. איך מיין: די אַזוי גערופענע השכלה־עפּאָכע (איך רוף דידאָזיקע עפּאָכע די פרישמאַנישע, ווייל אין איר שוין האָט ער זיך פאַרמירט אַלס שריפטשטעלער און מיט איר לופט האָט ער עס געאָטעמט ביז דער לעצטער רגע, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס צוליב העברעישע, צוליב שפּראַכלעכע אָנגעלעגנהייטן, הייסט עס, האָט ער זיך אפילו פאַרמאָסטן איבערצוזעצן ניטשען און וואילדען). צווייערליי אינטעלעקטועלע טיפּן האָט זי פאַרמאָגט, אָט די עפּאָכע.

איין טיפּ: דער ערנסטער, זאַכלעכער אויפקלערער, וואָס איז אויסן געווען מיט דער וויסנשאַפט, דאָס הייסט מיט דער אָנגעזאַמלטער דערפאַרונג פון די אייראָפּעישע פעלקער צו באַלייכטן אונזער פינצטערן בעדויגישן געטאָ.

דאָס איז געווען אַ געוואַלטיקע אונטערנעמונג. אום דעמאָלט צו לאָזן זיך אויף אַזאַ זאַך, האָט מען ווירקלעך באַדאַרפט פאַרמאָגן איבערמענטשלעכן און אפשר איבערנאַטי׳לעכן מוט. און דע־

ריבער איז אָט דער סאָרט משכיל געווען עפּעס מער, ווי אַ מאָ־
דערנער רעוואָלוציאָנער. איר האָט דאָ פֿאַר זיך אַ ה ע ר אָ י ש ן טיפּ,
וואָס ווי ער זאָל זיך נישט קערן און ווענדן, זוכט ער נאָר דעם
אַבסאָלוטן אמת, דעם סאַמע עיקר, דעם תּוך, דאָס וויכטיקסטע.
און דער גרעסטער העלד פֿונעם דאָזיקן העראָישן טייל אין דער
השׂכּלה־עפּאָכע איז אָן צווייפֿל — משה לייב ליליענבלום. דער לי־
ליענבלום, וואָס בעת ער איז געווען באַרימט אַלס גדול־התּורה אין
דער ליטע און באַוווּסט אַלס ווילקאָמירער ראש־ישיבה איז ער איינ־
מאָל אין אַ פֿרימאָרגן געקומען צו זיינע תּלמידים אין בית־המדרש
און איינפֿאַך דערקלערט, אַז פֿון היינט אָן און ווייטער איז ער
אויס רבי און וועט שוין מער פֿאַר זיי דעם שיעור גמרא נישט
זאָגן, ווייל... ווייל אין דער פֿאַריקער נאַכט, ליגנדיק אויף זיין
געלעגער, האָט ער פּלוצלינג אָנגעהויבן צו צווייפֿלען אין דעם.
צי איז טאַקע דער תּלמוד ווירקלעך געגעבן געוואָרן פֿון גאָטס
הענט אַליין צו משהן, דעם זון פֿון עמרם, אויף דעם הייליקן באַרג
סיני...

אַ פֿאַקט, וואָס ווען מען טראָגט אים אַריבער פֿונעם זאַמוטער
שטעטל אויף אַ וועלט־פֿאָרום. שטייט מען דאָ געזיכט צו געזיכט
מיט אַ פּערזענלעכקייט, וואָס געהערט צו דער גרויס־יחוסדיקער
פֿאַמיליע פֿון דזשאַרדאַנאָ ברונאָ, פֿון גאַליליי און צו נאָך עטלעכע
איינציקע פֿון דער דאָזיקער אויסדערווײלטער משפּחה.

דערפֿאַר אָבער — דער צווייטער טיפּ פֿון אונזער אויפֿקלע־
רונגס־פּעריאָד איז שוין גאָר פֿון אַ גאַנץ אַנדער טייג געקנעטן.
דאָס איז דער טיפּ פֿונעם אַזוי גערופֿענעם „בערלינטשיק".

דער דעמאָלסטיקער אַקציזניק, בעת דער גאַנצער רוסישער
בראָנפֿן איז געלעגן דורכאויס אין יידישע הענט; דער רייכער
קעסט־איידעם, ווען עס האָט דערעסן דער מיט חלב־פּאַרטריפֿטער
שטענדער, די קאַפּאָטע ביז די פּיאַטעס, די פּאות ביז די אַקס־
לען, די שפּיציקע יאַרמולקע, ווי אַ דולהויז־קאַלפּאַק אויף דעם
קאָפּ און דאָס שפּרינגען ווי אַ ציג מיט שוסטער און מיט שניידער
שמחת־תּורה אין בלאָטע; דער פּראַנטישער יינגערמאַן, וואָס האָט
שוין געכאַפּט אַ קוק אויף דער גרויסער וועלט (מערסטנטייל דורך

אַ רייזע מיט דעם שווער אָדער עלטערן שוואָגער קיין לייפּציק, צי קיין קעניגסבערג אויף די יאַרידים) און באַ וועמען די בלוטן האָבן זיך אַזוי צעשפּילט, אַז ער, דער ייִנגערמאַן דערדאָזיקער, איז אַרויס מיט לשון קעגן דעם זקנישן יידישקייט, פאָדערנדיק אַ קורץ רעקל און פּאַנטאָלאַנעס אַראָפּגעלאָזט אַריבער די שטיוול־כאָליעוועס — פאַר זיך; אייגענע האָר און אַ געקאַכלטע ציכטיקע מקוה — פאַר דעם ווייב; טיי אום שבת נישט פון אַ טשאָלנט־כּלי; ווינציקער וואַרטן צווישן פליישיקס און מילכיקס — פאַר דעם מאָגן און אַ דייטשע, אָדער רוסישע צייטונג פאַרן גייסט.

מיין איך דאָ נישט צו רעדן שלעכטס אויף דעמדאָזיקן בערלינטשיק־טיפּ, אָדער אָפּצושפּאָטן פון אים. אומגעקערט: היגיענע און קאָמפאָרט — זענען וויכטיקע זאַכן אין אַלע צייטן. בפרט נאָך אין אַזאַ צייט, בעת מען לעבט טאָג־טעגלעך אין באָד־געסל און מען קריכט קיינמאָל נישט אַרויס פון יאַטקע־לאָך. אין אַזוינע מקומות איז אפילו בלויז צו דענקען וועגן אַזוינע זאַכן שוין אויך אַ גענוג געוואַגטער אויפטו: אָט דאָס איז דאָך אָבער דער הויפּט־מהות פונם בערלינטשיק, אין אַלעם זוכט ער נאָר דאָס אויסערלעכע, דאָס דעקאָראַטיווע, די „מאָדע״.

און דער גייסטיקער פּאָנען־טרעגער פונם בערלינטשיק פון אונזערן, זיין קינסטלערישער שיין־גייסט, דער עסטעט זיינער (פאַרשטייט זיך, אין אַן אויסגעקריסטאַליזירטער און אָפּט אָרנאַמענטיש מייסטערישער פאָרם) איז עס געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דוד פרישמאַן אין אַלע זיינע מעשים און שטענדיק.

פון דעם שטאַמט עס, וואָס דוד פרישמאַן האָט פאַרמאָגט בלויז מאַנירן און נישט קיין סטיל, אָדער, וואָס ער האָט כּסדר נאָכגעמאַכט פרעמדע מוסטערן און איבערגעזעצט פרעמדע ביכער, אפילו אַזוינע ביכער אגב, וואָס האָבן עס גאָרנישט פאַרדינט, צו וואָס ער האָט ממש אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן אופן, ווען און ווו דאָס זאָל נישט זיין, מבטל געווען „אייגענע״, כאָטש זיי קומט עס נישט און געהויבן אין הימל אַריין דעם „גוי״, ווען זאָגאַר ער איז אויף דעם נישט באַרעכטיקט. — דאָס ליגט אין דער עצם נאַטור פונם היסטאָרישן בערלינטשיק.

און מערקווערדיק איז, וואָס דידאַזיקע טבע פרישמאַנס האָט זיך קיינמאָל אַזש אויף אַ האָר נישט פאַרענדערט, אפילו דעמאָלט, ווען די ריכטיקע, נאַטירלעכע אוידיטאָריע איז שוין געווען אינ־גאַנצן אויסגעשטאָרבן, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּל פונם אויג האָט ער זיין גאַנץ לעבן אָפּגעהיטן די ראָל, וואָס איז אים פאַרטרויט גע־וואָרן פון זיין דור און פון זיין סביבה נאָך אין די סאַמע יוגנט־יאָרן.

אויך דאָס אויסערלעכע אויסזען און דאָס אויסערלעכע באַנעמען זיך דערמאָנט דאָס געשטאַלט פונם אַמאָליקן בערלינ־טשיק.

איך צווייפל שטאַרק, צי האָט ווער עס איז באַגעגנט פריש־מאַנען נישט קיין אויסגעפוצטן, תמיד אין אַ קעמעווי און אין אַ האַרטן דיפּלאָמאַטישן קאַפּעליוש און נישט שיטנדיק אפּיקורס־ישע וויצן אין דייטשמעריש.

---

און דעריבער:

נישטאָ לגמרי פאַרוואָס צו האָבן טענות קעגן פרישמאַנען און נישטאָ אַבסאָלוט אים אין וואָס צו באַשולדיקן. נישטאָ און עס קאָן גאָר נישט זיין.

דוד פרישמאַן איז נישט קיין מענטש פאַר זיך, נאָר בלויז אַ געטרייער שליח פון אַן עפּאָכע, וואָס איז שוין לאַנג־לאַנג מיט גראָז באַוואַקסן. נישטאָ נאָך קיין אייגאיינציקער יידישער שריפט־שטעלער פון די, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ און גלייכצייטיק מיט אים, מיט פרישמאַנען, געווירקט אויף אַנדערע, וואָס זאָל זיין אין אַזאַ מאָס דורך און דורך פאַרגאַנגענהייט, ווי ער. דוד פרישמאַן איז די טיפע און די ווייטע פאַרגאַנגענהייט.

צו דער טיפער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט אָבער דערלאַנגט מען נישט קיין וועקסלען. דאָ קאָן מען קומען בלויז מיט נייגירי־קייט. און די נייגיריקייט טאָר נישט גיין צו ווייט. זי מוז זיך פירן זייער טאַקטיש (אויפגעהויבן די פאָרהאַנג, אַ קוק געטון און תיכף — צוריק אַראָפּגעצויגן). טאַקע צוליב דעם כבוד פונם היסטאָרישן מת.

דער מת דערדאָזיקער איז דאָך דער סאַמע לעצטער פון אַן עפּאָכע.

דער לעצטער בערלינטשיק איז ער, דוד פרישמאַן.

1925.

# דער רוסיש־יידישער ייד

## (ש. א. אַנסקי)

... אין פלוג געבומען, דאָך לגמרי עפּעס אַ מאָדנע מעשה. אַ מעשה, וואָס לייגט זיך גאָרנישט כמעט אויפן שכל. איך מיין די מעשה אַנסקי.

עס איז זייער פּיקאַנט: אָט אַ שטייגער נעמען מיר און שאַרן צונויף אינאיינעם דאָס גאַנצע גייסטיקע אייגנס פון אַנסקין. אַלץ טאַקע, וואָס אַנסקי פאַרמאָגט.

וואָס פאַר אַן אָרימער סך הכל אָבער עס באַקומט זיך פון אָט דעם צונויפגעלייגטן קרן. ווי קליין עס איז אַנסקיס פאַרמעגן. מ׳שטיינס געזאָגט: מיט אָט אַזאַ סאָרט אייגנס, הלוואי כאָטש דאָס אייגענע שטיקל חיונה ווי עס איז דורכצושטופּן, שוין אָפּגערעדט וועגן דעם, אַז פון אַזאַ נעבעכדיקן קאַפּיטאַל, זאָל מען נאָך קאָנען איבערלאָזן ירושות. און דערצו — ירושות אויף דורי־דורות.

מיר הייבן אָן פונם אָנהייב. למשל, אַנסקי דער קינסטלער, אָדער אפילו אַנסקי דער איינפאַכער בעלעטריסט. און לאָמיר זיך נישט נאַרן:

געדענקט אים דען ווער עס איז, אַנסקין, ערנסט, אין אָט דער געשטאַלט ? . . .

סיידן בלויז עטלעכע קליינשטעטלדיקע, פאַרצייטיקע דאָקטוי־רים און אַפּטייקערס (אויב זיי זענען נישט אומגעקומען אין דער גרויסער מהומה פון אונזער צייט) האָבן נאָך אפשר באַהאַלטן אינם זכרון אַנסקיס מעשיות פונם יידישן געטאָ־שטייגער אין דער רוסי־שער שפּראַך. פאַרבליבן מסתמא אין געדעכעניש אַלס אַ ווייטער און בלאַסער אָנבליק פון די אַמאָליקע ראָמאַנטישע יוגנט־יאָרן,

בעת זיי, אָט די דאָקטוירים און אַפּטייקערס, פלעגן נאָך זיין אָפּטע אַריינגייערס אין ביקור־חולים, מושב־זקנים און געשטורעמט אַ וועלט פאַר ציכטיקייט אין די מקואות און בתי־מדרשים, און בעת זיי פלעגן פלייסיק לייענען די „וואָסכאָד"־ביכלעך און טרוימען נאָכאַנאַנד פאַר זיך און בשותפות וועגן דעם, אַז אפילו אויפן סאַמע שפּיץ פונם נאָרד־פּאָל זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַ שטיבעלע מיט אַ שילד פון די פּעטערבורגער „מפיצי השכלה" (בילדונגס־פאַר־שפּרייטער)...

אין באַצוג אָבער צו אונזער דור (שרייבער און לייענער), וואָס פאַרמאָגט, אגב, אין אַלגעמיין זייער אַ שוואַכע נייגונג צו ראָמאַנטיק (אפילו צו ראָמאַנטיק פונם גרעסערן סטיל), קאָן מען דאָך, אייגנטלעך, גאָרנישט זאָגן אפילו, אַז מיר האָבן אים פאַרגעסן, אַנסקין, דעם בעלעטריסט.

מיר האָבן אים נישט פאַרגעסן פשוט דערפאַר, ווייל אָפּן געשמועסט האָבן מיר, בעצם, כמעט קיינמאָל נישט געוווּסט פון אים, פונקט ווי מיר זענען גאַנץ ווינציק געניט אָן ערך אין פרו־זשאַנסקין, אין רחל חן און פּילע אַנדערע אַלט־פרענקישע, היינט צו טאָג שוין אַרכעאָלאָגישע „וואָסכאָד"־בעלעטריסטען פון די 80־קער און 90־קער יאָרן, לויט אָט דעם שניט.

נאָר מיר גייען ווייטער: לאָמיר זאָגן: אַנסקי דער פּובּ־ליציסט.

צוליב וואָס אָבער שפּילען אין זשמורקעס?

אַנסקי דער פּובּליציסט געהערט דאָך, בעצם, צו די אַזוי גערופענע „יום־טובדיקע שרייבער". עס איז טאַקע דורכאויס אַן איבעריקע און אומזיסטע מי צו זוכן ערנסט אין אַנסקיס פּובּ־ליציסטיק געדאַנקען, רעיונות.

אַנסקיס פּובּליציסטישער אַמפּלוא איז נישט צו באַטראַכטן אַן ענין, נאָר אָפּריכטן „השתפכות הנפש", דאָס הייסט, באַ געוויסע געלעגנהייטן אויסצורעדן דאָס האַרץ.

און בעת אַנסקי רעדט אויס דאָס האַרץ, פאַרמאָגט ער בלויז צוויי טענער: אָדער ער רייסט קברים, אָדער ער שפּרינגט פון נחת. ווו און באַ וועמען עס זאָל נישט טרעפן אַן אומגליק שטעלט

זיך אַנסקי גלייך אַריין מיט אַ „מלא״ און ווי און באַ וועמען עס זאָל נישט פּאַסירן אַ שטיקל פרייד, טראָגט אַנסקי אונטער תיכּף אַ מזל־טוב.

אין „געוויינטלעכע״ טעג אָבער, בעת דער פּאַסיקסטער טאָן איז מיושבדיקייט, שווייגט ער טאַקע, אַנסקי. היינט, ווי פּאַרצייטיק עס איז דער פּובליציסטישער סטיל זיינער: לירישֿ, פּרימיטיוו.

אמת, אַנסקי דער פּובליציסט איז זייער הומאַניטאַריש. ער איז שטענדיק אויסן עמיצנס אַ טובה. סיי אָבער לויט דער פאָרם און סיי לויט דעם אינהאַלט איז ער דאָך סוף כּל סוף דער ריכ־טיקער סקאַרבאָווער שרייבער פון פייערלעכע באַגריסונגען און פון נעקראָלאָגן.

איז דען אָבער בכח אַזאַ סאָרט פּובליציסטיק צו ווירקן לאַנג־דויערנדיק ? . . .

צי אָט גאָר אַנסקי, דער קהלס־מאַן, דער געזעלשאַפטלעכער טוער. אוודאי איז ער אַ זעלטן טייערער מענטש און זייער אַ ווי־לער ייד. דערצו אַ ליבעראַל און אַ פּאַטריאָט.

נאָך פון קינדוויייז אָן איז אַנסקי פאַרקניפּט און אויסגעבונדן מיט די, וואָס שטרייטן פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט. אַנסקי געהערט צו די „קאָנסטאַניסטן״ פונם ליבעראַלן געדאַנק. צייטנווייז איז ער אויך רעוואָלוציאָנער. און וואָס אָנבאַלאַנגט יידן: ווי נאָר אַ יידישע צרה איז עס אַנסקי דער ערשטער, וואָס קומט צו פליען טרייסטן און העלפן. בכלל איז ער שטאַרק באַהאַוונט אינם ענין פון מוסר־נפש זיין זיך פאַר אַנדערע.

קאָן מען דען אָבער נאָך אָט די אַלע אויסגערעכנטע פּער־זענלעכע מעלות כאָטש אויף אַ רגע אָנמוטן צו מיינען, אַז אַנ־סקי, דער געזעלשאַפטלעכער טוער, איז ווירקלעך עפּעס אַ פּאָלי־טישע פיגור, וואָס איז פעיק צו פירן אַ דור לויט אַ באַשטימטער שיטה ? . . .

אָט אַזוי איז עס אומעטום. ווו און ווהין מיר זאָלן אַנסקין נישט נאָכגיין, שפּאַנען מיר כּסדר אויף באַקאַנטע און שוין פון לאַנג אָן אויסגעטרעטענע וועגן. קיינער וואָלט דאָ בעצם נישט פאַרבלאָנדזשעט אויך אָן אים.

און פונדעסטוועגן ?

און פונדעסטוועגן איז עס אַ פאַקט, וואָס פאַר אַ וויכטיקן און אײַנטימען פּלאַץ אַנסקי פאַרנעמט אין אַ משך פון פיל יאָרן אין דער ביאָגראַפיע פונם רוסיש־יידישן אינטעליגענט. דערהויפּט אין דער ביאָגראַפיע פון דיפּלאָמירטן און האַלב רוסיפיצירטן אינטע־ליגענט.

אין פּעטערבורג צי אין מאָסקווע, אין באַקו אָדער סאַראַ־טאָוו און אפילו אין וויטעבסק צי אין ווילנע — איז דאָך פאַר אָט דעם סאָרט אינטעליגענט דער טאָג, בעת אַנסקי באַווייזט זיך אויף די אויגן, ממש אַ דאַטע, וואָס ווערט פאַרצייכנט אין אַ פנקס. אַ טאָג פון גייסטיקער דערהויבנקייט. און וואָס איז שייך ריין יידישע קהלשע עסקים, טוט דאָך דערדאָזיקער אינטעליגענט פּשוט אַ פינגער אין אַ פינגער נישט אַ קלאַפּ, אויב ער זעט דאָ נישט בעת מעשה אַנסקין, אינם סאַמע אויבן־אָן, אַלס עקספּערט און טאָן־גע־בער.

אָט אַזוי כמעט יעדער רוסיש־יידישער דיפּלאָמירטער אינטע־ליגענט ווי און אויף וואָס פאַר אַן אופן ער זאָל נישט זיין אויפ־געלייגט אין זיינע אידעען־שטימונגען ; ציוניסטיש אָדער סאָציאַ־ליסטיש, נאַציאָנאַליסטיש, צי קעגן נאַציאָנאַליסטיש.

אָט די אַלע שטענדיקע חשבונות, מיט וועלכע יעדן קומט אויס, סוף־כל־סוף, שטענדיק צו רעכענען זיך, ווי מיט פיל אַנדערע גרויסע און קליינע לעבנס־חשבונות, פאַלן עפּעס אַראָפּ פון אַנסקין גאָר צין שום טענות. (אגב, אַ שטעלונג, צו וואָס נאָר אויסדערוויילטע פון אויסדערוויילטע זענען זוכה).

מיט וואָס אָבער האָט עס אַנסקי פאַרדינט אַזאַ בן־יחידישע שטעלונג צו זיך ? —

טאַקע עפּעס אַ מאָדנע און פּיקאַנטע מעשה. און דאָך איז אָט די מעשה נישט סתם עפּעס אַ צופעליקער ענין ; אַנדערש האָט עס דאָ נישט געקאָנט זיין.

אַנסקי נעמט אַזוי שטאַרק אויס באַ דעם האַלב־רוסיפיצירטן אינטעליגענט אונזערן, בעצם נישט מחמת זיינע גרויסע טאַלענטן און נישט אַ דאַנק זיינע אָפיציעלע פּראָפעסיעס, נאָר בלויז דער־

פאַר, ווייל אַלס אַ באַשטימטער קולטור־פּסיכאָלאָגישער טיפּ, לויט דעם גאַנצן מהות־מענטש זיינעם איז ער עס דאָ דאָס אידעאַלע פאָרבילד און אפשר דער איינציקער מוסטער פאַר אָט דעם אינטעליגענט גופא.

דער האַלב־רוסיפיצירטער יידישער אינטעליגענט אין אַנסקיס תקופה. בתוך לעבט ער דאַך ס׳רוב נאָר מיט איינאיינציקן פאַרלאַנג, מיט דעם פאַרלאַנג איינצובירגערן זיך אין רוסלאַנד. אויפן ברייטן אופן איינצובירגערן זיך, לויט דעם שטייגער פון די יידן אין מערב־אייראָפּע. אָט דער אינטעליגענט איז אויסן נישט בלויז איינצובילדן אין רוסלאַנד אַ גערעכטיקע מלוכה־אָרדנונג מיט גלייכע געזעצן פאַר אַלעמען, וואָס לעבן אין דער מדינה אָן אויסנאַם, נאָר אויך (און דאָס איז, קאָן זיין, גאָר דער גרעסטער ווונטש זיינער) אויסצובילדן פון זיך גופא אַ שפּאָגל־נייעם קולטור־טיפּ, אַ טיפּ פון אַ רוסיש־יידישן ייד, וואָס זאָל זיך אין דער יידישקייט זיינער אַזוי שטאַרק פאַרוועבן מיטן רוסנטום, פּונקט אַ שטייגער, ווי דער ייד אין מערב־אייראָפּע האָט זיך אין זיין יידישקייט פאַרקניפּלט מיט דעם פאָלק און מיט דער קולטור פונם לאַנד, ווו ער געפינט זיך.

אָט דאָס איז אין תוך דער הויפּט־אידעאַל פונם האַלב־רוסיפיצירטן יידישן אינטעליגענט אין רוסלאַנד אינם משך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן, וואָס פאַר דער מלחמה און רעוואָלוציע.

וואָס איז אָבער אַנסקי אין דערווירקלעכקייט, אויב נישט אָט דער סאָרט טיפּ, דער טיפּ פון אַ רוסיש־יידישן ייד, הגם אפשר בלויז מיניאַטוריש און נאָך נישט גאָר אין אַלע פּרטים פאַרענדיקט!

ממש טאַקע צו באַוווּנדערן אַנסקין אין אָט דעם פּרט. ווי קונציק, ווי ווירטואָז אַנסקי האָט עס צונויפגעבונדן אין איין קנויל דאָס סאַמע אינטימסטע פונם יידנטום מיט דעם אייגנטימלעכן פונם רוסנטום. דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט איינפאַך פאַרלוירן דעם חוש און די ראיה פאַר לאָקאַלע קאָלירן.

איר לייענט, למשל, אַנסקי׳ס מאמרים וועגן יידישן פאָלקלאָר און וועגן רוסישער עטנאָגראַפיע. גאָט אין הימל, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ! אַלע פאַרבן אַזוי צונויפגעמישט איינעם, אַז לגמרי טאַקע קיין טאָלק נישט צו דערגיין!

אין די כשרע טריט פונם „שפּאָלער זיידן" דערקענט אַנסקי די גזלנישע פּיס פון „איליאַ מוראָמעץ". (אמת, אַ ביסעלע איבער־געניטשעוועט: דעם רוסישן פּיזישן כּח פאַרבייט ער דאָ, אַנסקי, אויף דעם יידישן ריינעם גייסט). אין דעם געשטאַלט פונם פּראַוואָסלאַוו־נעם הייליקן סערגעי ראַדאָנעזשסקי, זעט אַנסקי די ליכטיקע צורה פון אונזער „אוהב ישראל", פונם אַפּטער רב. אינם מסירת נפש פונם רוסישן טעראָריסט, וואָס גייט אויף דער תּליה, שטויסט ער זיך אָן, אַנסקי, אויף דעם קידוש השם פון די שפּאַנישע אנוסים, וואָס שפּרינ־גען אין פייער. און אין דער ביבלישער שמיטה הערט ער, אַנ־סקי, די ווילע און זיסע קלאַנגען פון די רוסישע „נאַראָדני־קעס".

אָט אַזוי כּסדר: ממש איין ווינקעלע נישטאָ, סיי אינם רוסנ־טום און סיי אינם יידנטום, וואָס אַנסקי זאָל עס נישט האָבן צונויפ־געפּאַקט עפּעס ווי אַ גלייכע צוגעפּאַסטע פּאָר.

נו, איז עס דען טאַקע אַ חידוש נאָך אָט דעם אַלעם, וואָס דער האַלב־רוסיפיצירטער יידישער אינטעליגענט טראָגט זיך עס מיט אים כּסדר, מיט אַנסקין, ווי מיט אַ גערעטנעם און טייערן בן־יחיד?

דאָך פון לאַנג אָן שוין (נאָך פון די 60־קער יאָרן) וואַרט ער דאָך, אָט דער אינטעליגענט, און קאָן זיך ממש נישט דער־וואַרטן אויף אַזאַ סאָרט יידישן טיפּ, ווי ש. א. אַנסקי...

און איך דערמאָן מיך דערביי אָן צוויי פאַקטן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען פון אַנסקין און בנוגע צו אַנסקין. אמת, כּמעט אַנעקדאָטישע פאַקטן. ווי כאַראַקטעריסטיש אָבער זיי זענען פאַר זיין ביאָגראַפיע.

סוף זומער פונם יאָר 1905 אין זשענעוו. איינמאָל שפּעט אין דער נאַכט, פונם עמיגראַנטן־שענק לאַנדאָלטע שטעלט זיך אַרויס אַ גאַנצע מחנה סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, כּמעט סאַמע גדולים אייגענער אין איינעם: טשערנאָוו, רובאַנאָוויטש, מינאָר און פילע אַנדערע בערן פונם רוסישן בונד. און אַנסקי איז אויך צווישן זיי. אַלע זענען לוסטיק אויפגעלייגט. די רעוואָלוציע הענגט שוין אויף דער נאָז, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך צעשפּאָלטן. דער טע־ראָר גייט אויסגעצייכנט; די רוסישע מפּלות אין דער קריג מיט

די יאַפּאַנעזער — גלענצנד. און דערצו נאָך האָט מען אָקאָרשט אָפּגעריכט אַ באַנקעט צוליב עמיצנס כבוד־וועגן. דרויסן — לבנה־דיק־ליכטיק, פונדערווייטנס פינטלען די בונטע פייערלעך פונעם לייכט־טורם, וואָס אין דער זשעגעווער אָזערע. עס דאַכט זיך: אַ חברה נאַכט־הוליאַקעס.

פלוצלינג שטעלט זיך אַנסקי אָפּ און שרייט אויס צו מינאָרן:

— עי, אָסיפּ! קום טאַנצן אַ קאָמאַרינסקע... לעבעדיקער, נשמה מיינע!...

און מינאָר פאָלגט. דידאָזיקע גאַנצע מחנה לוסטיק אויפגע־לייגטע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן מאַכט אַ וואַרע און די צוויי יידישע זקנים (אַנסקי מיט מינאָרן) לאָזן זיך טאַנצן אַ קאָמאַרינסקע אינמיטן גאַס פונעם שטילן זשענעוו.

רובאַנאָוויטש איז צופרידן פון אָט דעם איינפאַל. ער גיט אונטער היץ: פּאַטשט מיט די הענט און פייפט אַ פּאַריזער גאַסן־מאָטיוו. און דער דיקער, קיילעכדיקער טשערנאָוו קייקלט זיך ממש פון געלעכטער.

— וואָס לאַכסטו אַזוי, וויקטאָר?... מיר געפעלן דיר אפשר נישט?... — רופט זיך אָפּ אַנסקי ברוגזדיק און אָנגערינצלט צו טשערנאָוון.

טשערנאָוו אָבער קאָן זיך, קענטיק, נישט איינהאַלטן פון אָט דעם געלעכטער.

— עך סיאָמקע, טי סיאָמקע!... — ענטפערט אָפּ אַנסקין טשערנאָוו און לאַכט ווייטער — ווי האָסטו עס אויסגעקראַצט, מיין ליבינקער, דיינע קאָמאַרינסקעס?... בײַ אונז אין טאַמבאָוו טאַנצט מען נישט אַזוי... דאָס איז — זאָגט ער — פּאָ כאַסידסקי, ברוּ־דערל, אָבער נישט פּאָ רוסקי, נישט פּאָ טאַמבאָווסקי... גאָרנישט דאָס, מיין טייערער...

און מיר דאַכט זיך בעת־מעשה: אָט די גאַנצע געשיכטע איז עפּעס אַ חלום. מיר זענען אין אָט דעם מאָמענט גאָרנישט אין זשענעווע. מיר געפינען זיך אין צאַשניק (אַ שטעטל אין וויטעבסקער גובערניע, פונוואַנען אַנסקי איז אַ נכתב). עס איז

הושענה־רבא באַנאַכט. אַנסקי איז גאָרנישט אַנסקי, נאָר עפּעס אַ חסידישער ייד, וואָס גייט איצט נאָך חצות פון מקוה פאָרן אָפּ־זאָגן דעם לעצטן פּסוק פון דער תורה. און ער, אָט דער חסידי־שער ייד, איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ ברען, אַז מיט וועמען ער באַגעגנט זיך נאָר לאָזט ער זיך טאַנצן אַ קאָמאַרינסקע אויפן ח"בד־שטייגער. טשערנאָוו האָט רעכט:

— דאָס איז פאָ כאַסידסקו, ברודערל, אָבער נישט פאָ רוס־קי. נישט פאָ טאַמבאָווסקי!...

און אָט איז דער צווייטער פאַקט: אין פּעטערבורג, אינם יאָר 1911־12, ווינטער. אַ באַל פון דער יידישער מוזיקאַלישער גע־זעלשאַפט.

קורסיסטנס, סטודענטן, נאַציאָנאַל־געשטימטע יידישע קינסט־לער און מוזיקער, אומלעגאַלע באַבערדלטע בונדיסטן, ציוניסטן מיט מגן־דודס אין די לאַצן. אייניקע פון די פּעטערבורגער יידי־שע נאָטאַבלען און אָנגעזעענע אינטעליגענטן (דאָקטוירים, אַדוואָ־קאַטן) און סתם יידן. אַלט־געזעסענע „רעמעסלעניקעס" (בעלי מלאכות) און „גילדייצעס" (גרויסע סוחרים) פון דער פּראָווינץ. אפילו לאַנג־בערדיקע יידן, וואָס ציען נישט אַראָפּ די מיצן פון די קעפּ. עפּעס גאָר אַן עכט יידישע שמחה, ווי מיט שבתדיקע זמירות און סיום־התורה־טענץ.

אינמיטן דערינען שטעלט זיך אַריין אַנסקי אינם זאַל.

תיכף שטופּט זיך צו האַסטיק אַ כאָר פון מיידלעך און בחורים, וואָס רינגלען אים אַרום, אַנסקין, און זינגען אים אין פּנים אַריין:

אונזער רביניו!... אונזער רביניו!...

אַנסקי איז שטאַרק גערירט פון אָט דעם קבלת־פּנים און פונקט ווי אַ קלוגער און אַלטער תלמיד־חכם, וואָס מאַכט זיך „נאַ־ייש" מיט יינגוואַרג אויף אַ חתונה — שרייט ער אויס, אַנ־סקי:

— קינדער, לאָזט אַ וועג!...

און די קלעזמער באַפעלט ער, זיי זאָלן שפּילן דעם רבינס ניגון.

אַלע זענען אים געהאָרכזאַם: די וואָרע איז געמאַכט. די קלעזמער שפּילן. און אַנסקי גופא פּאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון סורדוט, פאַרגאַרטלט זיך אַרום די לענדן מיט אַ רויטער פּאַטשייל-קע און לאָזט זיך אַרויס טאַנצן אַ קאַפּוסטער ריקודל.

ער טאַנצט, אַנסקי, מיט היץ, דערביי קנאַקט ער אונטער צום טאַקט מיט די פינגער, ווי מיט קאַסטאַנעטן.

— דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין... געוואַלט, וואָס שלאָפט איר, יידן?!...

זינגט ער, אַנסקי, און טאַנצט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און לעבעדיקער.

און פּלוצלינג דערהער איך רופט זיך אָפּ עפּעס אַ בערדי-קער ייד אין אַ טכוירענער קוטשמע צו נאָך אַ ייד פון אָט דעמ-זעלביקן שניט:

— זרח, ווי געפעלט דיר אָט דער קאַפּוסטער חסיד?...

ער לייגט דאָך עפּעס גאַר קלאַפּטער-טריט, ווי באַ איוואַנען אויף אַ חתונה...

---

... אוודאי אַזוי.ביידע גערעכט: גערעכט איז דער בער-דיקער ייד אין דער טכוירענער קוטשמע און גערעכט איז אויך דער רוס טשערנאָוו, דער פירער פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן אין זייער מיינונג וועגן אַנסקין.

אַנסקי פאַרבייט אָפט (שוין צו אָפט) די יוצרות: אַ חסידיש ריקודל טאַנצט ער „פּאַ טאַמבאָווסקי" און אַ טאַמבאָווער קאָמאַרינ-סקע שפּרינגט ער „פּאַ כאַסידסקי".

אָט דאָס אָבער איז דאָך אַנסקיס אייגענער און איינציקער וועג. דער וועג, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט פאַר זיך, אָדער וואָס איז געצייכנט געוואָרן פאַר אים, איז נישט סתם אַ מענטשלעכער וועג און נישט סתם אַ יידישער וועג.

אַ גאַנצע תקופה יידישע געשיכטע קומט אַרויס פון דעמ-

ראַזיקן וועג. דאָס איז דער וועג פון אַ רוסיש־יידישן ייד...

1924.

## א. ווייטער

1.

ווינטער פונם יאָר 1909. ווייטער געפינט זיך איצט אין פּעטערבורג. ער לעבט דאָ אויף אַ פרעמדן נאָמען (אַלס „קאָנטראָווישט״ איז ער דאָ פאַררעגיסטרירט אין דער פּאָליציי) און שרייבט אינם „פרייַנט״ פּובליציסטישע נאָטיצן (אונטער דעם פּסעוודאָנים „א. וו.״).

ביידע זאַכן, אייגנטלעך, נאָכשלעפּענישן פון אַ פאַרגאַנגענהייט, צו וואָס הייַנט צו טאָג האָט ער, ווייטער גופא, אַ קנאַפּן שייכות יעדנפאַלס אינערלעך.

ער איז געצווונגען. ווייטער, אויפצוהאַלטן זיך אויף נישט קיין אייגענעם פאַספּאָרט, ווייל ער אַליין, דאָס הייסט, זייַן אייגענער נאָמען איז נישט לעגאַל אין רוסלאַנד. ער איז פאַרבליבן אומלעגאַל נאָך פונם יאָר 1905, בעת אין די רעוואָלוציע־טעג איז ער עס געווען עפנטלעך דער פירער פונם „בונד״ אין ווילנע און דער פּאַקטישער הערשער פון דערדאָזיקער שטאָט.

איצט אָבער זענען פאַר אים די דעמאָגאָגיקע בונדאַרישע אידעען בלויז זייטיקע דערינערונגען און דער „בונד״ אַליין (ווייטערס אייגענער אויסדרוק) „נישט קיין לייבלעכער ברודער, נאָר אַ שוועסטער־קינד״.

און מיט זשורנאַליסטיק אינם „פרייַנט״ מוז ער זיך פאַרנעמען ווייטער, מחמת דעם, וואָס פריער האָט ער אַ לענגערע צייט זיך באַטייליקט אַלס שרייבער אין אַ רוסישער צייטונג און דערי

בער פאַרמאָגט ער דערפאַרונג אויף דעמדאָזיקן געביט, בעת ער איז נישט אַזוי ענערגיש אום אויסצוזוכן נייע פּרנסות.

בתּוך אָבער איז אים איצט די זשורנאַליסטישע פּראָפעסיע, די „מלאכה פון אַלעמען אַריינזאָגן אַ דעה און אומעטום אַריינרוקן די נאָז" (אויך ווייטערס אויסדרוק) דערווידער און צייטנווייז אַזש עקלהאַפט.

און טאַקע דערפאַר, ווייל דאָס זענען בלויז נאָכשלעפּענישן פון אַמאָל — באַלעסטיקן זיי איצט אַזוי ווייטערן, אַז ער פאַלט פּשוט אונטער זייער שווערקייט.

זיין הויפּט־טרוים אין לעבן איז איצט: 1) צו רופן זיך אָפיציעל דעווינישסקי (דאָס איז זיין ריכטיקער נאָמען) און 2) פּטור צו ווערן פונם „פּריינט".

איבעריקנס, אין ווייטערס טרוים צו לעגאַליזירן זיך און צו וואַרפן דאָס נאָטיצן־שרייבן אין צייטונג — שפּילט אַ באַדייטנדע ראָל זיין עסטעטיזם.

עס איז אומווירדיק פאַר אַ מענטש צו רופן זיך מיט אַ פאַלשן נאָמען, און עס איז אומווירדיק פאַר אַ בר־דעת צו נישטערן טאָג־טעגלעך נאָך אַ טעמע פאַר אַ פעליעטאָן...

2.

ווייטער האָט שטאַרק ליב פּעטערבורג. אמת, דידאָזיקע ליבע איז אַ ריין אינטעלעקטועלע; עס רייצט אים צו דענקען וועגן פּעטערבורג. דאָך איז עס פאָרט פונדעסטוועגן אַ ליבע.

ער האָט ליב די מערקווירדיקע רעזידענץ פונם נייעם רוסלאַנד, ווייל בתּוך איז ער, ווייטער, אַ טיפּישער רוסישער אינטעליגענט, לויט די היסטאָרישע עמאָציעס און קולטור־זכרונות.

אין די טראַקטירן אויף דער סאַדאָוואַ גאַס (אין יענעם טייל, וואָס צווישן די צוויי פּראָספּעקטן נעווסקי און וואָזנעסענסקי) זוכט ער, ווייטער, ראַסקאָלניקאָוון און מאַרמעלאַדאָוון און אַנדערע דאָסטאָיעווסקיס העלדן, וואָס פלעגן דאָ שיכּורן דעם טאָג און פילאָזאָפירן

ביז באגינען. אויף דעם ברעג פונם טייך „נעווא", אָדער אין דער געגנט פונם ווינטער-פּאַלאַץ זעט ער ווייטער דעם מור פּושקינען אין דער פּאָלערינע און אינם צילינדער שפּאַצירנדיק געאָרעמט מיט דעם דיקן, אפילו אין פרילינג ווינטערדיק אָנגעפּעלצטן סקיט קריילאָוון און הינטער זיי, אַלס אדיוטאַנטן, די גאַנצע פּלעיאַדע דיכטער, קינסטלער און העלדישע יונגע גענעראַלן פון דער נאָך קריגסצייט מיט באַפּאָלעאָנען.

און אָט אזוי אומעטום: ווו ווייטער זאָל דאָ, אין דער הויפּטשטאָט, נישט אריינשטעלן אַ פוס — גייען אים אָנטקעגן יענע פיגורן, וואָס האָבן מיט זייער אייגענעם בונטן קאָליר אויף אייביק איבערגעפאַרבט דעם איינטאָניקן סטעפּן-פּייזאַזש פון דער רוס'שער ערד.

דעריבער טאַקע ווערט ווייטער קיינמאָל נישט מיד אומצושפּאַנען, כאָטש פיר און צוואָנציק שטונדן אין מעת-לעת, איבער די פּעטערבורגער גאַסן; ווי אַ לונאַטיקער שפּאַנט ער אום...

---

אַ פראָסטיקן פאַרנאַכט. נעווסקי, צווישן דעם אַניטשקין-פּאַלאַץ און דעם פּאַזשן-קאָרפּוס. ווי געוויינטלעך דאָ, אין אָט דער צייט פון מעת-לעת — אַ געדראַנג פון פּובליקום: מענער און דאַמען.

פּלוצלינג שטעלט ער אָפּ, ווייטער, אין דערדאָזיקער ענגשאַפט, אַ פרוי אין אַ לופטיק זשאַקעטל און צווישן זיי פאַרבינדט זיך אַ לאַקאָנישער דיאַלאָג, אַ קורצער:

— גוטן אָוונט, מאַשע!... — רופט אויס ווייטער עקזאַלטירט.

— גוטן אָוונט, איסאַק!... — ענטפערט די פרוי איינגעהאַלטן.

— ווי לעבט זיך דיר, מאַשע? — פרעגט ווייטער צערטלעך.

— עס לעבט זיך, ווי עס מאַכט זיך!... — מורמלט אויס, די פרוי.

— נו, זיי געזונט, מאַשע!... — זיפצט ווייטער און רייבט דעם שטערן.

— זיי געזונט, איסאַק! — כליפּעט די פרוי און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

די פרוי איז פאַרשוווּנדן צווישן דעם פּלאָנירנדיקן פּובליקום. אינמיטן דערינען אַ שטיקל פּאַניק: פּאָליצייַ רינגלט דאָ אַרום דעם גאַנצן טראָטואַר קיינעם נישט דורכלאָזנדיק, ווייל די קייסערין־אַלמנה פאָרט עס איצט אַרויס פונם אַניטשקין־פּאַלאַץ אויף איר אָוונט־שפּאַציר. און ווייטער רעדט בעת מעשה עפּעס, די שמועסנדיק מיט זיך גופא:

— דאָס איז דאָך מיין געוועזענע, מיין ערשט ווייב!... — שעפּטשעט ער, און אויף זיין שטאָלצן שאַרף־קאַנטיקן מענטשן געזיכט באַווייזט זיך אַ טרויעריקער שמייכל.

דערביי דערקלערט ער:

— אייגנטלעך אַ געשיכטע פון די קינדער־יאָרן. אין דער פריער יוגנט פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, אַלס בונדיסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט. אויף די טורמעס־עטאַפּן געטראָפן זיך מיט אַ מיידל. אָפיציעל חתונה געהאַט מיט איר. נאָר אין די סיבירער טורמעס איז דאָס כלומרשטיקע פאַמיליען־לעבן צערינען געוואָרן אינגאַנצן. בעצם אַ שפּיל געווען צווישן צוויי אַרעסטאַנטן־קינדער. קיינער נישט שולדיק.

און ער דערציילט, ווייטער, פיל פערזענלעכע מעשיות פון זיין לעבן אין יענע סיבירישע יאָרן. אַ קאַנצעלאַריע־שרייבער געווען בייַ אַ געריכטס־פאַרשער. צוזאַמען מיטן פּרינציפּאַל און מיט די באַאַמטע טאָג און נאַכט ממש געבאָדן זיך אין אַלקאָהאָל. אַזוי צוגעוווינט זיך צו שיכּורן, אַז אין פרימאָרגן, אויפן ניכטערן האַרץ, געוואָרן אַ רגילות, אָנשטאָט טיי, אַריינצוגיסן אין זיך אַ גלאָז אָדער צוויי ספּירט. אין דער צייט פונם קריג מיט יאַפּאַן, פרייוויליק אַוועקגעבעטן זיך אויפן מאַנדזשוריע־פראָנט. דעמאָלט אפילו פאַרגעסן צו רעדן יידיש. קומענדיק פון סיביר קיין ווילנע — אַזש מיט דעם אייגענעם פאָטער געווען שווער צו פאַרשטענדיקן זיך שפּראַכלעך.

— מאָדנע, זייער מאָדנע!... — טענהט ער, ווייטער —

אַפילו קיין שום אַנוגג נישט געהאַט, אַז זי לעבט נאָך און געפינט זיך דאָ אין פעטערבורג... ביז גאָר אַ טשיקאַווע באַגעגעניש!...

3.

אינם סוף פונם חודש מערץ פאַרלאָזט ווייטער דעם „פריינט" און גייט אַוועק פון פעטערבורג קיין מינסק. דאָ אין מינסק זענען פאַראַן פיל באַקאַנטע און נישט ווינציק פריינט. אַ היימישע אַטמאָספערע. און אינם פאַרגלייך, ווי ער האָט זיך געפילט אין פעטערבורג, שפירט ער זיך איצט ווייטער גייסטיק קרעפטיקער און מונטערער: ער פאַרמאָגט קאָנקרעטע פאַרלאַנגען און טראָגט זיך אַרום מיט רעאַלע פּלענער: ער וועט גאָר ווערן אַ מינסקער תושב, זיין אַ לאָקאַלער מענטש מיט אַ שטענדיקן אַדרעס. און אַ מוסטער האָט ער, ווייטער, פאַר זיך: אינם זעלביקן מינסק האָט אַמאָל געלעבט אַ ייד אַ מלמד, וואָס האָט געהייסן בריל. דערדאָזיקער בריל איז חוץ זיין מלמדות נאָך אויך געווען אַ מחבר אין לשון-הקודש. האָט ער זיך, אָט דער העברעישער פּראָפעסער, אויסגעטראַכט אַ פּסעוודאָנים: „איוב" האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן. און אויף די ספרים און אונטער די מאמרים פלעגט ער זיך חתמענען „איוב פון מינסק". געפעלט עס אים, ווייטערן. ער וועט זיך אויך פירן אויף דעמזעלבן שטייגער. „ווייטער פון מינסק" וועט ער זיך רופן. און זיצנדיק אַזוי איינגעפונדעוועט אין זיין אייגענער שטאָט און אין זיין אייגן הויז — וועט ער פיל אַרבעטן, שרייבן דראַמען, דערציילונגען, אָן שום אָנשטרענגונגען, בלויז אַזוי. ווי ער דענקט און ווי ער פילט וועט ער שרייבן. דאָס איז דער לעבנס-באַרוף זיינער.

פון אָט די פאַרלאַנגען אָבער און פון אָט די פּלענער קומט גאָרנישט אַרויס. ווי ווייטער אַליין זאָגט: „לחלוטין גאָרנישט".

אַ צער אויף אים, אויף ווייטערן: די טראַגעדיע פון „וועלן און נישט קאָנען", אָט די אייביקע טראַגעדיע, וואָס מיידט נישט אויס סוף כל סוף קיין שום באַשעפעניש אויף דער ערד — האָט זיך אין ווייטערן פאַרקערפּערט אין אַן אַבסאָלוטער פאָרם. ער איז עס דער פולקאָמסטער סימבאָל פון דעראָזיקער טראַגעדיע.

ווירקלעך, עפעס אַ קללה רוט אויף אים, אַזאַ שיין-דענקנ-דע און פיין-פילנדע פערזענלעכקייט. נאָר בעת ער נעמט זיך די געדאַנקען ויינע און די געפילן אויסצודריקן אין בילדער, אין גע-שטאַלטן, אָדער כאָטש אין פּאַסיקע ווערטער — סטייען זיי נישט. ער שרייבט, ווייטער, און מעקט, נאָר ער דערגרייכט קיינמאָל נישט זיין צוועק. צילט קיין מזרח און טרעפט קיין מערב. גייט קיין דרום און פאַרפּלאָנטערט זיך קיין צפון. און נישט זעלטן בלייבט ער נאָך שטיין אינמיטן וועג: הייבט אָן אַ זאַך און עס כאַפּט נישט קיין אימפּעט צו ענדיקן.

איז ער פאַרצווייפלט, ייטער. אַזוי פאַרצווייפלט, אַז ער עסקט זיך אַזש מיט זעלבסט-אַנאַליז, לויט „חכמת-הפרצוף". ער שטודירט ווייטער דאָס געזיכט זיינס און געפינט אויס דעם שטאַם פון זיין אוממעכטיקייט.

דער קאָפּ — ווי דער קאָפּ פון יאָהאַן דעם טויפער, און דאָס מויל, די ליפּן — ברוטאַל-ציניש. דער קינבאַק פאַרמאָגט אַ שיפּעלע אינדערמיט (אַ צייכן פון כאַראַקטער-שטייפקייט), און די ברע-מען — אויסגעפליכט (אַ באַווייז אויף אַ כאַראַקטערלאָזיקייט). דער-צו — שטענדיק אומרויק, באַוועגלעך און גלייכצייטיק — פויל, אָפּגעלאָזט. אַ מישלינק איז ער. דעריבער — אַזוי צעשפּליטערט און פרוכטלאָז. פון אַזוינע פּאָליאַרע קעגנזאַצן קאָן זיך אַפילו פּיזיש נישט באַקומען עטוואָס גאַנצעס און ממשותדיקס. און אָנטאַפּנדיק אָט דעם אָרגאַנישן פעלער זיינעם, זאָגט ער זיך אויך אָפּ, ווייטער, פונם פּלאַן איינצוואָרצלען זיך אינם לעבן אַלס אַ מינסקער באַלעבאָס.

ער האַלט זיך אויף אין מינסק אַלס „הויז-פּריינט" בײַ אַן אויפגעקומען מענטשל, וואָס פאַר דעם יאָר 1905 איז ער געווען פאַרמישט אין דער רעוואָלוציע, כלומרשט אַ „בונדיסט" און איצט — אַ פּלייסיקער בערזע-מעקלער און דריי-קאָפּ אין אַ באַנק.

4.

עס איז פאָרגעקומען אַן אַנקעטע צווישן דער סטודענטשאַפט פון אַלע רוסישע אוניווערזיטעטן (אָן אונטערשיד פון נאַציע).

וועגן דער פראַגע פון רעליגיע, און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז צווישן די פיל צענדליקער פעלקער, וואָס זיצן אויף דער רוסלענדישער ערד, איז עס די יידישע יוגנט די איין־און־איינציקע, וואָס איז כמעט זייער דורכאויס אַטעיסטיש: 90 פראָצענט אַבסאָלוטע ניהיליסטן.

ווייטער איז פשוט אויסער זיך פון אָט דעם פאַקט; ווירקלעך אַ באַווייז, אַז דאָס נייע יידישע דור איז אַ הפקר־עלעמענט, גאָר אָן אַ רעליגיעזן פונדאַמענט.

דער רעזולטאַט פון אָט דער אַנקעטע צווישן דער יידישער סטודענטשאַפט מאַכט אַזאַ שאַרפן איינדרוק אויף ווייטערן, אַז ער אַליין פאַנגט אָן צו זוכן אַ וועג צו אַ רעליגיעזן לעבן און גלייכצייטיק אויך אַ באַשטימטע פאָרם פאַר אַזאַ סאָרט לעבן.

אין דעמדאָזיקן מאָמענט פאַרטיפט ער זיך עס, ווייטער, אין דער קריסטלעכער לערע, לויט דער קאַטוילישער אויסטייטשונג און ער איז אַזש גרייט אָנצונעמען סיי די תורה און סיי דעם פירוש: ער זעט, ווייטער, אפילו קיין מניעה נישט, פאַרוואָס ער זאָל נישט גלייבן אין דער געבורט פון יעזוסן דורך דעם הייליקן גייסט און אין דער פיזישער ווידערגעבורט פון קריסטוסן נאָך זיין טויט. עס שטערט נישט: ווייל דאָ רעדט זיך דאָך וועגן אויסנאַם־דערשיינונגען, וועגן וווּנדער. און דעריבער זענען זיי מעגלעך, פונקט ווי עס איז למשל מעגלעך דאָס נס פון מעשה־בראשית.

עס לאָקט אים, ווייטערן, אינם קריסטנטום, דערהויפט דאָס פרישות, דאָס מאָנאַכנטום, נישטאָ קיין אַנדערער וועג און נישטאָ קיין אַנדערער פאָרם, ווי אַזוי צו באַהעפטן זיך מיט גאָט, דעם באַשעפער, און ווי אַזוי צו דינען אים.

כדי צו דערזעען אָט דעם אמת, דאַרף מען בלויז קענען האַלטן אָפן די אויגן; אום צו דערגרייכן צו גאָט אין הימל, מוז דער מענטש זיין פריי פון חומרדיקע זאָרגן אויף דער ערד. ער טאָר אויף זיך נישט טראָגן אָט דער מענטש קיין שום יאָך. נישט דעם יאָך פון רייכקייט און נישט דעם יאָך פון אָרעמקייט, נישט דעם יאָך פון עלטערן און נישט דעם יאָך פון קינדער. דער רעליגיעזער מענטש דאַרף לעבן, „ווי די פייגל אונטער די וואָלקנס,

וואָס זייען נישט, שניידן נישט, זאַמלען נישט צונויף אין שייערס און דאָך זענען זיי זאַט". נאָר פריער פון אַלץ און פון אַלעם, מוז דער מענטש, אויב ער איז רעליגיעז, זיין פריי פון דעם געשלעכט־לעכן, פון דעם סעקסועלן. ווייל עס איז דאָך נישט פאַראַן נאָך אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל אַזוי אַבסאָלוט באַהערשן די ערדישע בריאה, ווי דער כוח פון „זי־ער". די שטרעקע צווישן „זי" און „ער" איז אַזוי שמאָל, אַז פאַר עטוואָס אַנדערש קאָן בכלל נישט קלעקן קיין פלאַץ, בעת מען געפינט זיך דאָ.

אָט דאָס איז איצט ווייטערס גייסטיקער צושטאַנד. און עס איז, אגב, איינפאַך צו באַוווּנדערן, ווי באַ ווייטערן שפּיגלט זיך אָפּ דער גייסטיקער צושטאַנד אויף זיין פיזיש אויסזען. זינט ער איז געוואָרן קאַטויליש־מאָנאַכיש געשטימט, האָט ער עפּעס באַקומען, ווייטער, דעם אָנבליק פון אַ יונגן פּוילישן קשאָנדז מיט פיינע שליאַכטישע מאַנירן; דער ראַפינירטער קשאָנדז שפּירט זיך איצט אפילו אין דער פאָרם פונם האַרטן קאַפּעליוש, וואָס ווייטער טראָגט אויף זיין קאָפּ און אין דעם אופן, ווי אַזוי ער האַלט דעם פּיד־זשאַק פעסט פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלעך.

און פונדעסטוועגן, כאָטש ווייטער איז איצט אַזוי דורכגע־דרינגען מיט דער אידעע פון מאָנאַכנטום, דאָך איז ער נאָך מער, ווי ווען עס איז, היינט צו טאָג, כסדר אַרומגערינגלט מיט פרויען. „אַ ווייבערישער ייד" איז ער, ווי ווייטער אַליין זאָגט אויף זיך.

טאָג־טעגלעך געפינט ער זיך אין אַ יעגערישן פיבער: ער יאָגט זיך נאָך ווייבער און ווייבער לאָזן אים נישט צורו: — סתם ווייבער, אַבי ווייבער, ווער און וואָס זיי זאָלן נישט זיין.

5.

דער „פריינט" קאָן שוין מער נישט עקזיסטירן, אויפהאַלטנ־דיק זיך אין פעטערבורג: רוסלאַנד האָט זיך שטאַרק געענדערט. עס איז שוין נישט די פּאַטריאַרכאַלישע מדינה, וואָס איז געווען פאַר דעם יאָר 1905, בעת „נייעסן" פלעגן איבערגעגעבן ווערן פון שטאָט צו שטאָט דורך פאַנטאָפל־„פּאָסט" און ווען אפילו דער

אינטעליגענט, אום צו שטילן די נאַטירלעכע, „מענטשלעכע“ נייגי־ריקייטס־דורשט, האָט זיך מער געבייטיקט אין אַ לוח. ווי אין אַ ציימונג. רוסלאַנד איז איצט אַ פּאַרלאַמענטאַרישע מלוכה. אין דער הויפּט־רעזידענץ, אין פּעטערבורג אינם טאַווּרישן פּאַלאַץ, געפינען זיך פינף הונדערט פּאָלקס־אויסדערוויילטע פּערזאָנען, וואָס טאָג־טעגלעך זאָגן זיי אַריין אַ דעה, ווי אַזוי צו פירן און רעגירן דאָס לאַנד. די דאָזיקע אַריינגעזאָגטע דעה דערגרייכט גלייך טעלעגראַ־פיש אין אַלע ווינקעלעך פונם אומענדלעכן קעניגרייך: אפילו דער סאָרט פויער, צו וועמענס אויער עס איז נאָך קיינמאָל נישט דער־גאַנגען דער פייף פון אַ באַן־לאָקאָמאָטיוו, יאָגט זיך איצט צו דערוויסן, וואָס זיין „כאָדאָק“ (פּוס־גייער שליח) האָט גערעדט וועגן אים צו דעם קיסר און צו דער קייסערין...

אַ דאַנק דעם טאַקע איז עס רוסלאַנד פּלוצלינג ממש פּאַר־פלייצט געוואָרן מיט גאַזעטן! דורך די פּאָליטישע און סאָציאַלע געשעענישן אין דער מלוכה, האָט עס זיך באַ דעם רוס, באַ אָט דעם סטעפּ־און־וואַלד מענטש, אינדיווידועל אויפגעוואַכט בכלל אַן אינטערעס צו טאָג־טעגלעכע ישוב־פּאַסירונגען...

און אויך צווישן די יידן אין רוסלאַנד קומט פאָר אייגנט־לעך דאָס זעלביקע:

אינם יידישן שטעטל איז די יידישע ציימונג שוין נישט מער קיין ספר, וואָס מען בינדט איין אין טאָוולען, כדי איינצוהיטן אויף דורי־דורות. די יידישע ציימונג איז דאָ געוואָרן אַן איינפאַכע וואָ־כעדיקע באַדערפעניש. ווי באַלד אָבער זי, די ציימונג די יידישע, איז שוין נישט מער קיין קדושה־לוקסוס, כאַפּט שוין אויך נישט מער באַ דעם ייד קיין געדולד צו וואַרטן אויף איר ביז זי וועט אָנקומען אַזש פון פּעטערבורג, פּונקט ווי אויף סוכּות אַן אתרוג פון אַן ארץ ישראלדיקן פּרדס, בפרט נאָך, אַז יידישע ציימונגען זענען שוין פאַראַן לרוב אונטער דער האַנט: אין וואַרשע און אין לאָדזש, אין אָדעס און אין קיעוו, אין ווילנע און אין מינסק.

און דער „פריינט“, כדי צו ראַטעווען זיך פון אונטערגאַנג, עמיגרירט קיין וואַרשע, וואָס איז אין דערדאָזיקער צייט געוואָרן,

אינמיטן דעריבען, דער צענטער נישט בלויז פונם פוילישן, נאָר אויך פונם אַלרוסלענדישן יידנטום און ווו אַ צייטונג אין יידיש איז געוואָרן (אגב, צום ערשטן מאָל אין רוסלאַנד) דערהויפּט אַ געשעפס־ענין, פונקט ווי אַ צייטונג אין אַן אַנדערער שפּראַך...

און אָט, נאָכדעם ווי דער „פּריינט" האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, דערהאַלט ווייטער פונם אַרויסגעבער אַן איינלאַדונג אויך צו קומען אַהין אַלס אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער אין דערדאָזי־קער צייטונג.

און ווייטער, כאָטש איצט איז אים נאָך מער דערווידער, ווי ווען עס איז, צו עסקן זיך מיט „דער מלאכה צו טינטלען אויף אַ גאַזעט" — פונדעסטוועגן נעמט ער אים אָן דעם פּאָרשלאַג. די הויפּט־אורזאַך — וואַרשע: וואַרשע ווירקט אויף ווייטערן פּשוט מאַגנעטיש. עפּעס אַ נסיון, וואָס ער קאָן נישט ביישטיין:

1) זיין אויפריכטיקע סימפּאַטיע צו פוילן.

פּאָליטיש איז ווייטער פאַר דער פולשטענדיקער, פאַר דער מלוכהשער באַפרייונג פון דער פוילישער ערד אַזש אין די גרע־ניצן, וואָס פאַר דער ערשטער צעטיילונג. פון פריינטשאַפט צו דעם אונטערדריקטן פוילן האָט ער אויסגעלערנט פולקאָם די פּוי־לישע שפּראַך און מיידט אויס אפילו אין ווילנע, צי אין מינסק צו באַנוצן זיך מיט רוסיש, שמועסנדיק מיט אַ פּאָליאַק. דערצו איז ער, ווייטער, אייבער פון די, וואָס טרוימען וועגן דעם, אַז „קעניג־רייך־פוילן" וועט נאָך, ווען עס איז, הייסן — „יודייאַ־פּאָלאָניאַ". ער גלייבט, ווייטער, אין אַ געמיינזאַם פרידלעך צוזאַמענלעבן צווישן יידן און פּאָליאַקן, נישט געקוקט אויף זייער אָפּענעם יידן־האַס און אויף אונזער נישט באַהאַלטענער רוסיפיצירונג. יידן און פּאָליאַקן זענען עפּעס מער פאַר אים, ווי נאָר צוויי פעל־קער שכנים.

ערגעץ־ווו ליגט באַהאַלטן אַ שותפותער שטאַם: אָט דער לעגענדאַרישער שאול־וואַל, וואָס קיניגט איבער פוילן, צי בערעק־יאָסעלעוויטש, וואָס פירט פוילישע מלחמות, אָדער דער רב מייזעלש, וואָס באַטייליקט זיך אין פוילישע מיאַטעזשן, ווי אַ שטייגער דער גראַף פּאָטאָצקי, וואָס איז געקומען צו דער קבורה אויפן יידישן

בית-עלמין אין ווילנע — עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז דידאָזיקע אַלע דעמבן זאָלן אויסוואַקסן צופעליק, נישט האָבנדיק קיין שום שייכות צו דער פוילישער ערד גופא, צו דעם באָדן-קלימאַט.

און טאַקע, מחמת אָט דער האַרציקער, אינטימער נאָענטקייט צו פוילן -- ציט עס אים אַזוי, ווייטערן, צו דער שטאָדט וואַרשע, וואָס איז מיט אירע פריצישע לאַזשענקעס און יידישע נאַלעווקעס — דער סימבאָל פון פוילנטום: ווייל אַזוי איז שוין ווייטערס טבע: אפילו אַן אַבסטראַקטער געדאַנק, אויב ער האָט נאָר צו אים אַ פערזענלעכע באַציונג, פאַרוואַנדלט זיך פאַר אים תיכף אין אַ קאָנקרעטער זאַך, מיט וואָס ער, ווייטער, אַלס פרט, מוז זיך אויסלעבן אַזש אויף אַ פיזישן אופן.

און, 2) זיין גרויסע ליבע צו פרצן.

ווייטער איז נישט איבעריקנס פריינטלעך צו מענדעלע מוכר-ספרים און איז אַבסאָלוט פיינטלעך צו שלום-עליכמען. פונקט ווי אין דער מאָלעריי פאַרטראָגט ער נישט קיין איינטאָניקן קאָליר און קיין נאַקעטן פייזאַזש, אַזוי זענען פאַר אים אָפּשטויסנד אין דער ליטעראַטור די אַזוי-גערופענע סקאַרבאָווע שטייגער-טיפּן און נאַטוראַליסטישע לעבנס-סיטואַציעס. ווייטער גאַרט צו זען אויפן לייוונט זון-אונטערגאַנג-פאַרבן, טונקענדיק זיך אין שוואַרצע וואַסערן, אָדער שעמערירנדיק אויף אַ פאַרשנייעטן באַרג. און אין דער וואָרט-קונסט (אָן אונטערשייד פון פאָרמען) זוכט ער העלדן-פיגורן, וואָס ווייזן זיך נאָר איינמאָל אין אַנטשיידנדע געשעענישן, וואָס חזרן זיך נישט איבער. און אַן אָנדייטונג אויף אָט דעם געגאַרטן און געזוכטן געפינט ער, ווייטער, טיילווייז נאָך בײַ פרצן, ער געפינט עס אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, אין דער „גאָלדענער קייט“ און דערהויפּט אין פרצס פערזאָן גופא... חוץ דעם איז פאַראַן נאָך אַ זאַך, וואָס פאַרבינדט שטאַרק ווייטערן מיט פרצן. אייגנטלעך איז עס דאָ אַ קעגנזייטיקע באַציונג. פרץ ליבט ווייטערן אפשר נישט ווינציקער ווי ווייטער פרצן. פרץ ליבט אים, ווייטערן פאַר זיין פיזישער שיינקייט, פאַר זיינע פיינע מאַנירן, פאַר זיין מענלעכקייט מיט פרויען, פאַר זיין איינגעהאַלטענעם דינעם שמייכל,

פאַר זיין חכמה, און אפילו פאַר אייניקע פון זיינע ווערק, ווי, למשל, די פּאָעמע „פאַרטאָג".
אימפּאָנירט עס אים ביז גאָר, ווייטערן.
און דעריבער איז ער צופרידן, ווייטער, וואָס ער וועט זיך געפינען אין וואַרשע, אין איין שטאָט און אין אַ שטענדיקן קאָנ־טאַקט מיט פּרצן.

6.

עס קייטלט זיך אָבער צונויף אַזוי, אַז כאָטש פאַר ווייטערן איז (מחמת די פריער־אָנגעוויזענע אורזאַכן) שטאַרק אָנגעלייגט צו זיצן אין וואַרשע — דאָך, פונדעסטוועגן, פאַרבלייבט ער דאָ נישט אויף לאַנג.
ער דרייט זיך דאָ אַרום, ווייטער, אין דער רעדאַקציע פונם „פריינט" עפּעס ווי אַ פאַרשטויסענער זון, וואָס איז געקומען פון עק וועלט, נאָך לאַנגן נע־ונדעווען, מאָנען דעם טאַטנס ירושה, און די קרובים, און די אפּטרופּסים — נישט זיי ווייסן פון אים, און נישט זיי ווילן פון אים וויסן.
אין קיין שום הינזיכט פּאַסט ער זיך דאָ נישט אַריין. ווירק־לעך, א. ווייטער.
אָט זיין שרייבן... סיי לויט די טעמען און סיי לויט דעם סטיל איז ווייטערס פּובליציסטיק און זיין שריפטשטעלעריי בכלל, אַבסאָלוט נישט אָנגעמאָסטן פאַר אַ צייטונג אין יידיש, וואָס איז, סוף־כל־סוף, אויסגעשטעלט נאָר אויף די (אינם זין פון אייראָפּעישער בילדונג) אינטעלעקטועל־נידעריקע טיילן פונם יידנטום. עס איז דאָ אַ שטיק אמת אין דעם, וואָס די לצים פון די וואַרשעווער יידישע רע־דאַקציעס זאָגן: אויף די שפּאַלטן פון אַ צייטונג אין יידיש מאַכן ווייטערס אַרטיקלען דעמזעלבן איינדרוק, וואָס רעדער פון אַן אָקסן־שפּאַן געשמירט מיט גאָלדקרעם. אָדער, ווי פּרץ דריקט זיך אויס: ווייטערס אַן אַרטיקל איז נישט קיין געלונגענע נאָוועלע...
פאַר ווייטערן גופא איז עס אויך קיין סוד נישט. ער איז אָבער נישט פון די מענטשן, וואָס זענען פעיק אונטערצוגעבן זיך

גייסטיק. ער איז נישט קיין פּאָפּולאַריזאַטאָר און קאָן עס נישט (צו־ליב וואָס פאַר אַ מאָטיוו עס זאָל נישט זיין). ער פילט זיך שלעכט, ווייטער. עס איז אים נישט גוט, ווייטערן, פון זיין חכמה, וואָס איז עפּעס נישט אויפן ריכטיקן פּלאַץ, און ער ליידט פון דעם, וואָס זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט ברענגט קיינעם נישט קיין נוצן, און פאַרוואָס ער קריגט פונדעסטוועגן באַצאָלט. בפרט, אגב, אַז דער ענין פון „באַצאָלט" און פון „כשר פאַרדינען" איז פאַר ווייטערן ווייט נישט קיין קלייניקייט און פון זיין קלוגשאַפט האָט ער בכלל זעלטן ווען הנאה...

היינט די באַציונגען, וואָס עס האָבן זיך איינגעשטעלט צווישן אים, ווייטערן, און די קאָלעגן־זשורנאַליסטן פון אַלע יידישע צייטונגען אין וואַרשע און דערהויפּט פון דער „אייגענער" צייטונג, פונם „פריינט".

דער גאַנצער מהות־מענטש פון ווייטערן איז זיי דורכאויס פרעמד, די גאַזעטן־שרייבער אונזערע, וואָס מערסטנטייל זענען עס טיפּן פון אַ גאַנץ אַנדערן גייסטיקן פאַרנעם און פיזישן שניט ווי ווייטער. לויט זייערע השגות איז ער אַ פּאָזירער און אַן אַקטיאָר. אין זייערע אויגן פּאָזירט ווייטער דעם שיין־גייסט און שפּילט דעם אַריסטאָקראַט. דעריבער האָבן זיי אים פיינט. און פון שנאה טוען זיי אים אָפּ, ווייטערן, אַזעלכע שפּיצלעך, וואָס פאַרביטערן אים ממש דאָס לעבן, איבעריקנס: געטאָ־שפּיצלעך, אינם סטיל פון די פאַרצייטיקע גערעכטעטע קעסט־אײדימס, וואָס שטרייטן צווישן אַנאַנד פאַר העגאָ־מאָניע אינם בית־המדרש.

אַ מעשה מיט אַ זשורנאַליסט, וואָס גאָט האָט אים געבענטשט מיט נישט קיין גאַרישן מח און מיט אַ גאַנץ שאַרפער פעדער, נאָר גלייכצייטיק פאַרשאָלטן מיט אַ צעכראַסטעטער נשמה און מיט זייער נישט קיין אָנגעזעען קערפּערל. נאָך מער ווי ווער עס איז קאָן ער נישט פאַרטראָגן, אָט דער זשורנאַליסט, ווייטערן. פשוט, ער ברענט אים די טריט.

פּאַסירט, אַז ווייטער שרייבט עפּעס אַן אַן אַרטיקל אויף אַ געוויסער טעמע, נעמט דערדאָזיקער פאַרשוין און דרוקט אָפּ אויף מאָרגן אַ פירוש אויף אָט דעם נעכטיקן אַרטיקל פון ווייטערן,

אונטער דעמזועלביקן קעפל. דערפילט ער זיך, ווייטער, באליי־
דיקט. ער איז איינפאך אויפגעבראכט פון אזא נישט קארעקטער
האנדלונג.

— קאלעגן!... — טענהט ער זיך אויס, ווייטער, — אזוי
פירט מען זיך נישט!...

נאר אט דער „קאלעגע" פארענטפערט זיך אפילו נישט. ער
איז נאך צופרידן פון דעם איינפאל פון זיינעם.

— סיי ווי פארשטייט דאך קיינער נישט, וואס ווייטער
שרייבט!... — שטעכט ער זיך – זאל ער אויפהערן, ווייטער,
שרייבן און ווערן צוריק א בונדיסט... — גיט ער אן עצה.

ענדלעך איז אים, ווייטערן, דא אזוי ענג אינם „פריינט",
אזש דערשטיקט צו ווערן און אין עטלעכע חדשים ארום, נאכדעם
ווי ער איז געקומען אין דער צייטונג, פארלאזט ער אינגאנצן די
שטאט ווארשע.

נאך א שטיקל גליק, וואס אין אט דעם מאמענט (אמת,
פאר ווייטערן נישט קיין נאווינע) איז ער פארטון אין א ליבע
מיט א פרוי. אן ארטיסטין, און מיט דערדאזיקער פרוי גייט ער עס
איצט אוועק, ווייטער, אלס איר באגלייטער אויף א טורנע.

פארט בעסער, איידער לויפן סתם אין דער וועלט אריין,
נישט וויסנדיק לגמרי וווהין און צוליב וואס. עס איז פאראן כאטש
אן אנשטעל פון א צוועק...

7.

שוין פיל יארן נאכאנאנד, אז ווייטער טראגט זיך ארום מיט
דעם באגער אויפצושטעלן א יידיש טעאטער פאר דעם מאדערנעם
ייד. די גאנצע צייט אבער אנטפלעקט ער נישט כמעט פאר
קיינעם (אויסער פאר פרצן) דעמדאזיקן פארלאנג זיינעם.

און דאס איז זייער טיפיש פאר ווייטערן, א דעטאל, וואס
שטימט צו דאס גאנצע פון זיין כאראקטער: כל זמן ווייטער איז
מיט זיך אליין, איז ממש נישטא אזא זאך (אויב ער האלט נאר
פון דעם), אין וואס ער זאל נישט גלייבן, אז עס קאן אויסגעפירט

זוערן. דערפאַר אָבער איז פשוט נישט צו געפינען עפּעס אַזוינס (ווי גוט און פיין דאָס זאָל נישט זיין), צו וואָס ער זאָל האָבן צוטרוי, אויב נאָר ער גייט אַרויס מיט דעם צווישן מענטשן.

בעת ווייטער דענקט וועגן אַ יידיש טעאַטער — שטעלט ער זיך עס פאָר אינם גרויסן סטיל: עפּעס אַ „תפילה בצבור“, דורך וואָס דער יחיד באַהעפט זיך אַמבעסטן מיט דעם, פאַר וועמען ער דאַוונט, פונקט ווי דער איינצלנער טולפּאַן זעט אויס פאַרבנ־רייכער, ווען ער שטעקט אין אַ גאַנצן טולפּאַנען־בייט. דערצו איז ער פערזענלעך זיכער, אַז אַזאַ סאָרט טעאַטער מוז עקזיסטירן, דידאָזיקע זיכערקייט האָט ער באַקומען פון אייגענער דערפאַרונג. אויף וויפיל ווייטער האָט כאָטש עטוואָס דערוויזן אויסצודריקן אין שריפט זיין אינדיווידואַליטעט, האָט זיך עס אים איינגעגעבן נאָר אין דער פאָרם פון דראַמע, לויט אָט דעם טעאַטראַלן נוסח. ער האַלט זיך אָבער אָפּ פון צו קומען מיט וועמען עס איז אין פאַר־בינדונג, אום קאָנקרעט צו פאַרווירקלעכן דעמדאָזיקן אינעווייניקסטן דראַנג זיינעם. ער האַלט זיך אָפּ דעריבער, ווייל עס פעלט אים די אמונה, אַז עס וועלן זיך געפינען אויערן, וואָס וועלן זיך קאָ־נען צוהערן צו זיינע רייד...

---

ערשט איצט, נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן, ווייטער, אויס ציייטונגסמאַן (און מיט אַ פעסטן באַשלוס שוין מער קיינמאָל נישט אומצוקערן זיך צו אָט דער פּראָפעסיע ווידער) און אויך די ליבע זיינע צו דער אַרטיסטין איז ענדלעך צערונען געוואָרן (ווי עס האָט שוין פּאַסירט פיל מאָל מיט די ווייטערישע ליבעס־ראָמאַ־נען) — נעמט ער זיך, ווייטער, צו רעאַליזירן די אַלטע אידעע זיינע וועגן אַ יידיש טעאַטער, לויט אָט דעם פּאַר אים איינציקן מוסטער. ער איז איצט אַזוי לויז פון אַלץ און פון אַלעם, ווייטער, אַז ער האַט גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן. און דעריבער שטעלט ער זיך עס נישט אָפּ צו פּרובירן טון אפילו אַזאַ זאַך, וואָס, ווי ער מאָלט זיך אויס, איז גאָר כמעט קיין צווייפל נישט, אַז עס וועט

זיך נישט איינגעבן נישט איצט און נישט שפּעטער. ער טוט עס
ווייל מ'שטיינס געזאָגט; מיט וואָס ריזיקירט ער דאָ?...

8.

אַ דאַנק ווייטערן גרינדעט זיך אין וואַרשע אַ טעאַטער-גע-
זעלשאַפט, און ווייטער גופא לאָזט זיך עס אַוועק איבער דער
וועלט, אַלס פאָרשטייער און פּראָפּאַגאַנדיסט פון דערדאָזיקער גע-
זעלשאַפט, מיט דער האָפנונג, וואָס איז בעצם פאַר אים אַליין
האָפנונגסלאָז, אַז אפשר וועט איצט פאָרט, ווי עס איז, דערגרייכט
ווערן זיין אַלטער ווונטש, אויפצוריכטן אַ טעאַטער אין יידיש,
לויט זיין גוסט און פאַרשטאַנד.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ווייטער איז אַ „נעלם" (אגב,
דער פריערדיקער פּאַספּאָרט אויף דעם נאָמען קאַנטאָראָוויטש איז,
אומגעריכט, אויך פסול געוואָרן און, לויט דעם נייעם דאָקומענט,
הייסט ער שוין ווייטער גאַרגורעוויטש) — איז אָט כאָטש ער באַ-
האַלט זיך אויס, ווייטער. דאָך וואַנדערט ער אַרום אָפן איבער
דער באַלטישער געגנט אין ווייס-רוסלאַנד, איבער ליטע און אוי-
קראַינע, ער שטעלט זיך אָפּ אין די גרעסערע שטעט און אין די
קלענערע און טרעט אומעטום אַרויס מיט פאָרטראַגן וועגן דער
נויטווענדיקייט פון אַזאַ טעאַטער, וואָס זאָל באַווייזן דעם נשמה-
ריטם פונם יידישן מענטש, פונם נייעם יידישן מענטש.

לאַנג געדויערט עס אָבער נישט. סך-הכל אין דריי-פיר
חדשים אַרום, וואַרפט ער, ווייטער, דידאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט
פאַר אַ יידיש טעאַטער אינם גרויסן סטיל, און פון אַלע זיינע פער-
זענלעכע פּלענער, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דערדאָזיקער אידעע,
בלייבט אַזש נישט איבער קיין געדעכעניש.

געוואָרפן האָט ער, ווייטער, אָט די אַרבעט אינמיטן דערי-
נען איבער עטלעכע אורזאַכן און אַלע ביז איינע זענען טאַקע ווי
אָנגעמאָסטן פאַר ווייטערן. פריער אָדער שפּעטער האָבן זיי ממש
געמוזט מיט אים טרעפן.

1) ס'איז עפּעס אַ באַשערטע זאַך פאַר ווייטערן — קיינמאָל

נישט צו דערפירן אַן ענין, וואָס ער הייבט אָן, ביז אַן אַנטגילטיקן סוף. צו וואָס ער זאָל זיך נישט נעמען, פּלאַצט עס אינדערמיט, אומאָפּהענגיק פון ווייטערס פערזענלעכן ווילן. דאָס איז דער גורל זיינער, וואָס ווי ער זאָל זיך נישט קערן און ווענדן, קאָן ער אים נישט אויסמיידן.

2) ער איז, בתוך, זייער אַ שעמעוודיקער, ווייטער. פּשוט, ער שעמט זיך צו שטיין פאַר אַ פּובליקום אַלס פּרעדיקער, אַלס חכם. בפרט נאָך, אַז אין די דרשות און אין דער ווייזהייט שטעקט, ווי אַ ביין אין האַלז, אויך דער פּונקט פון אייגענער חיונה. און אין אַלעם, וואָס עס שמעקט נאָר מיט פּרנסה, קאָן בכלל ווייטער נישט אויסהאַלטן דעם גערוך. ער ווערט איינפאַך דערשטיקט.

און 3) אַ צופעליקע סיטואַציע, וואָס מאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף ווייטערן, כאָטש זי איז דורך און דורך קאָמיש. די סיטואַציע איז דידאָזיקע:

קומענדיק קיין פּאָלטאַווע, שטויסט ער זיך אָן, ווייטער, אין אַ האָטעל אויף פיר יידישע יינגעלייט, וואָס נישט צונויפרעדנדיק זיך צווישן אַנאַנדער, האָבן זיי זיך דאָ אַלע אַריינגעשטעלט צוזאַמען אין שטאָט צוליב איין און דעמזעלביקן צוועק — לייענען רעפעראַטן. איינער וועגן „עמיגראַציע“, דער צווייטער וועגן „פּראָלעטאַריזאַציע“, דער דריטער וועגן דעם „בעל-שם-טוב און זיינע תּלמידים“ און דער פערטער וועגן „געשלעכט און כאַראַקטער“. עפּעס אַ לעגיאָן פון רעפערענטן האָט זיך עס פּלוצלינג אָנגעזעצט אויף אָט דעם קליינעם און רויקן שטעטל, וואָס טוליענדיק זיך צווישן ביימער און גערטנער זעט עס אויס, ווי אַ פּריצישער גרויסער „כוטאָר“ אויף דער אוקראַינע.

ווייטער דערפילט זיך פון זיין באַגעגעניש מיט אָט דעם רעפערענטן-היישעריק, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט זיך באַטייליקט, למשל, אין מענדעלע מוכר-ספרימס סצענע, ווו אַ טאָר בע־בעטלער און אַ מחבר-שנאָרער טרעפן זיך גלייכצייטיק באַ איין און דערזעלבער באַלעבאַטישער טיר, פאָדערנדיק אַ נדבה.

און נישט טראַכטנדיק לאַנג, פאַרלאָזט ער, ווייטער, תּיכּף פּאָלטאַווע און אַנטלויפט צו אַ באַקאַנטן אין באָברויסק.

דאָס איז די לעצטע רייזע זיינע אינם נאָמען פון דער טע־אטער־געזעלשאַפט.

אויס מיט דער שליחות. וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, ווייטער. אויף שטענדיק — אויס.

## 9.

שטום איז ער געוואָרן, ווייטער, און אונטערטעניק: רעדט עמיצער צו אים, שמייכלט ער בלויז הכנעהדיק, נישט אַרויס־כרעטנדיק אַליין אפילו מיט אַ וואָרט אַלס מיטשמועסער. און ער איז עפּעס צופרידן צו פאָלגן, וואָס מען הייסט אים, קיין אונטער־שיד נישט ווער עס זאָל זיך מיט אים נישט שאַפן און וואָס מען זאָל אים נישט באַפעלן. ווי אַ פאַרשולד־יקטער שפּאַנט ער אַרוב אויף דער ערד און ער האָט נישט מיט וואָס צו טילוקן די חובות, זיצנדיק אין באָברויסק, זוכט ער פאַר זיך עפּעס שטענדיק אַ בעלן, פאַר וועמען ער זאָל גיין אַ גאַנג, טון אַ געוויסע אַרבעט. נאָר ער וואָלט כסדר עפּעס שלעפּן אויף זיך אַ לאַסט און די לאַסט זאָל זיין אַזוי שווער, אַז ער זאָל אַוש פאַלן אונטער איר משא. ער פילט זיך באַנקראָטירט און שעמט זיך דעם קאָפּ צו האַלטן גלייך.

— געוואָלט — איז ער זיך מודה — אַרויפקלעטער׳ן אויף דעם זיבעטן הימל און אַריינגעזונקען אין אַ טיפן אָפּגרונט...

הײַנט דער מאַטעריעלער דלות.

ממש נישט צו באַגרייפן: ווייטער איז קלוג (פאַר יעדן סאָרט מענטש, פון קליין ביז גרויס, פאַרמאָגט ער די נייטיקע שפּראַך). ווייטער איז שיין (אַלעמען, אפילו מענער אימפּאָנירט ער מיט זיין אויסזען). ווייטער האָט חן אין לייטישע אויגן (צו וואָס פאַר אַ שוועל ער זאָל נישט צוטרעטן, עפענען זיך פאַר אים ברייט די טירן). ווייטער איז אויך בעצם אַן אַרבעטסזאַמער מענטש, וואָס האָט ליב צו האָרעווען, פשוט האָרעווען, און דאָך קאָן ער זיך נישט אָנלעבן אויף אַן אייגן ווינקל, ווי אָנצושפּאַרן דעם קאָפּ, און כאָטש אויף אַ מיטאָג, וואָס זאָל באַצאָלט ווערן פון דער אייגענער קע־שענע.

חדשים נאָכאַנאַנד זיצט ער באַ פרעמדע טישן פון פאַר־מעגלעכע פריינט און באַקאַנטע אין פאַרשידענע שטעט. ער האַלט אין איין איבערפּעקלען זיך פון באָברויסק קיין מינסק, פון מינסק קיין האָמעל און צוריק מיט דעמזעלבן מאַרשרוט...

איינמאָל מאַכט זיך, אַז דער סאַמער באַענטסטער זיינער איז נישט געגוג פּאַרזיכטיק, נישט געגוג טאַקטיש און רופט זיך אָפּ צו ווייטערן מיט אַ הומאָריסטישן טאָן, וויצלענדיק זיך:

— ווייטער!... וואָס איז עס מיט דיר?... דו פירסט זיך דאָך גאָר עפּעס אויף דעם גוטן־יידישן שטייגער פון ר׳ דודל טאַל־נער... ווי זינגט מען עס דאָרטן אינם פאָלקס־לידל: „ר׳ דודל, ר׳ דודל — היינט איז ער אין וואַסילקאָוו און מאָרגן איז ער אין טאַלנע...״ אַזוי אויך דו, היינט ביסטו אין האָמעל און מאָרגן שטעקסטו אין באָברויסק...

בעט ער זיך, ווייטער, באַ דעמדאָזיקן נאָענטן.

— ברודערל!... טייערינקער!... שיט נישט קיין זאַלץ אויף די ווונדן... פונקען פליען פון די אויגן... דערבאַרעם זיך איבער אַ מר־נפש און שווייג...

און ער לאָזט אַראָפּ, ווייטער, דעם שיינעם שטאָלצן קאָפּ זיי־נעם, די ברייטע אַקסלען קאָנוווּלסירן און ער שלוכצט אויפן קול...

---

ער קאָן זיך, ווייטער, בשום אופן נישט אַרויסדרייען פון דער אָרימקייט. שוידערלעך, ווי דאָס מזל זיינס איז ברוטאַל צו אים.

אָט געפינט זיך עפּעס אַ רייכער ייד פון ווילנע, אַ געוויסער קלעצקין, וואָס שאַפט אַ ביכער־פאַרלאַג אין יידיש. דערדאָזיקער עושר האָט אין דער יוגנט סימפּאַטיזירט מיט דעם „בונד״ און געחברט זיך מיט דער אָרטיקער ,,בונדיסטישער״ אינטעליגענץ. פון יענער צייט איז ער עס אויך פאַרבליבן אַ מקורב מיט ווייטערן. און איצט שטעלט ער אים אָן אַלס דעם פאַרוואַלטער פונם ביכער־פאַרלאַג פון זיינעם.

ווייטער כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן דעם פאָרשלאַג.

פונם רייכן ידיד. ער איז צופרידן, וואָס ער וועט טון אַ באַשטימטע מלאכה, וועלכע איז נאָך דערצו אפשר אויך נוצלעך, און פון דעם באַקומען ברויט און אַ בגד.

צוליב דער נייער אַרבייט זיינער, באַזעצט ער זיך, ווייטער, אין ווילנע (דאָ געפינט זיך עס דער פאַרלאַג). און אויך דאָס איז פאַר אים אַ שטיקל נחת־רוח. אין ווילנע האָט ער זיך דאָך כמעט ווי אויפגעהאָדעוועט.

עס גייען אָבער דורך בלויז צוויי־דריי וואָכן, און צו דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע דערטראָגט זיך, אַז דער פאַרוואַלטער פונם קלעצקין־פאַרלאַג, א. ווייטער, איז עס גאָרנישט קיין אַנדערער, ווי יענער י. דעווינישסקי, וואָס אינם חודש אָקטאָבער פונם יאָר 1905 איז ער עס געווען דער פאַקטישער מאַכט־האָבער פון דער שטאָט.

עס פאַנגט זיך אָן אַ שפּיאָנען־געיעג נאָך אים, נאָך ווייטערן, פאַר זיינע אַלטע פּאָליטישע זינד. דערקינדיקנדיק זיך וועגן דעם, שמוגלט ער זיך אַרויס, ווי ער שטייט און גייט פון ווילנע, און ער קערט זיך אום פון דאָס ניי צו די פר ערדיקע וואָגלענישן.

ווידער וואַלגערט זיך ווייטער אין פרעמדע הייזער, אַלס שטאָם־גאַסט, אַרומשלעפּנדיק זיך כסדר פון באָברויסק קיין מינסק, פון מינסק קיין האָמעל און צוריק מיט דעמזעלבן מאַרשרוט...

.10

עס מוז דאָך אָבער, סוף־כל־סוף, פאָרט קומען אַן ענדע צו דער־דאָזיקער לאַגע. אייביק קאָן זיך עס אַזוי נישט ציען. נישט עס איז מעגלעך, און נישט מען טאָר אַזוי לעבן. די גרעסטע זינד פאַרוואָס אַ מענטש דאַרף ציטערן איז אפשר צו זיין אַן איבעריקער אויף דער וועלט.

דערזעט ער, ווייטער, באַשיינפּערלעך, אַז כדי אַרויסצופּלאָנ־טערן זיך פון אָט דעם פּיינלעכן, לויט זיינע השגות פאַרברעכע־רישן צושטאַנד, — מוז ער זיך, פריער פון אַלעם, לעגאַליזירן. לעגאַליזירן פאַר יעדן פּרייז. רופן זיך מיט דעם אייגענעם נאָמען איז שוין נישט פאַר אים קיין עסטעטיש פּראָבלעם, נאָר, בוכשטעב־

לעך, אַ פראַגע פון לעבן אָדער שטאַרבן. באַקומענדיק אַ כשרן פּאַספּאָרט, וועט ער פאַרמאָגן אַ קאָמפּאַס, וואָס זאָל זיין אַ וועג־ווייזער פאַר אים אינם לעבן. די אויגן זיינע וועלן אָנהייבן צו זען זאַכן, ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט. ער איז אומפעיק איצט צו אונטערשיידן גוטס פון שלעכטס, אמת פון נישט־אמת. און דאָס איז דעריבער, ווייל ער אַליין לעבט פאַלש, ליגנעריש. ער איז אָנגעלאָדן מיט אַ משא, וואָס פאַר אים אַליין איז, בעצם, נישט געגנוג קלאָר, פונוואַנען ער האָט עס געגומען, ווי אַזוי ער האָט עס אויף זיך אַרויפגעלייגט. און דאָך איז ער געצוואונגען עס צו טראָגן, אַ דאַנק דער לעגאַליזירונג, וועט ער זיך אָפּרייניקן אויך מאָראַליש אין אַלע הינזיכטן.

ער זאָגט אָפן, ווייטער:

אייגנטלעך איז אים, לויט זיין פערזענלעך געוויסן, נישט פאַרבאָטן אפילו צו בעטן באַגנעדיקונג בײַ דעם רוסישן צאַר. ער פילט זיך אַבסאָלוט נישט געבונדן מיט דער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט זיינער. ער קאָן עס אָבער נישט טון צוליב נאַציאָנאַלע מאָטיוון. אַלס ייד קאָן ער זיך נישט ווענדן נאָך מחילה צו דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, וואָס זוכט כסדר צו פאַרטיליקן בפועל ממש דאָס רוסישע יידנטום.

און מחמת דעם אַלעם מוז ער אַליין זיך שטעלן פאַר דער פּאָליציי אין ווילנע און אַרויסגעבן זיך גופא. נישטאָ קיין אַנדערער אויסגאַנג, ווי נאָר צו באַשטראָפן זיך מיט די אייגענע הענט...

---

עטלעכע חדשים נאָכאַנאַנד שלאָגט ער זיך אַזוי, ווייטער, מיט דער דעה: יאָ גיין צו דער פּאָליציי, צי נישט גיין? און ענדלעך זיגט דער „יאָ".

ער קומט אַריין, ווייטער, אין דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע מיט דער בשורה, אַז ער איז עס איסאַק דעווינישסקי. און איצט איז אים שוין, ווייטערן, אויף לאַנג־לאַנגע יאָרן, פאַרשפּאַרט צו זאָרגן וועגן דעם אַלעם, אין וואָס עס זענען אַריינגעטון מענטשן אויף

דער פרייהייט און מענטשן פון ישוב און פון וואָס ער גופא ווייסט גוט דעם טעם: נאָכדעם ווי ער זיצט אָפּ, ווייטער, אַ יאָר אין תּפיסה, ווערט ער פאַרטריבן קיין סיביר, אין טורוכאַנער געגנט, צווישן די דאָרטיקע ווילדע שבטים, די טשוקטשעס און יאַקוטן.

11.

פינף יאָר האָט ער אָפּגעפּאָקוטעוועט, ווייטער, אין סיביר. נאָר דאָס פּאָקוטעווען זיינס האָט פאַר אים נישט געהאַט קיין שום זין און קיין באַרעכטיקונג. יסורים סתם אין דער וועלט אַריין. ער האָט זיך דאָך נישט געקאָנט כאָטש טרייסטן מיט דער שוואַכער נחמה פונם מאַרטירער, אַז ער איז זיך דאָ מוסר=נפש פאַר עפּעס אַזוינס, וואָס איז אים הייליק און טייער. ער נאַרט זיך נישט, ווייטער. דער גאַנצער וועג זיינער פונם „בונד" אין ווילנע ביז די יאַקוטן אין טורוכאַנסק — איז פאַר אים נישט מער ווי אַ קאַטאַסטראָפע, אַ פאַטאַלע קאַטאַסטראָפע. אינם אָנהייב אויסגעגליטשט זיך און באַם סוף אַריינגעפאַלן. סיי דעמאָלט און סיי איצט — בלויז אַ שפּיצל פונם שלימזל, וואָס פאַרפאָלגט אים, ווייטערן.

ערשט די מערץ=רעוואָלוציע פון יאָר 1917 באַפרייט ווייטערן פון אָט די אומזיניקע ליידן. דידאָזיקע באַפרייונג אָבער קומט צו שפּעט: פון די פינף סיבירישע יאָרן, איז ער אַרויס אינגאַנצן צעשרויפט און רויניִרט.

אָט באַלד נאָך דעם זיג פון דער רעוואָלוציע קומט ווייטער אָן אין פּעטערבורג. און עס איז אים ממש טאַקע אַבסאָלוט נישט צו דערקענען.

ווייטער איז עפּעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איינגעהויערט יידל. אויך איז ער איצט שוין נישט מקפּיד ווי פאַרצייטנס אויף זיינע מלבושים, וואָס פאַר אים, דעם עסטעט, פאַר אים, דעם כמעט סאַלאָן=דזשענטלמאַן איז עס גאָר און גאָרנישט קיין קליי=ניקייט. ער זעט אַזש אויס קאָמיש אין זיין קליידונג. אויף דעם קאָפּ — אַ קיילעכדיק קאַפּעלושל, ווי אַ פלאַטשיק יאַרמעלקעלע, און אויף די פּלייצעס הענגט אַ פאַרשמאָלצענער ווינטער=מאַנטל,

וואָס ער ציט פון זיך נישט אַראָפּ, נישט בעת ער זיצט און נישט בעת ער ליגט, כאָטש עס איז הייס, זומער.

דערצו האָבן זיך אַנטפּלעקט אין דעם כאַראַקטער אין זיי־נעם שטריכן, וואָס אַמאָל וואָלטן זיי גאָר געווען אומגלייבלעך פאַר ווייטערן.

אין דער טאָרבע, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון סיביר געפינען זיך אַ פּאָר פאַרשימלטע קאָרן־ברייטלעך. באַציט ער זיך, חייטער, צו די דיקאָזיקע צעפוילטע פּלעצלעך עפּעס, ווי אַ פּויער צו דעם חזקה־דאָקומענט אויף זיין ערד: צען מאָל אין טאָג קאָנטראָלירט ער זיי, ציטערנדיק, אַז אָט דער אוצר זאָל נישט גיין פאַרלוירן. און משונה קאַרג איז ווייטער געוואָרן. ער טרייסלט זיך איינפאַך איבער אַ גראָשן. עס איז באַ אים רעכט צו שלעפּן זיך צופוס איבער מיילן לאַנגע שטרעקעס, אַבי נישט אויסצבברענגען קיין טראַמוויי־געלט, וואָס טרעפט אָן עטלעכע קאָפּיקעס. עס איז באַ אים געשטאָרבן אַ ברודער אין קראַסנאָיאַרסק, (אַן אָרים יינגל, אַ סאָלדאַט, וואָס איז אויסגעגאַנגען פון שווינדזוכט), איז ער שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער ירושה, וואָס באַשטייט, לויט זיין, ווייטערס, אייגענעם רעכענונג, סך הכל פון אַן אַלטן ציווילן קאָסטיום מיט אַ פּאָר צעריסענע שטיוואַלעס.

אָט וואָס עס איז געוואָרן פון ווייטערן דעם פּזרן, פון דעם מאַן מיט דעם ברייטן האַרץ און מיט די אָפענע הענט. הייבט די איינזאַמקייט אינם סאַמע טיפסטן, אינם סאַמע לעצטן, אינם אַבסאָלוטן זין: ער איז גייסטיק אָפּגעריסן פון דער וועלט און פון אַלעם, וואָס עס פּאַסירט אין דער וועלט. צו אים דערגרייכן נישט אפילו די דונערן פון אוניווערסאַלן קריג און די בליצן פונם רוסלענדישן אויפשטאַנד.

אמת, נאָכדעם ווי ער פאַרברענגט דאָ עטלעכע וואָכן אין פּעטערבורג, פלייסט ער זיך, ווייטער, איינצושטעלן זיין לעבן מיט לייטן גלייך: ער קליידט זיך אויס פון דאָס־ניי, ער זוכט פּרנסה, באַגעגענענדיק זיך מיט וועמען עס איז, זאָגט ער אַרויס זיינע פּאָ־ליטישע מיינונגען, אויסטענהנדיק זיך קעגן די סאָציאַליסטן... ער טוט עס אָבער אָט דאָס אַלץ בלויז מעכאַניש, רעפּראָדוצירנדיק

אויף דעם אייגענעם לייב אַ בילד, לויט דעם, ווי ער האָט געוואָלט זיך פירן פאַרצייטן. בתוך האָט ער איצט פולשטענדיק רעזיגנירט. פאַר די, מיט וועלכע ער איז מער אינטים, זאָגט ער אויס אַלץ, וואָס ער, ווייטער, טראָגט אויפן האַרץ.

— אַ צרה, וואָס ווילנע איז איצט באַזעצט פון דעם דייטשישן מיליטער און עס איז נישט צו דערשלאָגן זיך אַהין. נאָר סוף־כל־סוף וועט זיך דאָך ווען עס איז עפענען די גרעניץ. דעמאָלט בײַט ער קיין ווילנע. דאָרטן וועט ער טון אַ שידוך; ער קאָן שוין מער נישט לעבן אַליין. דעם געפּלאַנטן שידוך וועט ער אויספירן דורך אַ שדכן: געגוג נאָכצוּלויפן נאָך ווייבלעך און נאָך מיידלעך. ער איז פאַר דעם שוין צו אַלט. אויב ער האָט ביז איצט נישט אויסגעזוכט פאַר זיך קיין גלייכע פאָר, וועט ער עס שוין נישט געפינען. ער נייטיקט זיך אין אַ ווייב, אַ באַלעבאָסטע. ער נייטיקט זיך אין אַן אייגן ווינקל. און אַזוי וועט ער עס דורכשלעפּן די יאָרן זיינע, וויפיל עס איז נאָך אים באַשערט צו לעבן...

---

אָט דאָס איז ווייטערס סאַמע לעצטער, מ׳שטיינס געזאָגט, באַגער, נאָכדעם ווי ער באַפרייט זיך פון סיביר. אויך אָבער אפילו דעמדאָזיקן פאַרלאַנג גיט זיך אים נישט איין צו פאַרווירקלעכן. ווען ער דערקלויבט זיך שוין ענדלעך קיין ווילנע (אינם יאָר 1919) דערמאָרדן אים דאָרטן די פּוילישע לעגיאָנערן, האָבנדיק אויף אים אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז... אַ באָלשעוויק.

12.

אויף אַזאַ סאָרט שטייגער האָט עס ווייטער דורכגעשטופּט דאָס וועלטל זיינס. דאָרטן, אין דער אייביקער האַרמאָניע, ווו אַלע אונזערע מענטשלעכע פּלאַנטערס גלייכן זיך אויס — שטימען זיכער אויך ווייטערס חשבונות. דאָ אָבער, אויף דער ערד, זענען די רעכענונגען זיינע שוין צופיל נישט גלאַט.

עס איז נישט געווען כמעט קיין איין פאַל אין זיין לעבן,

וואָס ער, ווייטער, זאָל דערגרייכן אַהין, וווהין ער האָט געגאַרט אָנצוקומען; תמיד קריכט אַרויס אומגעריכט, ווי פון אונטער דעם תהום, עטוואָס אַזוינס, וואָס שטעלט אים אָפּ אינדערמיט פונם גאַנג אָדער פאַרקירעוועט אים אָן אַ זייט.

אַזוי אין ווייטערס לעבן און אַזוי אויך בײַ זײַן טויט. פאַר אונזער מענטשלעכן אויגנשײַנלעכן בליק איז דאָך די אָפיציעלע אורזאַך פון ווייטערס טויט עפּעס אַ מין אָפּשפּאָטונג. אים, דעם אַלטן פוילן-פרײַנט און פאַרביסענעם באָלשעוויסטן-פײַנט, ברענגען עס אום די פּאָליאַקן דווקא אַלס באָלשעוויק.

כּסדר אומזין. כּסדר — פונם וויג ביזן קבר, סײַ אין פרײַדן און סײַ אין לײַדן. ער האָט דאָך אָבער אין דערזעלבער צײַט אַזוי לײַדנשאַפטלעך געזוכט אין אַלעם נאָר די גראַדע, די צוועקמעסיקע ליניע, וואָס זאָל אים ברענגען צו אַ תכלית און דעריבער איז ער עס געווען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ אומענדלעכן קומער, דערפאַר וואָס ער איז נישט אימשטאַנד צו מעסטן זײַנע טריט און צו וועגן זײַנע מעשים...

---

מעגלעך, אַז איך האָב צופיל אויפגעהויבן די פאָרהאַנג. עס קאָן זײַן, אַז נישט אַלץ, וואָס איך האָב דאָ דערציילט, וואָלט געווען ווײַטערן, דעם לעבעדיקן ווייטערן, אָנגענעם צו הערן.

אפשר. אויב עס איז אַזוי — טאָ זאָל עס מיר פאַרגעבן ווערן, דערהויפּט מאַקע פון ווייטערן גופא. אין דעם אַלעם, וואָס דאָ איז דערציילט געוואָרן, האָב איך געהאַט בלויז איינאיינציקע כּוונה אויסצומאָלן ווייטערס ריכטיקן פּאָרטרעט, אַזוי ווי ער האָט אויסגעזען איידער זײַן גוף און נשמה האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט...

1927

## „כבוד־מלכות"

אַ ווייס־רוסיש קליין שטעטעלע. וויטעבסקער גובערניע, אפילו צווישן די פאַרלאָזטע און פאַרשטויסענע ווייס־רוסישע ישובים, וואָס האָבן, דאַכט זיך, דעם אָנבליק פון די אוראַלטע באַמאַרן־גע־צעלטן — אַ זעלטענער העק.

קיין „מאַיאָנטקעס" זענען דאָ כמעט ווי נישט בנמצא; די אַלע פּריצישע הויפן, וואָס זענען חרוב געוואָרן אין די צייטן פון די פּוילישע אויפשטאַנדן, זענען דאָ אַזוי פאַרבליבן פּוסט און וויסט, און די קאָשטשאָלס — פאַרברענט. צו דעם נאָך געפינט זיך עס, אָט דאָס שטעטל, היפּשע עטלעכע מייל ווייט פון אַ טייך, פון אַ באַן און צענדליקער וויאָרסטן ציען זיך אָן טראַקטן און אָן וועלדער. וווהין מען גייט נאָר אַ וואָרף מיט אַן אויג: בלאָטעס־קאַלדאָבענעס אין פאַרעיפּושטע שטילע אָזערעס, פאַרשטעלט פונם ליכטיקן שיין מיט אוזאָרן פון פעט־קאָלירטן שפינוועבס. און תמיד שטיל, אַז עס דאַכט זיך: אינדרויסן איז כמעט נישטאָ קיין שום אונטערשיד אפילו צווישן די שבתים, ימים־טובים און כסדרדיקע וואָכעדיקע טעג.

פון נאָך פסח אָן, זינט איך האָב זיך דאָ צופעליק באַ־זעצט, ביזן סוף זומער — בעת איך בין אָפּגעפאָרן פון דאָרטן — זעלטן ווען אַ ניי פּנים געזען. אויסער איינמאָל אין חודש, אין די איינגעשטעלטע יאַריד־טעג אָדער אין די גרויסע חגאות פלעגט אַהערצו אפילו אַ פויער אויך נישט פאַרבלאָנדזשען. לגמרי עפּעס אַן אָפּגעצוימט, אָפּגעזונדערט מלוכהלע פון אַן עוי'ך הונדערט הייזלעך, באַזעצט פון עק ביז עק מיט אַ יידיש שבטל. און גע־האַלטן האָט זיך עס, אָט דאָס „מלוכהל ממש טאַקע אויף „גאָטס

נסים״. אפילו די אַלטע לייט און פון דורי דורות איינגעפּונדעוועט בעלי־בתים פלעגן כּסדר טענהן קרעכצנדיק:

— טאַקע נאָר דער הימלדיקער אַליין ווייסט, וואָס עס קאָן זיך נאָך מאַכן. זאָל די בייזע שעה נישט זיין און אַ שרפה זאָל חס ושלום פּלוצלינג אויסברעכן, וועט קיינער דאָ מסתמא אפילו אַ פּלאָקן צוריק נישט איינשטעלן.

אָט אַזאַ געשטאַלט איצט און אַזעלכע אויסזיכטן אויף שפּעטער האָט עס געהאַט אָט דאָס שטעטל, ווו כ׳בין מגולגל געוואָרן.

פאַר זיך און אָפּגעזונדערט האָב איך דאָ געלעבט. פון די עטלעכע צענדליק משפּחות, וואָס האָבן דאָס שטעטל באַזעצט, איז געווען בלויז איין מענטש, מיט וועמען איך פלעג זיך זייער אָפּט באַגעגענען, דאָס איז געווען אַן אָרטיקער מלמד, וואָס האָט גע־הייסן קלמן דער מדקדק, אַ לאַנגער, אַ דאַרער ייד מיט הויכע פּיס, מיט אַ רונד־קיילעכדיק שוואַרץ־גרוי בערדל, פאַרקעמט לויטן וויל־נער השכלה־סטיל פון קלמן שולמאַנס און פון ר״שי פינס צייטן, מיט בלויע שפּאַקולן אויף דער נאָז און שטענדיק פּייכט־איינגע־נעצטע פּאותלעך, ווייבעריש פאַרקאַשערט הינטער די אויערן און אין אַ לאַנגן סורדוט, אַן אַלטן, פונם קראַגן ביז עק פאַלע פאַר־לאַטעט און אָפּגעריבן — און דאָך תּמיד ריין־ציכטיק, פּונקט ווי אַ מלבוש פון אַן אַפּטייק־קרעמער. עפּעס ווי אַ פּראָווינציעלער „קאַר־חזן״ אויף דער עלטער, האָט ער אויסגעזען דערדאָזיקער קלמן, לויט זיינע תּנועות און מאַנירן.

ווי נאָר איך בין פון וואָגן אַראָפּגעקראָכן, האָט ער זיך עפּעס ווי צוגעקלעבט צו מיר, אָט דער ייד. כּמעט איין טאָג נישט געטראָפן, וואָס ער זאָל נישט אַריינשפּרינגען צו מיר באַגינען — אַ בליאַסק אויף טאָג — רופן מיך באָדן זיך אין סאַזשלקע, אָדער בין מנחה למעריב איינלאַדן מיך גיין שפּאַצירן הינטערן שטעטל אין אַ קליין בעריאָזן וועלדל, וואָס איז געשטאַנען געדיכט צונויפ־געפּלאָכטן אויף אַ בערגל. נאָר מיין שטענדיקער און פּינקטלעכער גאַסט איז ער געווען יעדן פרימאָרגן פון נאָכן ותיקין־דאַווענען ביז די הדר־יינגלעך קלויבן זיך צונויף. עס האָט זיך געמעגט דונערן

און בליצן, ווי נאָר אָבער דער שטעטלדיקער שמש האָט דאָס צווייטע „מנין“ אויסגערופן, פלעגט זיך תיכף אַריינשטופן צו מיר דורך דער טיר אָט דער קלמן מיטן טלית־זעקל אונטער איין אָרעם און אונטערן צווייטן אָרעם די צייטונג „הצפירה“, וואָס ער פלעגט אויסשרייבן אַליין מיט די אייגענע הענט פון דער פּאָסט אַראָפּנעמען. טאָג אין טאָג אָט אַזוי — אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד פלעגט ער בײַ מיר פאַרברענגען, מעשה בן־בית, יעדער פרימאָרגן און ס'רוב פירן זיך אַזוי, פונקט ווי איך וואָלט גאָרנישט געזעסן בעת מעשה אַנטקייגן. פלעגט זיך טרינקען טיי, רייכערן פּאַפּיראָסן, בלעטערן סתם אַזוי זיך אַ ספר, רייבן דעם שטערן, לייענען פאַרטראַכטערהייט די „הצפירה“ און גלאַט עטעמען בהרחבה. געפילט זיך היימיש!...

אַ מאָדנער פאַרשוין געווען אָט דער קלמן.

בטבע אַ מרה־שחורהדיקער, באַשיידענער, שעמעוודיקער און איינזאַמער, פלעגט ער קאָנען מעת־לעתן גאַנצע אָפּזיצן מיט מיר פנים אל פנים און שווייגן, עפּעס עקשנותדיק שווייגן, אפילו כאָטש פון יוצא ווענן נישט ענטפערן, בעת איך פלעג זיך נאָר צו אים ווענדן. אין לויט ווי איך האָב באַמערקט, האָט ער פאַרמאָגט בלויז אײנאיינציקן פונקט, וואָס פלעגט אים מאַכן רעדעוודיק. דאָס איז געווען דער דאָקטאָר הערצל.

אַ המצאה פון אַ ייד! עס האָט זיך נאָר געדאַרפט פאַרבינדן אַ שטיקל שמועס וועגן דעם דאָקטאָר הערצל, און קלמן דער מלמד פלעגט אין איין סעקונדע ממש אין אַן אַנדערן מענטש פאַרוואַנדלט ווערן: האַסטיק אַראָפּשליידערן פון דער נאָז די בלויע שפּאַקולן, אָנגעבלאָזן, פאַרלייגן אַ פוס אויף אַ פוס און עפּעס, ווי אַ בעל־מגזם אַ שדכן, פאַרפלייצן מיך מיט אַ ים ווערטער און אַלץ וועגן דעם דאָקטאָר הערצל. עס פלעגן זיך שיטן מעשיות אויסגעלייענטע און מעשיות אויסגעטראַכטע וועגן דעם דאָקטאָר הערצלס נסיעות, וועגן דעם כבוד, וואָס מען גיט אים אָפּ אין די קעניגלעכע הויפן און בײַ דעם פּויפּסט אין רוים, און מעשיות וועגן דעם דאָקטאָר הערצלס יחוס־בריה און זיין פאַמיליען־לעבן. אָט די אַלע מעשיות, אַגב, מיט פאַרשידענע פאָרטרעטן פונם דאָקטאָר הערצל אילוסטרירט.

און דערביי פלעגט קלמן תמיד פארענדיקן אַלע זיינע „הערצל־מעשיות“ מיט איין און דעמזעלביקן, עפּעס ווי איינגעחזרטן פּזמון:

— רבונו של עולם, געזונט זאָל ער נאָר זיין, דער דאָקטאָר הערצל! עפּעס אַ קלייניקייט צו זאָגן, וואָס ער האָט מיט מיר אָפּגעטון? — פון אַ ליימענעם שערבל האָט ער אַ שטיקל „יש“ געמאַכט.

און כּדי איך זאָל ווי געהעריק פאַרשטיין זיין שייכות צו דעם דאָקטאָר הערצל, אַז ער רעדט נישט גלאַט און דער וועלט אַריין, פלעגט מיר קלמן אין פאַרשידענע נוסחאות דערביי אויך זיין אייגענע ביאָגראַפיע דערציילן, כּמעט פון געבוירן אָן. פיל האָט ער זיך מיר אַנדערציילט אין דידאַקטיקע זומערדיקע פרימאָרגנס און פון דעם אַלעם האָב איך זיך אָט וואָס דערוווּסט:

אָט דאָ, אינם שטעטל גופא, איז עס קלמן געבוירן געוואָרן און אויפגעהאָדעוועט זיך. זיין טאַטע איז אַ זייגער־מייסטער געווען און אַ שטיקל מקובל. קליינערהייט האָט קלמן פאַר אַן עילוי געשמט אין דער גאַנצער געגנט, נאָכדעם אַ גערעטענער בחור געווען און אַ פיינער מושלם. נאָך גאָר יינגלוויז אין די ישיבות אַוועקגעשלעפּט זיך, און וואַלגערנדיק זיך אין פאַרשידענע ישיבות פון מיר, טעלז און סלאָבאָדקע — האָט ער פאַר זיך געטרוימט מיט דער צייט אַוועקצולאָזן זיך קיין בערלין אָדער בודאַפּעשט שטודירן. מסתּמא וואָלט מיט דער צייט טאַקע, סוף כּל סוף, אַ דאָקטאָר־ראַבינער פון אים אַרויסגעקומען. די צייט איז דווקא געווען אַ גינסטיקע: דעמאָלט האָבן נאָך געלעבט אַזוינע לעמפּערטן, ווי גרעץ, ווייס, פראַנקל און אַנדערע גדולים...

דאָס האָט אָבער אפשר טאַקע נאָר געקאָנט זיין. אַנשטאָט צו פאָרן קיין בערלין אָדער קיין בודאַפּעשט, האָט קלמן גענומען און איינמאָל אין אַ שבת־נחמו גאָר חתונה־געהאַט, טאַקע פונם אייגענעם שטעטל גופא, מיט אַ שענקערינס אַ טאָכטער, אַ בת־יחידה, אַ יתומה אָן אַ פאָטער, און איז פאַרזונקען געבליבן אין אָט דעם בלאָטיקן העק אויף אייביק.

הגם תּיכּף נאָך דער חתונה אין פרנסה נישט געניי־טיקט זיך —

דער נדן איז נאָך געלעגן נישט גערירט, די מחיה־שטוב האָט געגעבן איבער גענוג אויף אַלץ, און קלמן איז גאָר געווען אַריינ־געטון מיט לייב און לעבן אינם „מפתח", וואָס ער האָט גע־מאַכט אויף דקדוק און אין לערנען זיך רוסיש — פונדעסטוועגן האָט ער אָנגעהויבן צו קנעלן צוויי שעה אין טאָג, כלומרשט אַלס פריינט־חבר, מיטן שטעטלדיקן גבירס זון, עפּעס ווי פון פריילעכ־קייט וועגן, און אויף אַזאַ אופן ביסלעכווייז אין מלמדות אַריינ־געצויגן זיך. נאָכדעם, אַז קלמנס שוויגער איז אָפּגעשטאָרבן, דער נדן צעטרענצלט געוואָרן און פונם שפּע־הויז זענען נאָר עטלעכע גוישע משכּנות געבליבן ווי אַן אָנדענק, האָט זיך קלמן גענומען טאַקע צום ריכטיקן קנעלן.

אמת, פון אָנהייב נישט געוואָלט אַזוי גרינג אונטערגעבן זיך. מיט אַלע כּוחות געעקשנט זיך. אַ חדר־מתוקן געגרינדעט מיט פּאַרטעס, מיט אַ שוואַרצער גריפל־טאָוול אויף דער וואַנט, מיט קלאַסן, אפילו אַ גלעקל איינגעפירט. האָט מען אָבער פון אים אין די הויפּנס געלאַכט, און עס האָט טאַקע נישט אויסגעהאַלטן. קלמן דער מדקדק איז געוואָרן לסוף אַ פּשוטער מלמד לויטן מוס־טער פון אַלע שטעטלדיקע מלמדים...

דערווייל נאָך דערצו אַ היפּשער בעל־מטופּל אויך געוואָרן, און עס זענען אַוועקגעגאַנגען לאַנגע ביטערע יאָרן פון דחקות, פון פאַרשטערטע שבתים און ימים־טובים, פון שפלות און פון שטענ־דיקע שטוביקע צאַנקערייען. געמאַטערט און געשטופּט זיך און אויסגעוועבט האָבן זיך זיינע ייִנגלישע חלומות, וואָס ער פלעגט זען אַמאָל, ליגנדיק אויף די האַרטע ישיבה־בענק. קלמן האָט זיך אָפּגעלאָזט עפּעס איצט און פאַרבטלנט... אינם שטעטל האָט מען שוין אָנגעהויבן מיט קלמנען צו טרייסטן די טאַטעס, וואָס זענען געשטראָפט געוואָרן מיט שלעכטע קינדער.

„נישקשה, חתונה האָבן איז אַ פּנים אַ סגולה צו אַלץ... וויל מען סטאַלירן אַ מענטש און מאַכן פון אים אַ שטיקל מהות, דאַרף מען פריער אָנשיקן אויף אים, לכל הפּחות, אַ האַלב טוץ קינ־דער"... — פלעגן זאָגן די שטעטלדיקע חכמים, קוקנדיק, ווי קלמן האָט זיך טאַקע „סטאַלירט". אין די שלש־רגלים גלייך נאָכן

דאַווענען האָט קלמן אָנגעהויבן אומצושפּאַנען מיט די קינדער אי־בער די בעל־הבתּישע הייזער און, ווי אַלע כּלי־קודש, זאָגן „גוט יום־טוב" ; ווינטער פאַרן דאַווענען, ווי אַלע אָרעמע יידן, פרירן שעהן לאַנג אויפן מאַרק, כּדי צו כאַפּן עפּעס בײַ אַ גוי אַ מציאה־דיק וועגעלע האָלץ, וואָס מען קאָן זיך נישט פאַרלאָזן אויפן ווייב אַליין ; זומער, ווי אַלע דרדקים פונם שטעטל, צוויי מאָל אין טאָג, מעשה ייִנגל, אומטאַנצן איבער די גאַסן מיט זיין ציג, טרייבנדיק זי מיט אַ ריטעלע אין פעלד אַריין פּיטערן זיך ; אין די טומלדיקע פאַרנאַכטן פון די יאַריד־טעג קלויבן איינציקווייז הייעלעך און שטרויעלעך אויפן מאַרק און אין די בית־עלמינדיק רויקע און אוי־מעטיקע בין־הזמנימדיקע נאָכמיטאָגס, פויזנדיק אויף די הענט, צו־נויפשאַרן פון די גערטנער די אָראָפּגעפאַלענע געלע ביימער־בלע־טער, כּדי צו פאַרשיטן דעם דירה־בוידעם לעבן קוימען.

סוף־כּל־סוף האָט קלמן אזא מדרגה דערגרייכט, אַז אפילו די געקרוינטע בעלי־בתּים — די ריכטיקע מיוחסים און די אמתע מופלגים — האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צו שיקן זייערע קינדער צו אים אין חדר. צו דעם האָט זיך קלמן אפילו פּיזיש עפּעס גע־ענדערט.

קלמן איז קלענער געוואָרן, איינגעהויקערט און קרוע־בלוע, ממש ווי אַ בעטלער און עובר־ושב. די שטיוול תּמיד מיט צוקער־שטריקעלעך פאַרפּענטעט און אַליין אַריינגעשטופּט אין אַ לאַנגן און ברייטן צעלעכערטן שוואַרצן בורנוס אָן אַ סטאָן פונם סאָרט חברה־קדישא־מלבושים. און אָט דאָס אַלץ האָט קלמנען שוין גאָר־נישט געקימערט אויך. אפילו דעם אייגענעם יאוש כּמעט ווי נישט געשפּירט...

אָט אַזוי האָט עס קלמן כּמעט ביז גרויע האָר דערגרייכט !

נאָר אינמיטן דערינען האָט זיך דער דאָקטאָר הערצל באַ־וויזן אויף דער וועלט און אים, קלמנען, עפּעס די צעדרויזגעטע ביינער אויסגעגלייכט, דאָס לעבן באַשיינט. קלמן דער מדקדק האָט אָנגעהויבן צאַפּלען זיך און פונם זומפּ זיך צו דראַפּען. מאָדנע : אין פלוג, וואָס פאַר אַ שייכות ?... אָט אַזוי איז עס אָבער די מעשה. יעדער טריט, וואָס דער דאָקטאָר הערצל פלעגט מאַכן

דאָרטן אין די מדינות, פלעגט זיך תּיכף אָפּרופן אָט דאָ אויף קלמנען.

קלמן איז געוואָרן עפּעס שטאַרק בײַ זיך און שעמען זיך אָנגעהויבן מיט אַלץ, וואָס דאָס אויג זעט און דאָס אויער הערט. שווער געוואָרן די אייגענע חרפּה צו טראָגן. אין אַזאַ צײַט, בעת ממש הימלען שפּאַלטן זיך, ווי טראַכט מען עס פון נאָך פּסח אָן וועגן קרויט, וואָס מען וועט דאַרפן שטעלן זויערן ערשט נאָך סוכּות?... ווי גייט מען עס אַרום אַזוי אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, בעת מען הייבט אָן צו ווערן שטיקלעך בעלי־בתּים, מיט וועלכע די וועלט, קאָן זײַן, וועט זיך באַלד רעכענען?...

און אָט אַזוי אין אַלץ האָט דער מוח אָנגעהויבן צו טראַכטן גאָר אַנדערש, ווי פריער. אויף דער עלטער שוין, גאָר ייִנגליש, ווייטער אויף גליקן אָנגעהויבן וואַרטן, מעשה גבירישער ייִנגערמאַן, אויפן אייגענעם חשבון אַ צײַטונג אָנגעהויבן צו באַקומען. יעדער טאָג קאָן זיך ..ייזן עפּעס נײַעס, און מען דאַרף דאָך וויסן, ווו מען האַלט אין דער וועלט?... — בעצם איז דאָך קלמן, דאַכט זיך, פאַרבליבן אַן אביון און אַ בעל־מטופּל, פּונקט ווי פריער. אָט די יסורים אָבער זענען איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן בלויז אין אומאָנגענעמע קלייניקייטן. עס ראַליעט זיך, פּאַראַן אויף וועמען אָנצושפּאַרן זיך, און האָפענונגען זענען דאָ אויף דאָס בײַ אַרויס־צופּלאָנטערן זיך...

דאָס אַלץ פלעגט מיר קלמן באריכות דערציילן. איך האָב זיך שוין צוגעוווינט צו אָט די דערציילונגען אין אַ משך פון עט־לעכע חדשים. פּונקט ווי איך האָב זיך מיט קלמנען גופא אײַנגע־לעבט. און פונדעסטוועגן האָט מיר, באמת גערעדט, אָט די גאַנצע מעשה גאַנץ אָפט אויסגעזען עפּעס ווי אַ מלמדיש קליינשטעטלדי־קער אײַנפאַל, אַ ביסל קאָמיש.

נאָר אָט איז פּלוצלינג געקומען אַ מאָמענט, בעת קלמן דער מדקדק האָט זיך פאַר מיר באַוויזן אין אַזאַ געשטאַלט, וואָס איך וואָלט זיך גאָרנישט געקאָנט אפילו פאָרשטעלן, און איז, ממש אין איין מינוט, אין מײַנע אויגן כּמעט אין אַן אויסטערלישער פיגור אויסגעוואַקסן.

סוף תמוז איז עס געווען. א גליענדיקער פרימאָרגן. איך בין געשטאַנען בא זיך אינם צימער, וואָס איז צום מאַרק אַרויסגעקומען און האָב דאָס שטעטל פונם קאָפּ ביז די פיס באַטראַכט. די זון האָט געהאַלטן אין איין פונאַנדערברענען זיך. די געוועלבלעך זענען געווען פאַרשלאָסן און פאַרריגלט. די היימיש־פאַרמיטאָג־דיקע לייזונג האָט מען שוין דורכגעמאַכט, אויף פרעמדע פדיונות איז לכתחילה נישט געווען וואָס צו ריכטן זיך, און די קרעמער זענען זיך פרי אין די הייזער און בתי־מדרשים פונאַנדערגעגאַנגען. אינדרויסן, אויפן קליינעם שטח ערד — אויסער די עטלעכע גוים, די שטעטלדיקע דורכן־יאָריקע שיכּורים, וואָס זענען געלעגן האַלב־באַקעט מיטן פּנים אַראָפּ און געשלאָפן אויפן גאַניק פון דער איינ־ציקער אכסניה, און דעם יידישן דאָקטאָר מיטן פּוילישן ציבּון־מאָנער, — ביידע אַלטינקע האָרבעוואַטע ליליפּוטלעך־פּראַנטן אָן בערד און אָן וואָנסעס, אין ווייסע אָנצוגן און פּאַנאַמעס, וואָס זענען געזעסן לעבן אַפּטייק און מיט קעצלעך געשפּילט זיך — איז דאָ בעת־מעשה אַ לעבעדיקער נפש נישט געווען. און שטיל, אַז עס האָט זיך, דאַכט זיך, געלאָזט הערן אין דער זודיקער לופט, ווי די פּאָדים־פּרענטלעך באַוועגן זיך דאָרט אין די הענט פון די אַלטיטשקעס, וואָס זיצן אירצט פאַרדרימלט אין די אַלקערס און שטריקן זאָקן. ערשט פּלוצלינג האָב איך דערזען קלמנען, לויפנדיק אוטוז מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם. געטראַכט: מסתמא לויפט ער עס פון דער פּאָסט און גלייך צו מיר. ווי תּמיד וועט ער מיר די „הצפירה״ אַריינטראָגן דורכצולייענען און גלאָט, ווי זיין שטייגער איז, זיצן אַ ווײַלע...

נאָר קלמן איז אָבער האַסטיק פאַרביי דורכגעלאָפן און אפילו אויף מיין „גוטן־מאָרגן״ נישט געענטפערט. איך האָב אגב באַמערקט: דאָס פּנים זיינס איז עפּעס געווען יום־כּיפּורדיק־בלאַס, דער סורדוט פונאַנדערגעקנעפּלט און דער טלית־קטן האָט זיך געבאַמבלט לעבן גאַרטל.

קלמן זאָל גאָר מיך אויסמיידן?...

וואָס האָט עס דאָ געקאָנט פּאַסירן?... אפשר אַ קינד עפּעס

פאַרשלאָפט געוואָרן ?... (קלמן איז געווען אַ זעלטן האַרציקער פּאַטער).

עטלעכע שעה אוודאי האָב איך געוואַרט און ער האָט זיך נישט געוויזן. האָב איך אים געפּרוווט זוכן, נאָר אינדערהיים נישט געטראָפן און אינם חדר נישט געפונען.

ערשט מנחה צייט האָט ער זיך געבראַכט צו שלעפּן, אַ מידער, אַ טרויעריקער, אַ צעשויבערטער, אַ פאַרשמוציקטער און אויסגעוואַלגערטער, פּונקט ווי אַן אבל, בעת ער שטופּט זיך אַריין אין אַ בית־המדרש, דאָס ערשטע מאָל נאָכן שבעה אויפשטיין, קדיש זאָגן. אין אָט דעם איינעם טאָג איז קלמן געוואָרן ממש נישט צו דערקענען. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און ציטערנדיק מיט די הויכע שטאַרצנדיקע אַקסלען אויף אַ שטול אַנידערגעזעצט זיך. יאָ, אַפּנים, מיט קלמנען איז טאַקע היינט עפּעס נישט גלאַטיק. איך האָב אים געוואָלט פרעגן, נאָר איידער איך האָב דערוויזן דאָס מויל צו עפענען, — רופט ער זיך אָפּ צו מיר:

— איר ווייסט, סאַראַ בייעס עס איז היינט פאַרהאַנען אין שטאָט ?... דער דאָקטאָר הערצל איז דאָך מסוכן קראַנק... אַזוי קראַנק, אַז טאַקע נאָר איין גאָט זאָל זיך דערבאַרמען אויף אים.

איך בין זיך מודה, בעת מעשה האָט אויף מיר אָט די ידיעה קיין איבעריקן רושם נישט געמאַכט: „כ'ווייס, שטעטלדיקע פאַנטאָפל־פּאָסט” — און האָב עס קלמנען אויך אַרויסגעזאָגט.

נאָר קלמן האָט מיט דער האַנט אַ מאַך געטון און צעכליפּעט זיך אויף אַ קול:

„הלואי — זאָגט ער — וואָלט עס טאַקע אַזוי געווען אַ ליגן, ווי דאָס איז אַן אמת”.

און וויינענדיק אויפן קול געאיילט מיך, איך זאָל מיט אים גיין וואָס גיכער אין דער אַלטער שול: דאָרטן וועלן איצט מנינים ייד, זאָגן תהילים פאַרן געזונט פונם דאָקטאָר הערצל.

אָט די גאַנצע מעשה איז פאַר מיר געווען עפּעס אומגעריכט און אומגלויבלעך. נאָר איך בין געווען אַזוי גערירט פון קלמנס אויסזען, פון קלמנס טאָן און פון קלמנס טרערן, אַז איך

וואָלט, דאַכט זיך, געגאַנגען בעת־מעשה, ווהין ער וואָלט מיך נישט גערופן. און איך האָב טאַקע געפאָלגט.

אינדרויסן איז שוין די תמוזדיקע היץ אַ ביסל אָפּגעפאַלן. נאָר די ייִנגע קרעמער זענען נאָך געשטאַנען מיט נאַסע בערד און פּיאות און אויסגעוואַשענע פּנימער: אַ גאַנצן טאָג, ווי קינ־דער, כּמעט יעדער שעה אינם טייך געשווענקט זיך. און די זקנים־תּקיפים האָבן אָן קאַפּאָטעס און, ווי תּשעה־באב, אָן שיך, לעבן די הייזלעך אומגעשפּאַצירט און לופט אין זיך איינגעאָטעמט. די אַלטע שול איז בעת מעשה געווען געפּאַקט מיט אַן עולם. ווי אין אַ יום־טוב־טאָג: זומער־צייט — קיין אַנדערע מלאכות כּמעט סיי ווי סיי נישטאָ, מיר זענען ביידע האַרט צו מנחה אָנגעקומען. אין אָט דעם טאָג אגב עפּעס פיל יאָר־צייטן געווען, און עס האָט געברומט און געטומלט אין דער שול.

איך האָב קלמנען פונם אויג נישט אַרויסגעלאָזט. אָט האָט ער זיך לעבן ארון־הקודש אַנידערגעשטעלט און האַלטנדיק די אויגן עפּעס כּוונהדיק פאַרמאַכט, די גאַנצע צייט פון מנחה ממש מיט אַן אבר נישט אַ ריר געטון. ווי פון מרחקים אַ חשובער אורח, וואָס האָט זיך אונטערוועגס פון אַ צרה דערוווסט, האָט דאָ קלמן איצט אויסגעזען צווישן דעם עולם... און אַז מען האָט דעם לעצטן קדיש אָפּגע׳אָגט, איז קלמן צום שולחן צוגעגאַנגען, און שטאַרקנדיק זיך, אויסגערופן:

— ברידער ייִדן! איר זאָלט וויסן זיין, אַז מיט דעם דאָק־טאָר הערצל האַלט זייער שלעכט... ער איז מסוכן... זאָגט תּהילים, מען דאַרף האָבן פיל רחמים... רחמים רבים...

אָפּגעזאָגט און צוריק ווי פריער לעבן ארון־הקודש אוועקגע־שטעלט זיך.

קלמנס אויסרוף האָט ניכּר געמאַכט אַ רושם; צענדליקער קולות האָבן זיך דערהערט פון אַלע זייטן:

„אזוי, דער דאָקטאָר הערצל איז גאָר אַ גרויסער חולה״?...

און אַלע, וואָס זענען דאָ בעת מעשה געווען — אַלט און ייִנג, אפילו קינדער האָבן זיך חברותווייז לעבן די טישן אַרומ־געזעצט און אויפן קול מיט אַ ניגון, הושענה־רבאדיק, פּסוקים גע־

זאָגט. און קלמן איז אַלץ געשטאַנען אָפּגעזונדערט, ווי אַן עלטסטער לעבן דעם ארון־הקודש, גלייך ווי אַ סטרונע אויסגעצויגן און קוים געשאָקלט מיט די ליפּן. נאָך די פּסוקים האָט מען דעם דאָקטאָר הערצל אַ נייעם נאָמען צוגעגעבן און אַלע זענען זיך טרויעריק פונאַנדערגעגאַנגען.

איך האָב אינדרויסן אויף קלמנען אויסגעוואַרט. דאָס חדר האָט קלמן היינט פונאַנדערגעלאָזט נאָך פּאַר מיטאָג און לויט זיין פאַרלאַנג בין איך מיט אים איצט צווישן מנחה און מעריב אינם בעריאָזע־וועלדל שפּאַצירן אַוועקגעגאַנגען.

עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער לאַנגזאַמער זון־אונטער־גאַנג. דאָס ווייסע וועלדל האָט זיך אין שקיעה־רויטקייט געטונקט. אַ שטומע וועלט — עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס וואַסער־כאָרכלען פון אַ שטייניק ריטשקעלע. און קלמן האָט זיך צערעדט, נאָר מערקווירדיק, נישט וועגן דעם דאָקטאָר הערצל. געמאָסטן און געוויגן האָט קלמן גערעדט, יעדעס וואָרט געציילט און טרויעריש־טרויעריק. קלמן האָט גערעדט וועגן איובן, שלמה המלך, וועגן עשרה־הרוגי־מלכות און שפּאַנישע אנוסים, וועגן ר' יהודה הלויס טויט לעבן די טויערן פון ירושלים, וועגן זייערע ליידן און שטאָלץ. דערווייל איז שוין געוואָרן נאַכט און קלמן האָט מיך נערופן, איך זאָל מיט אים גיין צו מעריב ווידער אין דער אַלטער שול. איך האָב ווידער געפאָלגט. געקומען זענען מיר שוין נאָך „ברכו", ווי צו מנחה, האָט זיך קלמן איצט ווידער צום ארון־הקודש צוגעטוליעט. נאָך מעריב האָט ער זיך מיט פּאַמעלעכדיקע טריט צום עמוד צוגערוקט און, האַלטנדיק דעם קאָפּ אָן אַ זייט פאַרוואָרפן, די הענט פון פאָרנט צונויפגעדריקט, דקדוקדיק און זייענדיק די ווערטער, קדיש־יתום געזאָגט...

יידן האָבן אים פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט.

„נו, קלמן, וואָס הערט זיך עפּעס מיט דעם דאָקטאָר הערצל"?...

און קלמן האָט מיט אַ ציטעריקער שטים אויסגעשריגן:

„דער דאָקטאָר הערצל איז געשטאָרבן... יידן!... זאָגט אַלע קדיש נאָך זיין גרויסער נשמה"...

און איז האַסטיק דורכן טהרה־חדר פון דער אַלטער שול אַרויסגעלאָפן. איך האָב זיך געלאָזט גלייך נאָך אים. קוים אָנגעיאָגט, שוין אויפן מאַרק, און געוואָרפן זיך אויף קלמנען:

— ר' קלמן, וואָס האָט איר עס דאָ געזאָגט?... דער דאָקטאָר הערצל איז געשטאָרבן?... צו מנחה האָט איר דאָך געטענהט, אַז ער איז נאָר שטאַרק קראַנק...

און קלמן דער מלמד נעמט מיך אָן פעסט פאַר דער האַנט. פאַרן לבנה־שיין אויפן מאַרק לעבן די פאַרשלאָסענע געוועלבלעך און טישלעך זעט ער אויס ווי אַ שאָטן... און אָט דער שאָטן, אַרומקוקנדיק זיך פאָרזיכטיק, רוימט מיר איין אַ סוד אויפן אויער:

— אַן אמת, מיין פריינט!... נישטאָ שוין מער צווישן אונז דער דאָקטאָר הערצל... אויס, אָפּגעטאַנצט די חתונקע... איך האָב עס געוווּסט נאָך הייַנט פאַרטאָג פון דער „הצפירה"... נאָר איך האָב קיינעם נישט אויסגעזאָגט... בכּיוון באַהאַלטן עס, כּבוד־מלכות, פאַרשטייט איר מיך, געוואָלט אים אָפּגעבן הערצלען... אָט אַזוי איז מען זיך נוהג אויף דער גאַנצער וועלט: שטאַרבט אַ קעניג, איז מען נישט מודיע תּיכּף דעם פאָלק וועגן דעם... אַ ביסל צייט באַהאַלט מען פון אים אויס אָט די בשורה רעה... ביסלעכווייז, לאַנגזאַם געוויינט מען עס צו... אָט אין פאַלאַץ ווייסן שוין אַלע, אַז דער קעניג איז טויט, און דאָס פאָלק שטייט נאָך אין די גאַסן געקניט, די הענט צום הימל אויסגעשפּרייט און בעט מיט טרערן: „אַלמעכטיקער, פאַרלענגער דאָס לעבן פון אונזער מלך"!... איצט פאַרשטייט איר שוין?... דער דאָקטאָר הערצל ליגט שוין דאָרטן אין זיין אייביקער רו, און מיר דאָ, זיינע אונטערטאַנען, בעטן נאָך אַלץ פאַר זיין געזונט... כּבוד־מלכות, מיין פריינט... בכּיוון אַלץ... אַ שיינע לויה געוואָלט זיך אים מאַכן: עס זאָל זיך געדענקען אויף תּמיד... גאָרנישט משער צו זיין, ווי וועט עס אויסזען דער מאָרגנדיקער טאָג... ווידער אין חדר שלעפּן זיך?... ווידער דלות און שפלות... אוי, מיין פריינט, פאַרשפּילט די קרוין, אויס, לגמרי אויס...

נאָך אָט די לעצטע ווערטער איז קלמן געשטאַנען עטלעכע מינוט און געשוויגן. קלמן האָט געקוקט אויף דער לבנה, האַלטנ־

דיק נאָך אַלײן מיך פֿאַר דער האַנט, עפּעס װי נישט װילנדיק זיך צעשײדן מיט מיר. און פּלוצלינג האָט ער זיך אַ ריס געטון, זאָגנ־דיק האַרציק און קהלתדיק באַטראַכט:

— נו, איז, הײסט עס, דער טאָג פֿאַרענדיקט. נישט דער־װײזן אפֿילו אַרומצוקוקן זיך. איצט דאַרף מען גײן דעם לעצטן כּבוד אָפּגעבן: קריעה רײסן און אַ שעה־צײט שבעה זיצן אויף דער ערד.

און מיר האָבן זיך געזעגנט אויפֿן װינקל אָן װערטער, און אפֿילו אָן „אַ גוטע־נאַכט" — אָן אבֿל...

1918

# צווייִ קריפּלס

.1

## מיכאַיל גאָץ

... אין דער פראַנצויזישער שווייץ, צווישן זשענעוו און לאָזאַן. אַ ווייסע ווילע אויף אַ באַרג. אַלייען, קאַשטאַנען-ביימער, סטאַטועס, געביידעס, ווי פון מאַרמאָרשטיין, מיט געשניצטע, שפּיציקע סאַלקעס. די גאַנצע אומגעבונג דערמאָנט אָן אַ פאַרצייטיקן שלאָס אין אַ ראָמאַניש-אייראָפּעיש לאַנד.

אַ הייסער זומער-טאָג. גליענדיקע פּאַסן זונען-ליכט. פון די סאַלקעס דערטראָגן זיך מוזיק-קלאַנגען. יינגוואַרג שפּילט אין קראָקעט און טעניס.

אין איינער פון דידאָזיקע אַלייען, לעבן אַ מורמלענדן פאָנטאַן און אונטער דעם שאָטן פון אַ צונויפגעפלאָכטענעם קאַשטאַנען-צווילינג — אַ וועגעלע — ריכטיקער אַ וויגעלע — פאַר געליימטע. דאָס וועגעלע-וויגעלע איז באַדעקט מיט אַ שוואַרץ-פּלושענער קאָלדרע. פון אונטער דער שוואַרצער קאָלדרע שטעקט אַרויס אַ שוואַרצער קאָפּ אין אַ שוואַרץ-סאַמעטן פּלאַטשיק מיצעלע און איבער דער שוואַרצער קאָלדרע – באָמבלט זיך אַ שוואַרץ בערדל. דורכאויס — שוואַרץ. עס מישט זיך נישט אַריין אַפילו קיין איין שפּרינקעלע פון עפּעס אַן אַנדערן קאָליר.

דידאָזיקע שוואַרצע מאַסע איז עס דער שעף פון רעוואָלוציאָנערן גענעראַל-שטאַב, וואָס פירט קריג מיט דער אַלמעכטיקער דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס פאַר דער רוסישער אימפּעריע. דאָס

איז דער פּאַראַליזירטער מיכאַיל גאָץ, וואָס איז דער פּאַקטישער פירער פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און, לויט זיין שטאַם — אַן אייניקל פון ק. ז. וויסאָצקי, דער באַוווסטער מאָסקווער טיי־הענדלער און נישט ווינציקער באַוווסטער מעצענאַט פון דער העברעישער ליטעראַטור און פונם מיסטיש־נאַציאָנאַלן יידישן אָרדן „ליבהאָבער פון ציון”.

לעבן מיכאַיל גאָצן זיצן בעת־מעשה פוןביידע זייטן זייבע צווי געהילפן. רעכטס — דער רונדער און דיקער וויקטאָר טשערנאָוו. און לינקס — דער קאַנטיקער און שלאַנקער — באָריס סאַווינקאָוו.

ווי געהאָרכזאַם, ממש אונטערטעניק דידאָזיקע צוויי פּולבלוטיקע רוסן האַלטן זיך עס מיט זייער יידישן קוים זשיפּענדיקן עלטסטן, וואָס זעט אויס, ווי אַ נאַכט־סילועט. זיי סודען זיך זאַלבעדריט.

עס רייסט זיך איבער זייער געהיימער שמועס: אַ יינגערמאַן און אַ יונגע פרוי טרעטן צו נאָנט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי פּילגרימען צו זייער הייליקטום.

דאָס איז די בלאָנדע רוסין, דאָראַ פון טשיטאַ און דער ברונעט באָריס, אַ יידישער יינגערמאַן פון אָדעס. — ביידע טעראָריסטן, וואָס לאָזן זיך אַוועק נאָך היינט קיין רוסלאַנד אויף „אַרבעט”, גרייטע אומצוברענגען זיך גופא און צו טויטן אַנדערע.

צו דעמדאָזיקן שוואַרצן פּאַראַליטיק זענען זיי עס געקומען אין דער לעצטער רגע בענטשן זיך און אָנצושטעקן זיך מיט מוט און מיט גבורה אויף שפּעטער...

.II

## אַרקאַדי גאָרענפעלד

... פּעטערבורג. די גאַס מאָכאָוואַיאַ, וואָס איז פון לאַנג אָן אָנגעזאַפּט מיט די עלעגישע דערינערונגען און מיט די שטאָלצע טראַדיציעס פון די רוסישע ליבעראַלן און ראַדיקאַלן. — ...

ס די אינטעליגענץ פון דער הויפּט־שטאָט דור־אויס דור־איין, װי אַן עקספּעדיציע פון אײראָפּעישע געלערנטע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָדער שאַנכײ. — עפּעס אַן אָפּגעזונדערטער קװאַרטאַל מיט אײגענע געזעצן, װאָס פּאַסן זיך נישט אַרײַן אין דער קאָנסטיטוציע פון דער גאַנצער מלוכה...

אין אַן אונטערשטן שטאָק — אַן אײנפאַך צימער, אינם צימער אינם דאָזיקן, פון אַלע פיר זײַטן — ביכער־פּאָליצעס ביז דער סטעליע. אַ לאַנגער און ברײטער טיש, װי אַ שנײדערישער װאַרשטאַט. לעבן אַט דעם טיש, אויף אַ הויכער שטול — אַ קאַרליק מיט אַ האָרב פון פאָרנט און אַ האָרב פון הינטן. אַן אַלט און צעקנײטשט פּנימל מיט צװײ בלויע שמײכלענדיקע אײגעלעך. אַן אויסגעפּליכטער שאַרבן מיט אַ פּאָר קלעביק־פאַרטרוקנטע גרויע הערעלעך.

דאָס איז אַרקאַדי גאָרענפעלד, דער זון פון אַ יידישן קרעמער אין סימפעראָפּאָל, אין קרים, און אײנער פון די אָנגעזעענסטע רוסישע ליטעראַטור־פאָרשער, אויף װעמען דער אַזױ גערופענער „מאַכטהאָבער פונם רוסישן געדאַנק" — מיכאַילאָװסקי, האָט נאָך עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ קװאַל פון חכמה..

עס איז אַ װינטערדיקער פאַרנאַכט. אינדרויסן — אַ זאַװיערוכע, דורך דער זאַװיערוכע — דערטראָגן זיך גלעקלעך־קלאַנגען פון די פּעטערבורגער־„טראָיקעס".

— רוסלאַנד — זאָגט ער, גאָרענפעלד — איז באַגנעדיקט פון גאָט מיט צװײ אײביקײטן — מיט אומענדלעכע שנײ־סטעפּעס און מיט פּושקינס װינטער־לידער... צװײ גלײַכע ריזן!...

ער רעדט מיט פאַרדרוס װעגן דעם, װאָס אין דער מאָדערנער ליטעראַטור און אין דער הײַנטיקער קונסט בכלל, האָט זיך אײנגעשטעלט אַזאַ װײכער, לירישער טאָן. ער קלאָגט זיך אויף דעם, װאָס די אינטעלעקטועלע פון אונדזער צײַט פאַרמאָגן נישט קײן כאַראַקטער, קײן אינסטינקטן, קײן אור־קראַפט אין זײער גײַסטיקן שאַפן.

און ער זינגט, דער דאָזיקער קאַרליק מיט די צװײ האָרבן פון פאָרנט און פון הינטן — אַ הימן צו העראָישער שטאַרקײט.

בילדלעך, פאַרביק דערצײלט ער װעגן דעם גרויסן גענוס,

וואָס ער האָט באַקומען אין דער פאַבריקער נאַכט פון אייסעדאָרע דונקאַנס פלאַסטישע טענץ...

אויף אַלע פיר פויזעט ער אַראָפּ. גאָרענפעלד, פון זיין הויכן געזעס. אויף צווייי קוליעס שאַרט ער זיך קוים צו צו אַ ביכער־פאָליצע, וואָס געפינט זיך סך־הכּל עטלעכע מעטער ווייט פונם טיש. ער נעמט פון דאָרטן אַרויס אַן אַלבום מיט רעפּראָדוקציעס: בילדער פון רובענס, פון זיין ליבסטן מאָלער.

ער צייגט, גאָרענפעלד, די שיינקייט פון פולבלוטיקייט, פון פיזישער מוסקולאַטור און אַליין קוים וואָס ער אָטעמט פון מידקייט, פון אָנשטרענגונג.

עטלעכע מעטער גאַנג, דאָך געשאַרט זיך אויף קוליעס — פונם טיש ביז דער ביכער־פאָליצע...

1926

# פראָפעסאָר לודוויק שטיין

1.

דערדאָזיקער לודוויק שטיין איז פילאָזאָפיע־פּראָפעסאָר אינם בערנער אוניווערזיטעט אין דער שווייץ.

בין גאָר אַ קאָלאָריטע און אַמביציעזע פיגור. אַ מאַן פון אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער. אַ ייד איז ער. פון אונגאַרן שטאַמט ער. אין דער יוגנט געווען אַ ראַבינער אין בעמען, ווו ער איז געוואָרן באַרימט אַלס סינאַגאָגע־פּרעדיקער, אַ דאַנק זיינע אָראַטאָרישע פעיקייטן. שפּעטער רייך חתונה געהאַט, נאָכדעם דערשלאָגן זיך צו אַ קאַטעדרע אין בערן, ווו ער לעבט ממש אין אַ פּאַלאַץ, וואָס איז, אגב, זיין פּערזענלעך אייגנטום. נאָר ער באַגנוגנט זיך נישט און באַפרידיקט זיך נישט, נישט מיט דער קאַטעדרע און נישט מיט דעם רייכטום. ער פאַרמאָגט אַ קאָלאָסאַלע ענערגיע, און אָט די ענערגיע שטויסט אים צו מעשים אויף פאַרשידענע געביטן, אפילו אויף אַזוינע געביטן, וואָס אין פלוג קאָן ער, דאַכט זיך, גאָרנישט האָבן צו זיי קיין שום שייכות. אומעטום מישט ער זיך, דער פּראָפעסער שטיין, און אומעטום איז ער פול: טומלדיק־פּראָדוקטיוו און תמיד אויסשטעלעריש.

נישטאָ קיין איין יאָר, וואָס לודוויק שטיין זאָל נישט האָבן אָפּגעדרוקט עטלעכע ביכער פון זיינע שריפטן. אַ ביבליאָטעק אַ גאַנצע האָט ער שוין אָנגעשריבן און וועגן אַלץ אין דער וועלט. ער האָט ווערק וועגן פילאָזאָפיע און סאָציאָלאָגיע, וועגן שיינער ליטעראַטור און פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וועגן רעליגיע און נאַטור. ער באַטייליקט זיך אין אַלע וועלט־קאָנגרעסן פון וויסנשאַפטס־לייט

און פון שטאַטס=מענער. היינט באַגרינדעט ער אין אַ ספּעציעלער בראָשור ניקאָלאַי דעם צווייטנס פאָרשלאַג וועגן אַלגעמיינעם פרידן, לויט דעם מאָדערנעם נעאָ-קאַנטיאַניזם, פאַר וואָס ער באַקומט איבעריקנס, אַ דאַנק-בריוו פונם רוסישן קיסרלעכן הויף. מאָרגן — שטעלט ער אַרויס, אַלס גוט-באַזיצער לעבן ווין, זיין קאַנדידאַטור אינם עסטרייכישן „הערן=הויז" און קריגט, אגב, אויף דעם די הסכמה אַזש פון דעם קיסר פראַנץ יאָזעפן אַליין. דערביי די געשעפטן זיינע: ער איז אַ מיטאַרבעטער אין דער „פראַנקפורטער צייטונג", אַ שותּף אין דער „פאָסישער צייטונג" און אין „בערלינער טאַגעבלאַט", אַ קאָמפּאַניאָן אינם אַלגערמאַנישן פלייש-קאַרטעל און „רעסטאָראַנען=טרעסט". און דערצו, כאָטש ער האָט שוין איבערגעשטיגן די פופציקער, פירט ער נאָך פלייסיק ליבעס=אוואַנטורעס, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין אַזאַ טיפּיש פּראָווינציעל שווייצאַריש שטעטל, ווי בערן, איז אפילו אַ לייכטזיניקער בליק פון אַ סטודענט אויף אַ קעלנערין פונם קאַפע „בובענבערג" אַן אַלגעמיינע סענסאַציע.

די קאָלעגן זיינע, די איבעריקע פּראָפעסאָרן פונם אוניווערזיטעט, מיידן אים אויס. אייניקע האָסן אים אַזש. און אויף אָט די קעגנערישע פּראָפעסאָרן קוקנדיק, באָיקאָטירן אים פּאַקטיש אויך די אָרטיקע, די שווייצאַרישע, דאָס הייסט, די קריסטלעכע סטודענטן. ער באַאומרויקט מיט זיין טעמפּעראַמענט. ער שאָקירט מיט זיין מאָראַל. און נישט ער קאָן עס זיין דער וועג=ווייזער פון דער יוגנט.

דערפאַר אָבער איז ער שטאַרק באַליבט פון די יידישע תּלמידים, וואָס קומען, מערנסטנטייל, פון רוסלאַנד און פון פּוילן. זיי, אָט די אויסגעמאַטערטע עקסטערנס פאַרגעטערן אים איינפאַך. די אורזאַכן פון דידאָזיקע פאַרגעטערונג זענען פאַרשידענע.

ער, פּראָפעסאָר שטיין, באַפרייט פון שכר=לימוד פאַר זיינע לעקציעס. צו אים קאָן מען זיך ווענדן וועגן אַ סטיפּענדיע פון דעם פּאַריזער „איק"א", אָדער וועגן אַ סובסודיע פונם בערלינער „הילפס=פאַריין", און דערהויפּט מחמת דעם, וואָס פּראָפעסאָר לודוויק שטיין איז בתּוך זייער נאָענט אין גייסט צו די בערנער יידישע

סטודענטן-פילאָזאָפן, וועלכע זענען ס'רוב געוועזענע בית-המדרש-בחורים אין סלאָבאָדקע, אָדער אין טעלזער ראַגאַטקע. אין שטייענען רופט זיך אָפּ נישט זעלטן די אַלטע ראַבינערישע נאַמור.

אָט, למשל, פּאַסירט מיט אים גאַנץ אָפט, אַז רעדנדיק, אַ שטייגער, פאַר זיינע צוהערער אינם סעמינאַר וועגן פיכטע און שעלינג, צעגיסט ער זיך גאָר פלוצלינג אין אַ ליבע-געזאַנג צו משה מענדעלסאָן. און נישט דערפאַר, וואָס משה מענדעלסאָן זאָל אים אימפּאָנירן אַלס פילאָזאָף, נאָר בלויז דערפאַר, ווייל „דער גראָסער מאָזעס", דער ווייזע פון דעסאַו, האָט איינמאָל אָפּגע-זאָגט צו באַזוכן „דעם גראָסן פרידריך", דעם קעניג פון פּרייסן, מחמת דעם, „וואָס דערדאָזיקער באַזוך האָט געזאָלט פאָרקומען אום שבת"...

2.

כמעט אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר האָט זיך עס אַזוי געצויגן.

אַ דאַנק דעם פּראָפעסאָר לודוויק שטיין און טיילווייז אַ דאַנק דעם פּאַסיוון באַיקאָט פון דער נישט-יידישער סטודענטנ-שאַפט, איז דער פילאָזאָפישער פאַקולטעט פונם בערנער אוניווער-זיטעט פאַרוואַנדלט געוואָרן כמעט עפּעס אין אַ מין ריין-יידישן לערן-אַנשטאַלט, וואָס שטעלט צו פאַר דער גאַנצער „דיאַספּאָרע" גייסטיקע פאַרזאָרגער.

פון שטיינס תלמידים זענען עס אַרויסגעקומען די העברעי-שע לערער אין ארץ ישראל און די יידישיסטישע אויטאָנאָמיסטן אין גלות, ציוניסטישע מטיפים און בונדיסטישע אַגיטאַטאָרן און אַלע אַנדערע סאָרטן קהלס-לייט, אין וועלכע דאָס מאָדערנע יידנטום פון מזרח-אייראָפּע נייטיקט זיך איצט.

נאָר אָט איז געקומען אַ מאָמענט, וואָס די פיינטלעכע קאָ-לעגן, וועלכע פלעגן אים פריער בלויז אויסמיידן, דעם פּראָפעסאָר שטיין, אָדער נאָר פאַר זיך, אינדיווידועל, האַסן אים, זענען אינמיטן דערינען אָרגאַניזירט, אַלס קאָלעקטיוו, אַרויסגעטרעטן קעגן אים

אין אַן אָפֿענעם פֿאַרביטערטן קריג. מיט דעם פּראָפֿעסאָר שטיין האָט פּאַסירט אַן אומוויכטיקער קליינער דורכפֿאַל:

אין איינעם פֿון זיינע ביכער האָט ער נישט פּינקטלעך באַצייכנט דעם קלימאַט פֿונעם זיד-פּאָל און די טעמפּעראַטור פֿונעם נאָרד-פּאָל (ווערליק אגב, ווי ער, שטיין גופא, האָט געטענהט, איז עס באָר געווען אַ דרוק-פֿעלער).

די בערנער פּראָפֿעסאָרן אָבער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין אָט דעם „דורכפֿאַל", כּדי צו דיסקרעדיטירן אים אַלס געלערנטן און מיט דעם פּטור ווערן פֿון אים: „אַ וויסנשאַפֿטלער, וואָס איז אַזוי אומוויסנד, האָט נישט קיין רעכט אויף פּראָפֿעסורע", און זיי האָבן נאָך אַריינגעשלעפּט אין דעמדאָזיקן קריג, אַלס אַקטיווע שטרייטער, די נישט-יידישע סטודענטן פֿון אַלע פֿאַקולטעטן, אפֿילו די מעדיצינער און די כעמיקער.

ווירקלעך, אַ האַרץ-רייסנד בילד:

אַ ווינטערדיקער פֿאַרנאַכט. מער ווי ווען עס איז האָט זיך אָנגעפּאַקט מיט צוהערער דער זאַל, וווּ פּראָפֿעסאָר שטיין האַלט זיינע פֿאָרטראַגן. בוכשטעבלעך אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. די טירן אָפֿן אויך דער קאָרידאָר איז פֿול מיט פּובליקום. אומפֿאַרשטענדלעך בלויז, וואָס די פּעדעלן (די אויפֿזעער) פֿעלן. פּראָפֿעסאָר שטיין — אויף דער טריבונע; ווי געוויינטלעך — עלעגאַנט געקליידט און מיט אַ רויז אין לאַץ. די טעמע: „העגעל און זיין באַגריף וועגן גאָט אַלס פֿאַרנונפֿט". ער איז אין אַ יום-טובֿדיקער שטימונג, דער פּראָפֿעסאָר, אַ שטיקל יובֿיליי. ער לייענט עס דאָ אויף דעמדאָזיקן פּלאַץ די אַכט-הונדערטסטע לעקציע. פּעסט און שטאָלץ הייבט ער אויף דעם קאָפּ, פֿאָכנדיק דערביי מיט דעם קאָנספּעקט, וואָס ווי תּמיד איז עס אַ באַווייז, אַז דער פֿאָרטראַג פֿאַנגט זיך אָן.

גלייך אָבער, אין אָט דער סעקונדע טאַקע:

אויף דער טריבונע, דעם פּראָפֿעסאָר אין געזיכט, פֿליען פֿון אַלע זייטן אייער, קאַרטאָפֿל, פּרוכטן און פּשוט פֿאַרטויבט צו ווערן פֿון קאַצעניאָמער-מוזיק...

---

די בערנער פראָפעסאָרן האָבן געזיגט. דאָס איז געווען דער לעצטער אויפטריט פון פראָפעסאָר לודוויק שטיין אויף דער טרי־בונע פונם פילאָזאָפישן פאַקולטעט אין בערן. נאָך דעמדאָזיקן אינ־צידענט האָט ער איגנאַנצן פאַרלאָזט די שווייץ. און מיט דעם אַוועקגיין פון לודוויק שטיין איז עס בערן בטול געוואָרן אַלס „אָרט פון תורה" פאַר דער יידישער יוגנט פון מזרח־אייראָפּע אין יענער צייט, דערהויפּט פאַר די יידישע בחורים פון רוסלאַנד און פּוילן.

איך פאַרצייכן דעם דאַטום. פאָרט אַ שטיקל פאַרגאַנגענהייט, װאָס װעט זיך שוין נישט אומקערן מער.

דאָס האָט פּאַסירט אינם יאָר 1908.

1927

# א. בונאקאָוו־פּונדראַמינסקי

1.

אינם פּאַרצייטיקן רוסלאַנד, אינם צאַרישן, אינם יידנפיינט־לעכן פלעגט עס צווישן די דאָרפישע באַלעבאַטים און צווישן די שטאָטישע באַלמעלאָכעס געזונגען ווערן אָט דאָס לידעלע:

„אין קיעוו — צוקער בראָדסקיס
אין מאָסקווע — טיי וויסאָצקיס".

אויך אַזש ליבעראַלע אינטעליגענטן פון דער אָפּאָזיציע און אפילו אויפגעקלערטע באַאַמטע פון דער פּראָנדע, האָבן אַקאָמפּאַנירט דעמדאָזיקן געזאַנג.

אָט ווי ווייט די פּראַוואָסלאַוונע מדינה איז געבען פאַר־שקלאַפּט בײַ דעם יידישן קאַפּיטאַל: אין די צוויי הייליקסטע שטעט פונם הייליקן קעניגרייך — אין קיעוו, וואָס איז די מוטער פונם גאַנצן רוסישן ישוב און אין מאָסקווע, וואָס איז די איינציקע יורשטע פונם אַפּאָסטאָלישן רוים — האָבן עס צוויי יידן, בראָדסקי און וויסאָצקי, פאַרשאַכערט אין זייערע הענט אונזערע צוויי עכט־רוסישע פּראָדוקציעס, ווי צוקער און טיי, וואָס זענען אפשר נישט ווינציקער עכט רוסיש, ווי די לאַווריעס אין די קיעווער פעטשערעס און ווי די איקאָנע פון גאָטס מוטער אין דער איווער־קאַפּליצע בײַ דעם מאָסקווער קרעמל.

איין קליינקייט — צוקער און טיי אין רוסלאַנד.

צוקער און טיי אין רוסלאַנד איז נישט קיין נאָכשלעפּעניש פון דעם בוסורמאַן און נישט קיין צושעפּעניש פון אַנגלאָמאַן,

צוקער און טיי איז דער הויפּט-נערוו פונם רוסישן לעבנס-שטייגער אָן אונטערשיד פון קלאַסן און שטאַנדן. דאָס איז עפּעס מער, ווי אַן עטנאָגראַפישע אייגנשאַפט, דאָס האָט, דאַכט זיך, אַ שייכות צו דעם רוסישן קלימאַט. דאָס איז אייגנטלעך אַ געאָגראַפישע דערשיי-נונג: אָן צוקער און טיי איז נישט פאָרצושטעלן זיך דאָס לאַנד פון די בייכיקע מעשענע סאַמאָוואַרן, וואָס קאָכן און זידן דורכן מעת-לעת אין פּריוואַטע הייזער און טראַקטירן, אין שאַנד-הייזער און מאָנאַסטירן, און וואָס מיט זייער גערדיכטער פּאַרע שטילן זיי איין און באַרויקן דאָס געמיט, פּונקט ווי דער דינינקער ווייררויך פון די לעמפּלעך, וואָס פלעמלען אונטער די איקאָנעס. רוסלאַנד, דאָס פּאַטריאַרכאַלע רוסלאַנד, איז דאָס לאַנד, ווו עס הערשט אַ כּלל, אַז וואָס סאָלידער אַ מענטש איז, אַלץ אַ גרעסערער טיי-טרינקער איז ער. אפילו די קרעדיט-פעיקייט פון „קופּיעץ", פונם סוחר אין רוסלאַנד, ווערט אָפּגעשאַצט לויט דער פּאָרציע טשייניקעס, וואָס ער ניסט אין זיך אַריין, און עמיצנס פערזענלעכע רענאָמע ווי אויך דער גוטער נאָמען פון דער משפּחה זאָלן לאַנג אָנהאַלטן, איז בייטיק, אַז דידאָזיקע טשייניקעס, וואָס ער גיסט אין זיך אַריין זאָלן זיין דווקא ברענענדיקע, און נישט נאָר דאָס אינגעווייד פון דעם זופער זאָל ברענען, נאָר אויך פון דער טשופּרינע און פון דער באָרד זאָל גיסן אַ הייסער שוויס, ווי פון בעזים אין באָד אויפן פּאָל. אפילו פאַר דעם רוסישן „טשינאָווניק" איז די בעסטע מתּנה — אַ היטל צוקער און פאַר דעם פּאָפּ איז די אָנגענעמסטע נדבה — אַ פּעקל טיי.

פאַר דעם רוסאַק איז דער סאַמאָוואַר דיזעלביקע זאַך, וואָס פאַר דעם אַראַבער — דאָס קעמל; גלייך ווי דער אַראַבער רופט אָן דאָס סאַמע אויסדערוויילטע קעפּס-ווייב: „קעמל מיינס" — אַזוי שעפּטשעט דער רוסאַק צערטלעך: „טשאַיאָק" — טייעלע, ווי דעם נאָמען פון אַ געליבטער...

הארמידערט ער, דער רוסאַק, אין די צערקווס און אין די שענקען.

— פאַרקאַטשעט די אַרבל, ברידערלעך געקרייציקטע!...
טשוכעט זיך אויס, שוועסטערלעך געפייניקטע!... באַטראַכט נאָר, צו וואָס די אימפּעריע, די פּראַוואָסלאַוונע, האָט זיך דערקייקלט...
אין סאַמע האַרץ זענען זיי אַריינגעקראָכן, די זשידעס... דערלעבט צייטן: דאָס פּראַוואָסלאַוונע פאָלק באַלעקט זיך מיט דעם צוקער פון די קריסטוס-הענקער און דערפרישט זיך מיט דער טיי פון די יודאַש-פאַררעטער...

פאַרשטומט איז טולאַ, געפּלאָגט איז קאַלוגאַ —
„אין קיעוו — צוקער בראָדסקיס,
אין מאָסקווע — טיי וויסאָצקיס",

2.

דער רוסישער פּראַוואָסלאַוונער צאַר פירט אַזש געהיים אַ קריג קעגן דערדאָזיקער יידישער, אַנטי-קריסטלעכער טיי-און-צוקער-ממשלה אין זיין לאַנד.

דאָס פינאַנץ-מיניסטעריום און די מלוכה-באַנק שטיצן אין קיעוו דעם צוקער-פאַבריקאַנט טערעשטשענקאָ קעגן בראָדסקין, און אין מאָסקווע דעם טיי-ליווערַאַנט פּערלאָוון קעגן וויסאָצקין.

אפילו אָבער דער אַלמעכטיקער רוסישער צאַר איז מאַכט-לאָז איינצוברעכן די צוויי יידישע סוחרים. בראָדסקי הערשט מאַ-טעריעל פּאַקטיש איבער גאַנץ אוקראַינע, און וויסאָצקי...

די לצנים פון די פּעטערבורגער הומאָריסטישע זשורנאַלן און די קופּלעטיסטן פון די מאָסקווער ציגיינערישע קאַבאַרעטן, האָבן אים געקרוינט, דעם יידישן טיי-הענדלער, מיט נישט קיין קלענערן טיטל, ווי „קאַליטאַ דער צווייטער".

פונקט ווי דער רוסישער גרויספירשט קאַליטאַ האָט אָפּגע־שאַפט די לאָקאַלע פּאַטריאָטיזמען פון די צעשפּליטערטע סקיטישע שבטים אינעם אַמאָליקן רוסלאַנד — אַזוי שאַפט אָפּ דער יידישער טיי־סוחר וויסאָצקי, די סעפּאַראַטע טיי־געשמאַקן פון די פאַרשי־דענע פעלקער און ראַסן אינעם איצטיקן רוסלאַנד.

אין די רעזידענץ־שאַנטאַנען זינגט מען אָפּט אַ ספּעציעלן „וויסאָצקי־נומער“:

אַ זידנדיקער קעסל, וואָס איז באַצייכנט פון אויבן ביז אונטן מיט אַ פייערדיקן אויפשריפט: „רוסלאַנד“, אויבן אַ קאַרליק אין אַ שוואַרץ־סאַמעטענעם כאַלאַט, שוואַרץ סאַמעטענער שפּיציקער יאַרמלקע און מיט אַ לאַנגער פּעכיקער באָרד און לאַנגע פּעכיקע פּאות, פייקלט מיט אַ פייקל אין אָט דעם קאָכעדיקן קעסל, פייקלענדיק שאָקלט ער זיך, דער שוואַרצינקער ליליפּוט, און זינגט מיטן ניגון פון „איך לוי בערדיטשעווער וויל מיט דיר ביטן אַ בייט“.

„רוסלאַנד!... איך, וויסאָצקי, בין דיין טיי־פירשט אויף אַלע צייטן
און מיך זאָלסטו אויף קיין אַנדער משקה־האַר נישט פאַרבייטן,
איי, איי, הא, ווי, איי, איי, איי, איא־איא־איי־איי־יאַיי“.

*　*
*

איסאָצקי איז דער אָנערקענטער אַלרוסלענדישער טיי־מאַגנאַט.

סאַראַ יידישלעכן נאָמען אָבער ער טראָגט עס, דעררדאָ־זיקער מאַגנאַט, שוין צו יידישלעך: אַ נאָמען, וואָס דערמאַנט עפּעס אָן די אַלטע פּייטנים פון מחזור, פון קינות און פון סליחות: קלו־נימוס־זאב הייסט ער.

אגב: דאָס איז דערזעלביקער קלונימוס זאב וויסאָצקי, וואָס אויף דעם שער־בלאַט פון אחד־העמס „השלוח“ איז ער פאַר־צייכנט אַלס דער גרינדער פון דערדאָזיקער עפּאָכע־מאַכנדער העברעישער צייטשריפט.

צווישן די יידישע גבירים אין רוסלאַנד פון וויסאָצקיס ראַנג איז ער אַן אוניקוס. קלונימוס=זאב וויסאָצקי: ער איז דער איינ=אונאיינציקער יידישער מיליאָנער אינם צאַרנלאַנד, וואָס איז נישט קיין סקאַרבאָווער גוטער בעטער פאַר יידן און וואָס שטופּט זיך נישט צווישן גוים.

און נישט בלויז אין דעם אַליין איז ער אַן אויסנאַם צווישן די יידישע גבירים אין דער מדינה: סיי לויט דעם פּערזענלעכן לעבנס=סטיל זיינעם און סיי לויט דעם, ווי זיין הויזגעזינט פירט זיך, איז קלונימוס=זאב וויסאָצקי בעצם מער ענלעך צו אַזוינע רוסישע קופּצעס, ווי דער רעוואָלוציע=מעצענאַט מאָראָזאָוו, צי ווי דער קונסט־פּאַטראָן טרעטיאַקאָוו, איידער צו אַזוינע יידישע נאָטאַבלען, ווי, צום ביישפּיל, דער באַראָן גינזבורג, אָדער שטאַטס־ראַט פּאָליאַקאָוו.

אָט אַ פּאָר שטריכן פון קלונימוס=זאב וויסאָצקיס ביאָגראַפיע:

ער איז אַ ייד אַ משכיל, און די השכלה זיינע איז דווקא טיפּיש פאַר דער צייט, וואָס נאָך דעם פּאָגראָם אין יעליזאַוועטגראַד און נאָך דער „אויטאָעמאַנציפּאַציע“ פונם דר. פּינסקער. ער איז אַ חובב=ציון אינם גייסט פון אחד=העמס מיסטיש נאַציאָנאַלער סעקטע „בני משה“. ער לייזט אויס ארץ=ישראל=באָדן, ער איז אַ נדבן פאַר העברעיש. חוץ דעם, וואָס ער האָט געשאַפן אַ ספּעציעלע טריבונע פאַר אחד=העמען (דעם זשורנאַל „השלוח“), שטיצט ער בכלל העברעישע פאַרלאַגן, העברעישע שרייבער און העברעישע געלערנטע. אפילו געשעפטסלעך, אין זיין טיי־פירמע, האַלט ער אויך אַלס אָנגעשטעלטע העברעישע שריפטשטעלער און ליבהאָבער פון ציון. אחד־העם גופא פאַרנעמט בא אים אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן אין ענגלאַנד, אין לאָנדאָן. דער פּובליציסט זלמן עפּשטיין — אין פּוילן, אין וואַרשע: אין אָדעס רעכנט זיך ווי־

סאָצקיס טיי־קאָנטאָר עפּעס אַלס צוגאָב צו דעם חובבי־ציון שטאָב, צו דעם אַזוי גערופענעם „אָדעסער קאָמיטעט".

און גלייכצייטיק:

דער טיי־הענדלער קלונימוס־זאב וויסאָצקי איז עס דער פּאַטריאַרך, וואָס פון זיינע זאָמען זענען אַרויסגעקומען עטלעכע משפּחות, וועלכע בילדן אינם פאַרלויף פון צוויי דורות די אַוואַנ־גאַרד־גרופּע פון דער פּאָלקישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד: די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אָט די פּאַרטיי, וואָס פירט אָן דירעקט, געזיכט צו געזיכט, דעם שטרייט מיט דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, איז עס, אין אַ באַדייטנדן טייל, געשאַפן פון קלונימוס־זאב וויסאָצקיס בלוט און גוטס.

די גאָצעס און די גאַווראָנסקיס, די צייטלינס און די פונדאַ־מינסקיס, די פירער און די קאָסירער פונם רעוואָלוציאָנערן טע־ראָר — אַלע זענען זיי קלונימוס־זאב וויסאָצקיס לייבלעכע אייניק־לעך, די קינדער פון זיינע טעכטער און איידימס, וואָס זענען באַ־וווּסט מיט זייער יחוס, תורה און השכלה.

4.

דער סאַמע ערשטער איז עס געווען מיכאַיל גאָץ, וואָס האָט אַריינגעפירט דעם רוסישן דאָרפישן בונט אין אָט דעם יידישן גבירישן הויז און אים דאָ אַוועקזעצט אויבן אָן.

אינם סאַמע אָנהייב פון די 90־ער יאָרן אינם פאָריקן יאָר־הונדערט, בעת וויסאָצקיס אייניקל, מיכאַיל גאָץ, איז נאָך געווען אַ יונגער סטודענט, איז ער שוין פאַרטריבן געוואָרן קיין סיביר צו־זאַמען מיט דעם זון פונם מאָסקווער רב, מיט אָסיפּ מינאָרן, פאַר דעם פרווו אָפּצופרישן די טראַדיציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און צו באַנייען די געבאָטן פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". און פון דעמאָלט אָן איז עס די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פאַרבליבן אין דער געדיכטער צעצווייגטער וויסאָצקי־פאַמיליע אַלס אַ ירושה, וואָס גייט אַריבער איינעם מיט די טיי־פּראָפיטן פון טאַטעס צו קינדער און פון קינדער צו קינדס־קינדער.

אַ מערקווירדיקער פּאַל:

אייגנטלעך איז דער פּאָליטישער און סאָציאַלער ראַדיקאַליזם אין וויסאָצקיס הויזגעזינט מער אַ פּראָדוקט פון שטרענג־קאָנסער וואַטיווע שטאַם־טראַדיציעס און משפּחה־פּליכטן, איידער פון אַ פרייען רעוואָלוציאָנערן, אינדיווידועלן טעמפּעראַמענט און פּערזענלעכן דראַנג. אַ באַווייז: עס האָט נאָך נישט געטראָפן אין וויסאָצקיס פאַמיליע, אַז ווער עס איז פון אירע גלידער זאָל צושטיין צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אָדער צו אַנאַרכיסטן, ציי צו אַן אַנדערער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וואָס אינם צאַרישן רוסלאַנד דאַרף מען נישט שטאַרק זוכן. אַ גאַנצע משפּחה, וואָס איז „עסעריש" פון קליין ביז גרויס און אויף אַלע דורות. די עסערישע פּאַרטיי איז עס דאָ נישט קיין אייגענער אויסוואַל, נאָר אַ ירושהדיקע פּראָפעסיאָנעלע חזקה אויף דעם שטייגער פון די אינדישע קאַסטעס.

דאָס קומט פון דעם, וואָס אַן עס־ער איז געווען מיכאַיל גאָץ, דער גרינדער פון דער וויסאָצקי־דינאַסטיע אין דער רוסישער רעוואָלוציע.

די וויסאָצקיס זענען עסטעטן, די וויסאָצקיס האַלטן פון סטיל. פאַר זיי איז עס אַ צייכן פון אַריסטאָקראַטישער סאָלידקייט און פיינקייט צו קלאַמערן זיך אָן דער לערע, מנהגים און צערעמאָניאַל פונם עלטסטן אינם שבט, און דעריבער, פאַר זיי צו באַקערן זיך צו אַן אַנדערער, נישט עס־ערישער, דאָס הייסט פרעמדער, נישט־גאָצישער ריכטונג אין דער רעוואָלוציע איז דיזעלביקע זאַך, וואָס אַ שטייגער פאַר פרינצן פון קייזערלעך בלוט צו ווידער־שפּעניקן קעגן די געזאַלבטע עלטערן און אור־עלטערן און פאַר־פלאַנצן אַ מאַזעליאַנס־דור...

* * *

בעת וויסאָצקיס אייניקלעך — אָן אונטערשיד פון געשלעכט — ליגן נאָך געוויקלט אין די וויגעלעך — טרעפט מען שוין באַצייטנס זייערע צוקונפטיקע אַמטן און ראַנגען אין דער

רעוואָלוציע. לויט דעם אימפּעט און אַפּעטיט, ווי אַזוי דאָס עופהלע זייגט די מוטערס, אָדער די אַמס ברוסט — זאָגט מען פאָרויס, צי עס וועט זיין אַ פּראָפּאַגאַנדיסט אָדער אַ טעראָריסט, צי עס וועט זיך געפינען סתם אין אַ קאָמיטעט, אָדער עס וועט זיין אַ באַפעלער אינם צענטראַלן קאָמיטעט...

און די דערוואַקסענע — און גאַנץ אָפּט נאָך האַלב דערוואַקסענע — זענען צעטיילט אין צוויי מחנות: איין מחנה באַשטייט פון אַרעסטאַנטן אין סיבירישע טורמעס און די צווייטע — פון עמיגראַנטן אין שווייצאַרישע ווילי'עס.

סיי דאָ און סיי דאָרטן האַלט אויס דער זיידע — דער פרידלעכער טיי־הענדלער און געטרייער תלמיד פון אחד־העמען — גאַנצע רעגימענטן. קאָלאָניאַלע אַרמייען. ער קויפט אונטער אין סיביר די זשאַנדאַרמען, כדי צו באַשיצן די פאַרשיקטע אייניקלעך פון שמיץ און פון קאַרצער, און ער קויפט אונטער אין דער שווייץ די רעוואָלוציאָנערע טעראָריסטן, אום צו פאַרהיטן די אַנטלאָפענע אייניקלעך פון קייטן און פון תליות.

דידאָזיקע פינאַנציעלע קאָמפּענסאַציעס אָבער העלפן נישט תמיד. דער וויסאָצקי־„טראָן" אין דער רוסישער רעוואָלוציע בלייבט פאָרט קיינמאָל נישט ליידיק. בעת מיכאַיל גאָץ, למשל, ווערט פאַראַליזירט אין דער עמיגראַציע אין זשענעווע — פאַרנעמט גלייך אבראַם גאָץ דעם ברודערס פרייערדיקן פלאַץ אויף קאַטאָרגע אין נערטשינסק...

5

נישט איין מיטגליד פון דער וויסאָצקי פאַמיליע האָט זיך שוין געגוג אָנגעליטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס איז נאָך מיכאַיל גאָצן געוואָרן אָבליגאַטאָריש פאַר דער גאַנצער משפחה צוליב דעם געבאָט פון „כבוד־אב", נאָר קיינער פון זיי באַצאָלט אפשר נישט מיט אַזאַ טייערן פרייז פאַר אָט דעם „נאָבעלעס אָבליזש", ווי איליאַ פונדאַמינסקי, אָדער — לויט דעם קאָנספּיראַטיוון צונעמעניש — איליאַ בונאַקאָוו, וואָס איז קלונימוס־זאב

וויסאַצקיס אַן אייניקל און מיכאַיל גאָצס אַ שוועסטער־קינד. פאַר אים, פאַר פונדאַמינסקין, איז דערדאָזיקער פאַמיליען־חוב אַזאַ לאַסט, אַז עס איז אים איינפאַך נישט אַריבערצוטראָגן.

אָט סאַראַ גורל עס איז אויסגעפאַלן אויף אים:

ער איז אַזאַ ווייכער, אַזאַ גוטהאַרציקער און מיט נאָך פיל אַנדערע נישט־רעוואָלוציאָנערע, פּינקטלעכער גערעדט — אַנטי־רעוואָלוציאָנערע אייגנשאַפטן און מדות איז ער געבענטשט דער־דאָזיקער יונגער. איידעלער שאָטן — ער איז דזשענטלמעניש־עלעגאַנט און וויל־דערצויגן, אויגן פאַרמאָגט ער טרויעריקע און אַ געמיט אַן עלעגיש, אַ שטים איז בּאַ אים אַ זיסע — אַ טענאָר. די פילאָזאָפיע זיינע איז אַ רויקע, כמעט אַ בודיסטישע און פון אַלערליי פאָרמען אין דער קונסט, אין דער פּאָעזיע איז אים מער צום האַרץ די אָרנאַמענטאַלישע פאָרם, די אָריענטאַלישע. פון פערזענלעכע אַמביציעס איז ער ווייט און ער ווייסט גאָרנישט, וואָס דאָס איז אַזוינס — האָבן אַ חשק איבער וועמען עס איז צו הערשן. בכלל איז ער נישט קיין בעלן אַרויסצושטעלן זיך אַזוי, אַז ער זאָל זיך אָנזעען פאַר אַנדערע. עס ציט אים גאָר צו רו, צו שטילקייט — צו דער רו און צו דער שטילקייט פון ביבליאָטעקן און מוזעומס, פון אַרכיוון און הייליקטימער. ער איז דורך און דורך אַ קול־טור־מענטש, פונדאַמינסקי, אַ ראַפינירטער קולטור־מענטש, וואָס פאַר־שטעלט די אויגן פון בונטע, בלענדנדע קאָלירן, די אויערן פון המונישע שטורמישע געוואַלטן און דעם באַוווסטזיין פון כאַאָטישע, פינצטערע, אָפּגרונטן. אפילו אין דער נאַטור איז די געגאַרטע צייט זיינע — אָנהייב האַרבסט, דאָס בלאַסע פנים פון וועלקן, און אין דער געשיכטע לאָקט אים — די סטאַבילע, אומבאַוועגלעכע פאַר־גאַנגענהייט... וואָס פאַר אַ מהלך דאָס איז פון אויפשטאַנדן, פון איבערקערענישן! אויב אין דער רעוואָלוציע אין דער רוסישער איז יאָ פאַראַן עטוואָס אַזוינס, צו וואָס פונדאַמינסקי האָט אַ פער־זענלעכע נייגונג, איז עס פיליכט די רעדנער־טריבונע אין די אויס־לענדישע רעוואָלוציאָנער־געשטימטע סטודענטישע קרייזלעך. דאָ, אין די אַזוי גערופענע „סטאָלאָוועס" (ביליקע קיכן), אין דער אָנ־וועזנהייט פון דער שטודירנדער יוגנט, פילט ער זיך, ווי אַ טאַנצ־

פייסטער אויף אַ באַל. ער האָט ליב צו רעדנערן, פונדאַמינסקי, שיין רעדנערן. דאָס שיין־רעדנעריי איז דאָס סטיכישע אין אים, דאָס אינסטינקטיווע. אין דעם פּרט איז ער, אָט דער גראַטעטענער יינגערמאַן פון יידיש־סוחרישער אָפּשטאַמונג אין דער רעוואָלוציע, דאַכט זיך, דער אייציקער אינטעליגענט, וואָס דערמאָנט אָן די טורגעניעווישע ראַדיקאַלן פונם רוסישן אַדל. אויסער דעם רעדנערן אָבער איז זי אים אין אַלעם איבעריקן פרעמד, די רעוואָלוציע. זי איז אים פרעמד מיט אירע מיטלען און טיילווייז אויך מיט אירע צילן. דערצו איז ער בכלל נישט קיין מענטש פון פּראַקטישן האַנדלען, ער איז אַ בוך־מענטש, פונדאַמינסקי. טויזנטער ספרים שלינגט ער אין זיך אַריין, נאָר ער האָט נישט דערביי קיין שום באַשטימטן אוטיליטאַרישן צוועק. עס איז אים אָפּשטויסנד דער באַגריף פון „ניצלעכקייט”, פון „קאַריערע”, צוליב וועמען עס זאָל נישט זיין און וואָס פאַר אַ כוונות עס זאָלן אין דעם נישט שטעקן, אַפילו די סאַמע שענסטע — די סאַמע הייליקסטע. אייגנטלעך, לויט דעם כאַראַקטער זיינעם האָט ער זיך עס באַדאַרפט אויסלעבן אַלס סאַלאָן־אינטעלעקטועלער און פרידלעכער הומאַניסט, נאָרמאַל, הייסט עס, האָט פונדאַמינסקי זיך באַדאַרפט פאַרנעמען מיט מעטאַ־פיזישער פילאָזאָפיע, מיט לירישער פּאָעזיע, זיין אַ מעצענאַט פון אַלץ, וואָס איז יושרדיק און שיין, פון נייגיר כאַפּן זיך צו די אָקולטיווע וויסנשאַפטן, און דורכרייזן זיך אַזש קיין אינדיען און אפשר אָנשרייבן אַ בוך וועגן דער „געלאַסענער חכמה פון מאָרגן־לאַנד” . . . אַזוי האָט עס באַדאַרפט זיין, איז אָבער די לאַגע אַזאַ, אַז דווקא ער, פונדאַמינסקי, דער סאַלאָן־אינטעלעקטועלער, דער פרידלעכער הומאַניסט מוז גאָר מאַכן די רוסישע, דיוו ילדע, „קאַצאַפּישע” רעוואָלוציע מיט די אייגענע הענט. אין פלוג, וואָס פאַר אַן אַבסורד: פונדאַמינסקי אַ העצער קעגן דיסציפּלין, קעגן אָרדנונג און אַ קאָנספּיראַטאָר, וואָס רופט זיך אָן מיט אַן אויסגע־טראַכטן נאָמען, וואָס נאַרט, פאַרשטעלט זיך, מאַכט אָנשטעלן. . . ער האָט אָבער נישט קיין אַנדערע ברירה, ער מוז מאַכן דידאָזי־קע בתוך פּאַיאַציִשע שטיק. ער קאָן זיך נישט רעכענען מיט זיינע פּערזענלעכע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. ער איז דאָך עפּעס אַ

יונגער וויסאָצקי און פאַר אַ יונגן וויסאָצקי — קיין אונטערשיד נישט, צי ער איז פּערזענלעך יאָ אַ רעוואָלוציאָנער, צי ער איז פּערזענלעך נישט קיין רעוואָלוציאָנער — פאַר אַ יונגן וויסאָצקי, מיט וואָס פאַר אַן אידעען ער זאָל זיך נישט אַרומטראָגן, איז אָפּצו־טרייסלען זיך פון דער רוסישער רעוואָלוציע פּונקט אַזאַ פאַרראַט, ווי, אַ שטייגער, פאַר דעם אַלטן וויסאָצקין אָפּצוזאָגן זיך פונם יידישן גלויבן. פאַר יעדן, אין ווערמענס אָדערן עס פליסט נאָך דאָס וויסאָצקי־בלוט, שטייט תמיד פאַר די אויגן דאָס שוואַרץ־באַבערדלטע אַסקעטישע געשטאַלט פון מיכאַיל גאָצן, וואָס ליגנדיק פּאַראַליזירט, שוין כמעט טויט, מאָנט ער און רופט נאָך אַלץ די משפּחה זיינע מקריב צו זיין זיך פאַר דער רוסישער פרייהייט. און פון אָט דער מאָנונג און פון אָט דעם רוף איז נישטאָ קיין באַהעלטעניש...

דערביי איז נישט גענוג צו זיין סתּם אַ רעוואָלוציאָנער, לויט די איינגעוואָרצלטע משפּחה־טראַדיציעס איז פונדאַמינסקיס פּלאַץ אין דער רעוואָלוציע נאָר אין יענער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וואָס פאַרנעמט זיך מיט וואַרפן באָמבעס, מיט אונטערצינדן פּריצים, מיט סאָלדאַטישע בונטן און מיט פּויערים־אויפשטאַנדן. מיכאַיל גאָץ האָט עס געהייסן אָנצושליסן זיך אָן דערדאָזיקער פּאַרטיי און צו זאָרגן פאַר איר ווילשטאַנד און כבוד! און ווייל דאָס איז פאַרבונדן מיט מיכאַיל גאָצן, איז ער שוין געצוווּנגען, פאַרשטייט זיך, איליאַ פונ־דאַמינסקי, צו שטיין אויף די סאַמע פאָדערשטע פּאָזיציעס פון דער פּאַרטיי. עס איז אַ פּרעסטיזש־פראַגע, אַ פּרעסטיזש־פראַגע נישט בלויז פאַראים גופא, נאָר פאַר דער גאַנצער פּאַרטיי. עס וואָלט דאָך געווען ממש סקאַנדאַליעז פאַר זיך אַליין און אַ חרפּה פאַר גאָר דער וועלט, אַז אַ „פּרינץ, אַ גרויספירשט פון דעררעוואָלוציע", מיכאַיל גאָצס אַ שוועסטער־קינד, זאָל זיך אַרומוואַלגערן איגם עס־ערישן רעזערוו צווישן אינוואַלידן, אָדער צווישן די ליאַדע פוסגייער פון די מיטפּילער און מיטהעלפּער... האַלט ער פאַסאָן, פונדאַמינסקי; ער עסקנט זיך מיט פּויערישע חשבונות — ער שטו־דירט די אַגראַר־פראַגע אין רוסלאַנד, זאָגט אַריין אַ דעה אין פּאָ־ליטיק און חבר'ט זיך מיט אַזוינע אורשפּרינגלעכע, ציקלאָפּישע פיגורן, ווי אַזעף און סאַווינקאָוו, ווי נאַטאַנסאָן און ברעשקאָווסקאַ.

אינם פאַרגלייך מיט אַט דעם אַלעם איז עס דאָך בלויז
אַ קליינינקייט, אַ נישטיקע קליינינקייט, וואָס איליאַ פונדאַמינסקי, נישט
איבערלאָזנדיק פאַר זיך גופא קיין איין פרוטה ממש, גיט אָפּ דאָס
גאַנצע מאַטעריעלע פאַרמעגן זיינס דער עס־ערישער פּאַרטיי —
אַ סומע פון דרייהונדערט טויזנט רובל, וואָס עס איז אויסגעפאַלן
אויף זיין חלק פון דעם זיידנס, קלונימוס־זאב וויסאָצקיס ירושה:
וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס דאָ אָט דער געלט־קרבן, בעת אינם
נאָמען פון מיכאַיל גאָצן טראָגט ער, פונדאַמינסקי, אַריין אין דער
עס־ערישער קאַסע די נשמה זיינע און שפּאַנט איין אינם יאָך פון
דער רוסישער רעוואָלוציע אפילו דעם אינטעלעקט זיינעם. פּאַקטיש
זאָגט ער זיך אָפּ פון אַזוינע צוויי זאַכן, ווי פילן אויף דעם איי־
גענעם שטייגער און פון דענקען אויף אַ זעלבסטשטענדיקן אופן...

אפילו די רוסישע רעוואָלוציע, אָט דער גרויסער הורמאַן,
וואָס האָט שוין אַזוי פיל פאַרשידנאַרטיקסטע קרבנות פאַרצערט,
האָט נאָך אויך, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט פאַרזוכט אַזאַ סאָרט
קרבן, ווי פונדאַמינסקיס גאָב.

און פונדאַמינסקי גופא נעמט אים אָן פאַר גוט, דעם גורל
זיינעם. מעגלעך, אַז ער קאָן זיך שוין גאָרנישט פאָרשטעלן קיין
אַנדערן, קיין בעסערן, עס איז אים באַשערט אַזוי. ער בעט אפילו
נישט, אַז אויסגעמיטן זאָל פון אים ווערן דער „כוס“. אומגעקערט:
מיט די אייגענע הענט טראָגט ער אונטער דעם „כוס“ דעמדאָזיקן
צו זיינע ליפּן און טרינקט אים אויס ביזן דעק, נישט מאַכנדיק
אַזש דערביי קיין קרומע מינע...



פונדאַמינסקי אָבער מאַכט נישט עפּנטלעך קיין ווערן פונם
פאַטאַלן גורל פון זיינעם. ער איז צו גוט דערצויגן און צופיל שיין־
גייסט, אום אפילו אָנצווווינקען וועגן דעם. אַזש די סאַמע נאָענטסטע
דערוויסן זיך וועגן דעם, אַז די רוסישע רעוואָלוציע איז פאַר פונ־

דאָמינסקין עפּעס אַן אָנשיקעניש, ערשט דעמאָלט, בעת עוי. פּונדאַ־מינסקי, אונטער דעם פּסעוודאָנים בונאַקאָוו, גייט ער אַריבער פון שיינרעדנעריי צווישן די רוסישע סטודענטן אין דייטשלאַנד — אין באַן, פרייבורג און היידלבערג — צו מעשים אין דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק אין רוסלאַנד -- אין מאָסקווע, פּעטערבורג און פינלאַנד...

6.

דאָס קומט פאָר אינם חודש יוני פון יאָר 1906. אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכדעם, ווי עס איז צעטריבן און צעריבן געוואָרן דער ערשטער רוסישער פּאַרלאַמענט, די דומע די ערשטע.

אינם פינלענדישן שטעטל טעריאָקי, אינם הויז פון דר. דאָבּ־ראָוואָלסקי און גאַלינאַ, זיין פרוי, צוויי אור־אַלטע, פּאָר־היסטאָרי־שע „דאָבּראָוואָלן", פאַרבליבענע נאָך פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צייטן, מיטהעלפער באַ זשעליאַבאָוו און פּעראָווסקאַ, מיטגייער פון די „שליסלבורגער" און „סאַכאַלינער" און איצט אַמנעסטירטע אַ דאַנק דעם קאָנסטיטוציע־מאַניפעסט.

עס איז אַ ליכטיקער, אויסגעשטערנטער און נישט הייסער אָוונט מיט דעם אָנבליק און ריח פון אַן אָנהייב הארבסט־נאַכט. דאָס הויז פון די דאָבּראָוואָלסקיס קומט אַרויס מיט די פענצטער צום ברעג פונם פינישן אויסגוס. שוימיק־לויטערע כוואַליעס. פאַרלבנהטע דיונעס. אויף דער פּליאַזשע שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך. די יונגע בלאָנ־דע בת־יחידה פון די דאָבּראָוואָלסקיס שפּילט אויף דער פּיאַנאָ שאָפּענס און וועניאַווסקיס מעלאָדיעס.

בעת־מעשה קומט דאָ פאָר אַן „אינטימע" רעוואָלוציאָנערע קאָנפערענץ. ס'רוב פון די פאַרזאַמלטע — טעראָריסטן אַמאָליקע און איצטיקע: שמייכלענדיקע גרויע בונטאַרן־פּאַטריאַרכן און אָנגע־כמורעטע יונגע רעוואָלוציאָנערן־פּאַרטיזאַנען. בונאַקאָוו איז אויך דאָ, צווישן די טעראָריסטן זעט ער עפּעס אויס, ווי אַ ווייכינקער דיפּלאָמאַטישער שליח צווישן שטרענגע קריגס־פירער.

ווי זיין שטייגער איז, בונאַקאָווס, האַלט ער אויך צווישן אַט

דעם עולם אין איין אַריינזאָגן עלעגישע אַפאָריזמען און טיפע סענטענציעס:

— ווי טראַגיש עס איז די געשיכטע פונם גרויסן בעל־יסורים, פון רוסישן פאָלק... — קלאָגט ער זיך — ענדלעך דער־לעבט די לאַנג־געגאַרטע, די אויסגעבענקטע, די אויסגעוויינטע רו־סישע רעוואָלוציע... און מיר, די פירער, הייסט עס, פון דער רעוואָלוציע, אָנשטאָט צו פרייען זיך מיט אויפגעהויבענע קעפּ, טרויערן גאָר מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז...

דאָס רעזאָנירן זיינס באַקומט אָבער נישט קיין רעזאָנאַנס. קיינער פון די אָנוועזנדע פילט זיך נישט געטראָפן פון פונ־דאַמינסקיס רייד. דער פעסימיזם זיינער קלעבט זיך נישט, ווייל די גאַנצע מעשה איז גאָר בעצם נישט צוגעפּאַסט: קיינער איז דאָ נישט טרויעריק און קיינער האַלט דאָ נישט אַראָפּגעלאָזט די נאָז. אומגעקערט: דער איינדרוק איז פּונקט, ווי די אַלע אָנוועזנדע, אַלט און יונג, האָבן זיך עס אָקאָרשט אַרויסגעראַטעוועט פון אַ ים־קאַטאַסטראָפע און פריילעך און לוסטיק זענען זיי דאָ איצט אויף דער יבשה, אינם גאַסטפריינטלעכן הויז, ווו יונגפרויען באַגע־גענען זיי מיט מוזיק.

אויב עמעצער איז דאָ יאָ טרויעריק, איז עס נאָר ער, פונ־דאַמינסקי גופא. מיינען מיינט ער דאָס מסתמא זיך גופא כאָטש ער נעמט אַריין אויך אַנדערע אין קאָן. און עס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט די אורזאַך פון זיין טרויער: ער באַקלאָגט עס דאָס ביטערע מזל פון דער רוסישער געשיכטע דערפאַר, ווייל דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער עס־ערישער פּאַרטיי שיקט אים, בו־נאַקאָוון, אין דערדאָזיקער נאַכט קיין סוואַבאָרג אויפצוהעצן דאָרטן די מאַטראָזן פונם מיליטערישן פלאָט צו אַן אויפשטאַנד.

איז עס די אַלטע צרה זיינע, פונדאַמינסקיס — דער רעוואָלו־ציאָנערער יחוס, וואָס ליגט, ווי אַ האָרב אויף זיינע פּלייצעס. אַ העלד מוז ער זיין, ער מוז אויף זיך נעמען די ראָל פון אַ גאַריבאַלדי, פון אַ סאַווינקאָוו. אַ ראָל, וואָס איז אים בתוך אַזוי דערווידער: עס איז נישט לויט זיין פיזישן כוח און נישט לויט זיין גייסטיקן געשמאַק.

פאַלט אויף אים איצט אָן אַן אומעט, אין דער לעצטער רגע, בעת ער דאַרף אַרויסטרעטן שפּילן דידאָזיקע אומהיימלעכע ראָלע אין דער ווירקלעכקייט. ער ציטערט פאַר דעם שווערן נסיון, וואָס ער דאַרף ביישטיין.

דאָך לאָזט ער זיך אַוועק, בונאַקאָוו, אַ׳ן וועג אַריין. ער שטייט אים ביי, דעם נסיון. די שליחות זיינע פירט ער אויס. נאָר דעם פּסיכישן צושטאַנד זיינעם זעען אַלע. ער האָט זיך אינגאַנצן אַנטבלויזט:

— איש טענאָר קאַקאַי!... טאָזשע וואַיאַקאַ!... (אָט אַ טענאָר אַ ביסל! אויף אַ מלחמה־פאַרשווין!)

לצעוועז די אַלטע און די יונגע טעראָריסטן אויף זיין חשבון, אויף בונאַקאָווס, נאָכדעם ווי ער פאַרלאָזט דר. דאָבראָוואָל־סקיס הויז.

*     *
*

דער מאַטראָזן־אויפשטאַנד אין סוועאַבאָרג איז דערשטיקט. בונאַקאָוו איז אַרעסטירט. מען משפּט אים אין פּעטערבורג. עס איז די צייט פון מיליטערישע פעלד־געריכטן פאַר „פּאָליטי־שע פאַרברעכער“ אין רוסלאַנד. נאָר מיט פונדאַמינסקין איז אָן סכּנה.

נישקשה: די צאַרישע ריכטער זענען גוט באַהאַוונט אין די רעוואָלוציאָנערן־ביאָגראַפיעס. זיי זענען בכלל נישט קיין שלעכטע מענטשן־קענער אויף אָט דעם געביט. ווער־ווער, זיי אָבער, די שופטים דידאָזיקע, ווייסן שוין צו גוט, אַז נישט פערזענלעכע ניי־גונגען אָדער אַמביציעס האָבן עס אים געמאַכט, פונדאַמינסקין, פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער, נאָר פאַמיליען־אומשטענדן, פאַמיליען־פליכטן, אַז ער אַליין האָט אַ קנאַפּע הנאה פון זיין עסק און פון לאַנג־יאָריקער דערפאַרונג, זענען זיי געניט, די מאָנאַרכיע־וועכטער, אַז קיין גרויס געפאַר דראָט נישט פון אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס אינם פאַך אין זיינעם פעלט אים אויס פערזענלעכע פאַרבי־

טערטקייט און פּערזענלעכע עקשנות. דעריבער זענען זיי גרייט צו באַגיין זיך מיט אים מיט חסד. בפרט נאָך, אַז אויף דער וואָגשאָל פון דער לויזער רוסישער יוסטיץ לייגט זיך אַרויף אַזאַ מאַכינע, ווי קלונימוס-זאב וויסאָצקיס שווערע קאַפּיטאַלן.

באַפרייט מען אים, בונאַקאָוון. און דאָס רופט אַרויס אַ בייזוויליק געלעכטער בײַ די פּאַרהאַרטעוועטע רוסישע ראַדיקאַלן, פאַר וועלכע אַ דראַמע אָן אַ טראַגישן פינאַל איז בלויז אַ פאַרס אַ ביליקער.

צו שפּעט איז ער געוואָרן, פונדאַמינסקי. אין אַ קאָמישע פיגור איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן. אַפילו די אייגענע, די עס-ערן, מאַכן זיך עפּעס נישט ווייסנדיק פון זיין אָפּערוויליקייט, פון זיין יחוס, און דערציילן וועגן אים וויצן.

אַ מעשה טראָגט זיך אַרום וועגן בונאַקאָוון פון קאָמיטעט צו קאָמיטעט און פון טורמע צו טורמע.

נאָר ער שפּאַנט אַרויס, פונדאַמינסקי, פונם פּעטערבורגער געריכט-זאַל, כאַפּט גלייך די פרוי זיינע אַ דראָזשקע און זעצט אים אַריין, דעם מאַן אירן דעם אויסגעלייזטן, איינעוויייניק.

פרעגט דער פורמאַן:

— אייך וווהין, פּריצימלעך?..

ענטפערט די מאַדאַם:

— קיין אויסלאַנד פיר אונז, פעטערל!...

7.

נאָך דעמדאָזיקן דורכפאַל און נאָכדעם, ווי אַזוי אַט דער דורכפאַל איז אויפגענומען געוואָרן פון אַנדערע — באַזעצט זיך פונדאַמינסקי אין פּאַריז. גאַנץ מעגלעך, אַז איצט וואָלט ער שוין אפשר ווי עס איז געפועלט בײַ זיך איינצושטעלן זיין לעבן אַלס אַ מענטש פאַר זיך און נישט בלויז אַלס מיכאַיל גאָצס שוועסטערקינד. לאָזן אים אָבער די עס-ערן נישט אָפּ. אַזש פיזיש איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עס-עריש אייגנטום. און — וואָס עס איז ביז גאָר טשיקאַווע — אָפּלאָזן לאָזן זיי עס אים נישט אָפּ די עס-ערן נישט צוליב זיין שטאַם-יחוס, נאָר דווקא צוליב יענע פערזענ-

לעכע אייגנשאַפטן, וואָס זיי, די עס־ערן גופא, האָבן אָקאָרשט אַזוי אומדערבאַרמדיק, ברוטאַל אויסגעלאַכט.

עס איז אַזאַ מעשה:

אין אָט דער צייט האָט זיך די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד כמעט ווי אָפּגעשטעלט. און אָפּגעשטעלט האָט זי זיך בעצם נישט אַזוי ווי מחמת דעם צאַרישן דרוק, נאָר דער עיקר דערפאַר, ווייל די רעוואָלוציע בכלל האָט איצט אין רוסלאַנד אָנגעווווירן דעם חן אירן, וואָס זי האָט אָנגעהאַלטן אין אַ משך פון כמעט הונדערט יאָר, אָנגעהויבן פון די דעקאַבריסטן. דער רוסלענדישער מענטש האָט אין אָט דער צייט פאַרלוירן די פּיעטעט זיינע פאַר סודות. נישט בלויז פאַר די געהיימנישן פונם ווייסן צאַר, נאָר אויך פאַר די קאָנספּיראַציעס פונם רויטן רעוואָלוציאָנער. עס האָבן זיך איצט באַוויזן נייע העלדן, און מיט זיי סימפּאַטיזירט עס דאָס ברייטע פּובליקום. די דומע־טריבונע פאַרשלינגט עס איצט דעם נייגיר צו דעם „אונטערערדישן קאָמיטעט" אין דער „דומע־דעפּוטאַט" פאַרטונקלט איצט דעם גלאַנץ. דעם אָרעאָל פונם „אומלעגאַלן טוער". עס איז אויס מיט דער רעוואָלוציע: זי איז שוין נישט מער קיין הייליקטום, וואָס טאָר נישט פאַרשוועכט ווערן לויט דעם ראַדיקאַלן קאָדעקס, פּונקט ווי אַן איקאָנע לויט דעם סינאָדאַלן קאַנאָן. פּראָפעסאָר מיליוקאָוו, דער לערער און פּריסטער פון דער רוסישער קאָנסטיטוציאָנאַליסטישער סעקטע, רופט אָן עפנטלעך די רויטע פאָן מיט דעם צונעמעניש „די רויטע שמאַטע", און — גאָרנישט, קיינער לייגט אים נישט אַריין דערפאַר אין חרם. איז אים געוואָרן ענג, דעם רעוואָלוציאָנער, ער האָט פאַרלוירן דעם קוראַזש זיינעם. און דאָס איז קיין חידוש נישט: דער רעוואָלוציאָנער אַלס טיפּ (נישט בלויז אין רוסלאַנד) איז לויט זיין טבע זייער אַן אייפערזיכטיק, ערגייציק און דיקטאַטאָריש באַשעפעניש. דער רעוואָלוציאָנער פאַרטראָגט נישט אפילו קיין קאָנקורענץ, שוין אָפּגערעדט פון גלייכהייט. ער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז מען זאָל עמיצן אַוועקשטעלן אויף איין ברעט מיט אים, בפרט נאָך שטעלן העכער פון אים. דער רעוואָלוציאָנער פאָדערט פאַר זיך אַבסאָלוטע אָנערקענונג, אַבסאָלוטן רום: ער

אין דער ערשטער, דער קליגסטער, דער בעסטער, דער איינציקער. פאַר אים דאַרף מען זיך בוקן, אים דאַרף מען פאַרגעטערן. אַט די איינגעליבטקייט אין זיך דערמוטיקט אים, דעם רעוואָלוציאָנער, צו מסירת-נפש. אָן דערדאָזיקער זיכערקייט אָבער איז ער סתּם עפּעס אַ פאַרוואָגלטע בריאה, אַ פאַרשטויסענע פון גאָט און פון לייט... דעריבער האָבן עס די רעוואָלוציאָנערע פירער, איינער נאָך דעם אַנדערן, אין אַט דער צייט אָנגעהויבן אויסצוואַנדערן אין דער פרעמד. אין רוסלאַנד גופא איז דאָך שוין נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר זיי. גייסטיק=פסיכיש קאָנען זיי נישט לעבן און גדייען אָן די ספּעציעלע פּריווילעגיעס זייערע. און די גרעסטע צאָל אויסוואַנדערער גיבן עס אַרויס פון זיך די עס=ערן. די עס=ערן — די לייב=גוואַרדיע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, די ריטערלעכע אַריסטאָקראַטיע אירע — די עס-ערן פילן עס אַמשטאַרקסטן די בייז, די באַליידיקנדע באַציונג פון רוסלאַנד צו דעם רעוואָלוציאָנער און צו דער רעוואָלוציע. מער פון אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערן זענען זיי, די עס-ערן, „צעבאַלעוועט" פון צופיל אַכטונג און צופיל ליבע, און מחמת דעם רעאַגירן זיי עס שטאַרקער און שאַרפער, ווי אַלע אַנדערע, אויף דער רעוואָלוציע, וואָס איז פאַרגעקומען אין רוסלאַנד, אינם פאַרהאַלטן זיך צו דער רעוואָלוציע... ס'רוב פאַרבלייבן זיי, די עמיגרירטע עס=ערן, אין פּאַריז. אין פּאַריז ווערט אפילו באָריס סאַווינקאָוו אַ תּושב אויף שטענדיק. באָריס סאַווינקאָוו, דער הויפּט=פּאַרטיזאַן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, דער טיטאַן אירער. אין פּאַריז קומט עס, אין דערדאָזיקער צייט, צו דער קבורה גערשוני, וואָס פאַרענדיקט, אגב, זיין לעבן גאָר אויף דעם שטייגער פון אַ געוויינטלעכן בשר-ודם. אין דער שווייץ, אין ציריך, שטאַרבט ער פון אַ מחלה און אויף אַ בעט. פּאַריז איז איצט דער צענטראַל=פּונקט פון די אַנטרונענע עס=ערן, וואָס זענען אָנגעברוגזט אויף רוסלאַנד. און עס איז זיי נישטאָ וואָס מקנא צו זיין, עס גייט זיי נעבעך שלעכט. טויזנטער עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך פון קינדווייז אָן פאַרנומען מיט רעוואָלוציע — אין אַלע אירע פאָרמען — אַלס אַ היימישע פּראָפעסיע, זענען נישט אימשטאַנד צוצופּאַסן זיך — פיל שוין אין די מיטעלע יאָרן — צו אַ נייעם פאַך

אין גלות. דער דלות איז גרויס. עס איז נאָך דער אַזעלכע־געשיכטע, די רעוואָלוציאָנערע קאַסע איז פּוסט, קיין קעגנזייטיקע הילף איז נישט בנמצא און קיין צוטרוי פון איינעם צו דעם צווייטן איז נישטאָ אויף אַ האָר. מען קריגט זיך און מען רייסט זיך כסדר. נאָכ־אַנאַנד חברישע משפטים. פאַרשפּיצטער האָנאָר: דער און דער האָט דעם און דעם פּיזיש פאַרטשעפּעט. יענעם און יענעם דאַרף מען האַלטן אין אַ קאַראַנטין גייסטיק, די און די — דאַרף מען פּראָק־לאַמירן אַלס פּראָדעכטיקע פערזאָנען פּאָליטיש, מיט אַזוינע און אַזוינע מוז מען פאַרבאָטן צו באַגריסן זיך מאָראַליש, מען באַיקאָטירט זיך איינציקווייז, אינדיווידועל, און מען באַיקאָטירט זיך אָרגאַניזירט אין פראַקציעס מיט „קאָמיטעטן" אָן דער שפּיץ. עס האָבן זיך שוין אויסגעבילדעט ספּעציאַליסטן אויף דעמדאָזיקן געביט, באָיקאָט־סאָציאַליסטן. די דאַרע, די שווינדזיכטיקע און פלי־כעוואַטע יוליאַ מיכאַילאָוונאַ, וואָס גיט זיך אַרויס פאַר אַן אומגע־זעצלעכע טאָכטער פון רוסיש־יידישן שריפטשטעלער באָגראָוו, און אַליין אָן אַ מאַן, נאָר מיט אַ צען־יעריק ייִנגעלע, וואָס איז איר זון (דעם מאַן אירן, אַן אַרמענער, האָבן קאָזאַקן פאַרשמיסן צום טויט אין סימפעראָפּאָל) — אָט די יוליאַ מיכאַילאָוונאַ האָט זיך עס איינגאַנצן געווידמעט דער באָיקאָט־אַרבעט צווישן די עס־ערן אין פאַריז. און דער אַרויסהעלפער אירער, יוליאַ מיכאַילאָוונאַס, אינם פאַל פון אַ שטאַרקן בלוט־שטורץ, ווען זי קאָן זיך פון בעט נישט אויפהייבן, איז עס דער אַסיסטענט אירער — טשוקטשאַ, אַ קורץ און דיק מענטשל מיט געדראָלענע צוויי לעפצן, אין די יאָרן זיכער אַ זעכציקער און אין זיין נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג איז קיין טאָלק נישט צו דערגיין... דאָס איז דער שטענדיקער. דאָס איז דער טאָג־טעגלעכער לעבנס־שטייגער און לעבנס־אינטערעס צווישן די געפאַלענע רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין פאַריז. אפילו צווישן די סאַמע אָנגעזעענסטע רעוואָלוציאָנערן, און נישט בלויז צווישן די דו. כשניטלעכע עמיגראַנטן, צעשרויפטע נערוון, אַזש סאַווינקאָוו אַליין, דער שטאָל און אייזערנער סאַווינקאָוו, פאַרלירט אַזוי דעם קאָנטראָל איבער זיך, אַז אויף אַן עס־ערישער ליאַמע פאַט ער אָיס אַ חבר זיינעם, אויך אַ טעראָריסט, דערפאַר, וואָס

דערדאָזיקער האָט זיך שיכורערהייט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ קאָמפּלימענט צו דער פרוי זיינער, צו סאַווינקאָווס... און בעת עס קומט פאָר אַ משפּט פאַר אַזאַ סאָרט זינד (אָן לאָדזשנישן קריכט מען נישט דורך אין אַזוינע פאַלן) — שלעפּט מען אַזש אַראָפּ פון לאָנדאָן דעם אַלטן קראָפּאָטקינען אַלס ריכטער. פון זשענעווע פאָרן עס זיך צונויף זקנים־בונטאַרן נאָך פון טשערנישעווסקיס צייטן, אַלס עקספּערטן און עדות פון אַלע פאַריזער קוואַרטאַלן. אויף דעם בולוואַר סאַן־מישעל, אין קאַפע ד'אַרקור – אַ געמיינזאַמער אָנשטאַלט פאַר פראַנצויזישע גריזעטינס און פאַר רוסישע רעוואָלוציאָנערן (דאָ איז אפילו מאַרטאָוו אַ שטאַם־גאַסט) — אינם קאַפע ד'אַרקור, צעבלוטיקט עס דער אַטאַמאַן און קאַפּיטאַן פון דער היסטאָרישער שיף פּאָטיאָמקין — מאַטושענקאָ, דעם אַנטלאָפענעם קאַטאָרזשניק, דעם טעראָריסט פּעטראָוון, פאַר אַ קרום וואָרט בײַ אַ גלאָז ביר. היינט די אימה פאַר בורצעוון. משוגע צו ווערן: ווו צווייִ, איז ער אַ דריטער, בורצעוו, מיט דער דאָן־קיכאָטישער פיגור, אינם סורדוט פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּלעך, מיט דעם דיקן פּאָרטפעל אונטערן אָרעם, ווי אַ רוסיש־פּראָווינציעלער יאַבעדניק, וואָס שטופּט זיך אומעטום מיט „דאָקומענטאַלע באַווייזן". ווי סומנע עס איז פון אים, בורצעוון: עס איז סומנע פון זיין געל־פאַרמעטענעם געזיכט, פון זיין ציגן־בערדעלע, וואָס באָמבלט זיך נאָכאַנאַנד, פון די ברייטע שפּאַקולן־גלעזער, דורך וועלכע עס קוקן אַרויס אַ פּאָר פיצינקע פּאָספּאָרישע אייגעלעך, פון דעם, וואָס פיר און צוואָנציק שטונדן אין מעת־לעת זוכט ער און נישטערט מוסרים און פּראָוואָקאַטאָרן, און דערהויפּט פון דעם, וואָס קיינער און קיינע איז נישט זיכער, אַז בורצעוו זאָל זיך פּלוצלינג נישט נעמען צו זיין — אָדער צו איר — רעפּוטאַציע. אין אַזאַ אַטמאָספערע קומט עס אויס צו לעבן טאָג איין טאָג־אויס... איז אָט אין דערדאָזיקער צייט איז עס בונאַקאָוו געוואָרן דער פּאָפּולערסטער מענטש צווישן די עס־ערישע עמיגראַנטן. ער קומט איצט שטאַרק צונוץ, בונאַקאָוו. ער איז נישט אַריינגעצויגן אין אָט די אַלע עמיגראַנטישע געשיכטעס. ער, דער נאָבלמאַן, פאַרשטייט זיך בכלל נישט אויף אַזוינע זאַכן, ווי „פּראָקלאַמירן", „באַיקאָטירן". ער איז גוט צו אַלעמען און מיט אַלעמען.

אין דער גאַנצער עס-ער׳ישער עמיגראַציע איז בונאַקאָוו דער איינ-אונאײנציקער, אָבער טאַקע בוכשטעבלעך דער איינאונאײנציקער, וואָס ער האָט אויף קײנעם קיין קריוודעס נישט און קיינער האָט צו אים קיין טענות נישט. הענגט מען זיך אָן אים — ער זאָל מיט זיין ווייכקייט איינשטילן די צערייצטע בלוטן, טו-ליעט מען זיך צו אים, ער זאָל מיט זיין פרידלעכקייט באַרויקן די אומרויקע געמיטער. דערצו פאַרמאָגט ער נאָך אַ גרויסע מעלה: כאָטש ער האָט אָפּגעגעבן, בונאַקאָוו, זיין גאַנצע ירושה דעם עס-ערישן צענטראַל-קאָמיטעט, פונדעסטוועגן איז ער מאַטעריעל פאַר-זיכערט איבערגענוג (דעם זיידנס, וויסאָצקיס, קאַנטאָר זאָרגט פאַר אים). און דאָס איז ווייט נישט קיין קלייניקייט פאַר דער עס-ערישער עמיגראַציע. ער פירט אַ הויז, פונדאַמינסקי, און בײַ אים איז גע-מיטלעך. ער שפּייזט זיך פון אַן אייגענער קיך און ער ציילט נישט די ביסנס. קאָן מען צו אים אַריינקומען פאַרברענגען (די קהלשע פּלעצער האָבן דאָך שוין אַזוי דערעסן). קאָן מען בײַ אים פאַר-בלייבן אויף וואַרעמעס, אויף וויעטשערע (די סטאָלאָוועקעס קריכן דאָך שוין פון האַלז). אויך אַ הלוואה קאָן מען בײַ אים כאַפּן, בײַ פונדאַמינסקין, נישט טראַכטנדיק דערבײַ וועגן צאָלונגס-טערמינען. דאָס אַלץ זענען זייער וויכטיקע און וואָגיקע זאַכן פאַר די אויס-געהונגערטע נע-ונדניקעס, וואָס האָבן נישט מיט וואָס אַ טאָג דורכ-צושטופּן, ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. דאָס איז אַפילו וויכטיק און וואָגיק פאַר דעם טעאָרעטישן פירער פון דער פּאַרטיי, פאַר וויק-טאָר טשערנאָוון און פאַר דעם פּראַקטישן אָרגאַניזאַטאָר פון דער באַוועגונג, פאַר סטעפּאַן סליאָטאָוון, וויקטאָר טשערנאָווס שוואָגער. איצט איז שוין נישט דאָס, וואָס אַמאָל. איצט אימפּאָנירט ער זיי, פונדאַמינסקי, די פּרימיטיווע, די וועלט-פרעמדע רוסישע ניהיליסטן, אַפילו מיט דעם, וואָס ער זעט אויס און האַלט זיך אייראָפּעיש, ווי אַן אויסלענדער. . .

און פונדאַמינסקי גופא, פונקט אַזוי געטריי, ווי ער האָט פריער געדינט דער עס-ערישער רעוואָלוציע, אַזוי דינט ער איצט געטריי דער עס-ערישער עמיגראַציע. ער מוז דינען: ער פאַר-טרעט דאָך איצט מיכאַיל גאָצן, וואָס ליגט שוין אין דר׳ערד; ער

פּאָרטרעט דאָך איצט אַבראַם גאָצן, וואָס פּאָקוטעוועט אויף קאַטאָרגע. דאָס איז זיין חוב.

ער, פונדאַמינסקי, איז עס איצט דער אָנערקענטער פּאַטראָן פונם רעוואָלוציאָנערן, ריכטיקער, עס־ערישן וויסאָצקי־שטאַם...

8.

צען יאָר לעבט ער עס אַזוי אָפּ, בונאַקאָוו, אין פראַנקרייך, ווינטער אין פּאַריז, זומער ס׳רוב אין ברעטאָן און אַמאָל אויף דער ריוועראַ.

ער ווערט עלטער, בונאַקאָוו, פיזיש. אויך גייסטיק מאַכט ער דורך נייע עטאַפּן. פון צייט צו צייט דרוקט ער האַלב־פּובליציסטישע אַרטיקלען וועגן דעם רוסישן פּיערטום, וועגן רוסלאַנדס פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. די אַרטיקלען־טיפּיש־בונאַקאָווישע: ליריש־אָנגעצויגן, לויט דער פאָרם, פערזענלעכער אומעט ווייעט פון זייער אינהאַלט. ער, דער „אויסלענדער“ צווישן די רוסישע עס־ערן, דער אייראָפּעער, האָט זיך עס פאַרבענקט נאָך דעם פאַרצייטיקן, פּאַטריאַרכאַלישן רוסלאַנד, ווי עס איז באַשריבן אין די ביכער פון די רוסישע סלאַוואָפילישע שריפטשטעלער. עס ציט אים צו דעם רוסישן פּייזאַזש, ווי ער איז באַזונגען אין די לידער פון די רוסישע קלאַסישע פּאָעטן. עס ציט אים, פונדאַמינסקין, צו די מאָגערע רוסישע פעלדער, צו די אָרימע רוסישע דערפלעך מיט די מיניאַטורע, הילצערנע קאָלירטע צערקוועלעך אויף די בערגלעך. אין איין פּונקט קומט ער זיך איצט צונויף פאָרמעל אפילו מיט דעם זיידן מיט זיינעם: קלונימוס־זאב וויסאָצקי האָט טראַנספאָרטירט פאַר רוסלאַנד טיי פון כינע און דאָס אייניקל, איליאַ פונדאַמינסקי, טראַנספּאָרטירט פאַר רוסלאַנד היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס פון כינע. ער הקירהט זיך וועגן דער גייסטיקער קרובה שאַפט צווישן די כינעזער און רוסן.

נאָר די דאָזיקע גייסטיקע ענדערונגען רופן זיך פונדעסטוועגן נישט אָפּ, פּראַקטיש, אויף זיין צוזאַמענלעבן מיט די עס־ערי־

שע עמיגראַנטן. אפילו אין זיינע זומערדיקע לוסט-רייזעס פאַררוקט ער זיך נישט צו ווייט און צעשיידט זיך נישט אויף לאַנג.

די יאָרן לויפן. ער שפּירט עס, בונאַקאָוו. די האָפענונג אויף אַ רעוואָלוציע ווערט אַלץ שוואַכער. ער זעט עס, בונאַקאָוו. דאָס הייסט, אַז מיט די עס-ערישע עמיגראַנטן וועט עס אים אויסקומען דורכצושטופּן דאָס גאַנצע ביסל יאָרן זיינע, וויפיל עס איז איב נאָך באַשערט צו לעבן, ער אַליין הייבט זיך שוין אָן צו נייטיקן אין די עס-ערן אין זיינע...

צען יאָר אַזוי. און אויף דעם עלפטן פּאַסירט אַ מעשה, וואָס נישט ער, פונדאַמינסקי, און נישט ווער עס איז וואָלטן זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס זאָל געשעען אין אונזערע טעג: אין רוסלאַנד פאַלט די צאַרישע מאַכט.

די גאַנצע רוסישע פּאָליטישע עמיגראַציע, וואָס געפינט זיך אין דער פרעמד, אין אויסלאַנד, קערט זיך אום אַהיים, קיין רוסלאַנד. איינעם מיט אַלע אַנדערע פּאַטענטירטע עמיגראַנטן קערן זיך עס אום אויך די עס-ערן און צוזאַמען מיט די עס-ערן — שטעלט זיך עס אַריין קיין רוסלאַנד — איליאַ פונדאַמינסקי.

פונדאַמינסקי באַזעצט זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער רעזידענץ — אין פּעטערבורג, ווו די אָפיציעלע מאַכט איבער דער גאַנצער מדינה גייט אַריבער צו די עס-ערן. דווקא איצט אָבער, אין דער עס-ערישער מלוכה, זעט ער זיך עפּעס גאָרנישט אָן, בונאַקאָוו. אָט די קאָלעגן זיינע פון פּאַר-ס.ועאַבאָרג און פון נאָך סוועאַבאָרג — זיי זענען עס איצט די אָנערקענטע רוסישע מלוכהמענער, די פירער אין רעגירער פונם רוסישן שטאַט, די מיניסטאָרן און סענאַטאָרן: טשערנאָוו איז אַגראַר-מיניסטער, סאַווינקאָוו — מיליטער-מיניסטער, אַווקסענטיעוו — פּאָליציי-מיניסטער, אַבראַם גאָץ איז קומענדיק פון קאַטאָרגע גלייך געוואָרן דער פאַקטישער אויבער-מיניסטער איבער אַלע מיניסטאָרן, שרעדער איז דער שטאָט-באַלעבאָס אויף פּעטערבורג, רודניעוו — אויף מאָסקווע. בלויז ער, פונדאַמינסקי, פאַרנעמט נישט קיין שום פּאָסטן צווישן די עס-ערישע מלוכה-מענער.

איז עס נאַטירלעך. ווי קומט ער, פונדאַמינסקי, צו רעגירן
איבער פעלקער און מדינות? — נישט ער וויל הערשן, נישט ער
דאַרף הערשן. ער איז גליקלעך, וואָס איצט איז ער געוואָרן אַ
פרייער מענש. סוף כל סוף אַרויסגעפּלאָנטערט זיך פונם פאַמיליען-
יאָך פון זיינעם. ער דאַרף שוין מער נישט יוצא זיין פאַר קיינעם.
די רעוואָלוציע די רוסישע האָט פאַר אים אַ ספּעציעלן ריין-פּערזענ-
לעכן ווערט: איינעם מיט דעם אַריסטאָקראַטיש-פּריצישן שטאַנד
האָט די רעוואָלוציע אויך פאַרניכטעט די וויסאָצקי-גאָצישע עס-ערישע
קאַסטע. איצט פאַלן שוין אַראָפּ פון אים די פליכטן, וואָס עס האָט
אויף אים אַרויפגעלייגט מיכאַיל גאָץ. וועט ער אָנפאַנגען אַ ניי
לעבן, אַלעבן אָן עס-ערישע עמיגראַנטן און אָן עס-ערישע רעוואָ-
לוציאָנערן. ער איז איצט קיינעם גאָרנישט נישט שולדיק, פונדאַ-
מינסקי. איז אים וואויל, איז אים גוט. עס איז אים וואויל און גוט,
ווי נאָך קיינמאָל ביז איצט.

אָט דאָס גליק אָבער דויערט נישט לאַנג:

די באָלשעוויקעס פאַרכאַפּן רוסלאַנד. עס פאַנגט זיך אָן דער
קאָמוניסטישער טעראָר. אין בונאַקאָוון וואַכן ווידער אויף זיינע
אַלטע פליכטן צו דער רעוואָלוציע און — דערהויפּט צו די עס-
ערן. ער טרעט אַרויס קעגן די באָלשעוויקעס אין דער אַזוי-גע-
רופענער „קאָנסטיטואירנדער פאַרזאַמלונג“, וואָס האָט זיך גע-
האַלטן סך-הכל איין מעת-לעת. איז ער געצוווּנגען באַלד, פונדאַ-
מינסקי, צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

ער כאַפּט זיך אַריין קיין פּאַריז, אין זיין אַלטער רעזידענץ,
און עס הייבט זיך אָן ווידער איבעראַנייס אַ קאָן. די געשיכטע
ווידערהאָלט זיך: ער איז ווידער אַן עמיגראַנט: ווידער געפינט
ער זיך אין דער פּאַרצייטיקער, עמיגראַנטישער פאַמיליען-אַטמאָס-
פערע (כמעט די אַלע עס-ערן, וואָס האָבן דאָ געלעבט פאַר דעם
יאָר, 1917 זענען איצט אויך אין פּאַריז). אפילו ווי דעמאָלט איז
ער אויך איצט „וויסאָצקיס אייניקל“. דאָס הייסט דער איינציקער
עמיגראַנט, וואָס איז באַוואָרנט מאַטעריעל (וויסאָצקיס טיי-פירמע
פאַרמאָגט דאָך אויך אָפּטיילונגען אין אויסלאַנד, וווּהין די רוסי-
שע באָלשעוויקעס זענען נישט אימשטאַנד צו דערגרייכן).

אויסערלעך, הייסט עס, דאַכט זיך, אין אַלעם, ווי געווען אין די יאָרן פון 1907 ביז 1917. וואָס פאַר אַן אונטערשייד אָבער אינערלעך.

ווי פּראַוואָסלאָוויש-פרום זיי זענען עס געוואָרן די עמיגרירטע עס-ערן, די רוסן עס-ערן, מיט וועלכע בונאַקאָוו איז אַמשטאַרקסטן אויסגעבונדן פּערזענלעך: טשאַיקאָווסקי, דער עס-ערישער „זיידע", פאַרזוכט נישט ממש אַ טראָפּן וואַסער, נישט איבערצלמענדיק זיך פריער. ברעשקאָווסקאַ, די עס-ערישע „באָבע", איז פול מיט ליבע צו דער רוסישער גאָטס-פאָרכטיקייט, אַוקסענטיעוו, דער עס-ערישער „ברוסט-ברודער" זיינער, פונדאַמינסקיס, מיט וועמען ער האָט זיך איינגעם אויסגעהאָדעוועט אין דער פּאַרטיי — אָט דערזעלביקער אַוקסענטיעוו האָט עפּעס באַקומען אַ פּאַפּישן אויסזען און איינפאַך אויף אַ רגע צעשיידט ער זיך נישט מיט די הייליקע שריפטן פון די פּראַוואָסלאַווישע „קירכן-פאָטערס". רודניעוו, מיט וועמען פונדאַמינסקי איז פּערזענלעך אַזוי פאַרקניפּט נאָך פון די סטודענטישע יאָרן אין דייטשלאַנד, — רודניעוו היט עס איצט שטרענג אָפּ דעם פּראַוואָסלאַוונעם ריטואַל און לאָזט נישט דורך, אפילו אינדערוואָכן, קיין איין ליטורגיע אין דער פּראַוואָסלאַוונער קירך אין פּאַריז. און אַזוי איז עס מיט פיל אַנדערע, נישט אויסצוציילן די נעמען זייערע. געוועזענע באָמבעס-שליידערער אין רוסלאַנד זענען עס איצט געוואָרן געטרייע קירכן-קינדער אין אויסלאַנד. אפילו אַזאַ טיפּישער אַדוואָקאַט און אויסגעשפּראָכענער פּאָליטיקער, ווי קערענסקי, „זעט שוין איצט אין די וויכטיקייט און די באַדייטונג פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך אויך פאַר דעם רוסישן אינטעליגענט און נישט בלויז פאַר דעם רוסישן פויער". און פרידן הערשט איצט אין דער עס-ערישער עמיגראַציע אין פּאַריז, סקאַרבאָוער פרידן... איין טשערעדע און דער פּיטערער איז עס די קירך פון קריסטוס, לויט דעם פּראַוואָסלאַוונעם נוסח. פון איר, פון דער צערקווע דער פּראַוואָסלאַוונער, און דורך איר וועט עס קומען די איינציקע, די אמתע און די לעצטע דערלייזונג פאַר רוסלאַנד...

איז ער איינזאַם, בונאַקאָוו. ער איז שוין אַ מאַן אין די פופ-

ציקער, שווער, אוממעגלעך שווער פאַר אים אין אָט די יאָרן אָפּ־צערייסן מיט אַזוינע נאָענטע, מיט וועלכע ער האָט זיך צונויפגע־וואַקסן אינם פאַרלויף פונם גאַנצן לעבן זיינעם. בפרט, אַז אים גופא ציט אויך צו דער רוסישער קירך. ער האָט זיך זיינע אייגענע חטאים, וואָס נאָר די רוסישע קירך איז אימשטאַנד אָפּצעווישן זיי. ער דאַרף מחילה בעטן באַ דעם רוסישן פאָלק דערפאַר, וואָס ער גופא און דער גאַנצער באַשאַף זיינער האָבן עס געשטופט דעם רוסישן מענטש צו דער רעוואָלוציע, וואָס האָט אָפּגעמעקט דאָס פּנים פון רוסלאַנד. און צוליב דעם מוז ער עס ווערן אַ גליד, אַן אָרגאַנישער גליד פון דער רוסישער אומה. ער מוז ווערן פול־שטענדיק אַ רוסישער מענטש, וואָס ליידט צוזאַמען און צוגלייך מיט רוסלאַנד. דאָס הייסט, קאָנקרעט — ער דאַרף צושטיין צו דעם פּראַוואָסלאַווגעם גלויבן. ווייל: נאָר דעמאָלט איז „דיין פאָלק – מיין פאָלק, און אויך דיין גאָט — איז מיין גאָט“.

9.

און אויך אָט דעם לעצטן קרבן האָט ער געבראַכט, איליאַ פונדאַמינסקי, פאַר רוסלאַנד. קלונימוס־זאב וויסאָצקיס אייניקל האָט זיך מיט לייב און לעבן באַהעפט מיט דער רוסישער פּראַוואָסלאַווער קירך.

ער איז סאָליד פּראַוואָסלאַוויש. ער פלייסט זיך שטאַרק אָנ־צוהאַלטן אַ שיינעם פּראַוואָסלאַוונעם שטאַט, ער איז אפילו אַ באַ־שטימטער צד אין דער מחלוקה, וואָס עס קומט פאָר אין דער רו־סישער פּראַוואָסלאַווער קירך.

קלונימוס־זאב וויסאָצקיס יורש שטייט אויף דער זייט פונם עפּיסקאָפּ עווילאָגיוס, וואָס איז אין פּאַריז דער אויסלענדישער שליח פונם אַלערהייליקסטן פּאַטריאַרך טיכאָן און איז אַ שאַרפער קעגנער פונם עפּיסקאָפּ אַנטאָניוס, וואָס באַשיצט אין יוגאָסלאַוויע דעם קאַ־נאָן פונם פּיאָטרישן הייליקן סינאָד. אַ „טיכאָנאָוועץ“ איז ער.

איליאַ פונדאַמינסקי איז איצט נישט קיין פּאָליטישער עמיג־ראַנט וואָס ער איז געווען אַמאָל, נאָר אַ גלות־אָפּריכטער אינ‫יינעם

מיט דער רוסישער קירך, מיט דער רוסישער שכינה, וואָס איז
פאַרטריבן אין דער פרעמד.

דעצעמבער. 1928

# דער מאַן פון גלייכגעוויכט

(מ. מ. ווינאַווער)

פּאַריז, 13־טן אָקטאָבער, יאָר 1926.

היינט איז דאָ אויף דעם באַרימטן בית־הקברות „פּער לאַשעז״ געקומען צו זיין אייביקער רו — ווינאַווער מאַקסים מאָיסייעוויטש.

שטיל און באַשיידן איז געווען די לויה זיינע. פון די צענדליקער טויזנטער רוסן און צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס לעבן איצט אין פּאַריז האָבן באַגלייט ווינאַווערס ארון ס״ה עטלעכע צענדליק אינטעליגענטן פוןביידע צדדים. און באַקלאָגט האָבן אים נאָר צוויי־דריי אינטימע פריינט מיט פּראָפעסאָר מילוקאָוו אין דער שפּיץ, אויב מען זאָל נישט נעמען ערנסט די פּראָפעסיאָנעלע טרערן פונם גראַנד־ראַבין ישראל לעווי און די אָפיציעלע טרערן פונם איזראַעליט־פראַנסעז סאָלאָמאָן ריינאַק.

דאָס פאָלק, אַזוי צו זאָגן, איז נישט אויפגערודערט געוואָרן פון ווינאַווערס טויט, און קיין חידוש איז עס נישט. אויך פאַר זיין לעבן איז ווינאַווער נישט געווען שטאַרק פּאָפּולער צווישן דעם ברייטן עולם, אפילו אינדערהיים, אין רוסלאַנד. דער גאַנצער מהות מענטש פון ווינאַווערן בכלל איז נישט קיין „פאָלקסטימלעכער״.

אמת, ווינאַווער איז געווען אַלע זיינע יאָרן אַ קהלס־מאַן און אַן אַקטיווער קהלס־מאַן. ער איז אָבער קיינמאָל נישט געשטאַנען דירעקט מיט דעם פּנים צום פּובליקום. אַליין אַ דעמאָקראַט, נאָר אום צו דערגרייכן די דעמאָקראַטיע גופא, האָט ער געמוזט אָנקומען צו משולחים, צו אויסטייטשער און אַזוי פירט זיך דאָך שוין פון אייביק אָן: משולחים און אויסטייטשער פאַרשטעלן און פאַרהילן תמיד דעם נאָמען פונם לערער, פונם געבאָטן־שאַפער.

אינם פּאַרלויף פון פינף און דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד איז ווינאַ-ווער געווען רייך אין וויכטיקע מעשים און באַלאָדן מיט פאַראַנטוואָרט-לעכע פּאָסטנס. אָט די מעשים אָבער און דידאַזיקע פּאָסטנס האָבן גע-טראָגן אַזאַ געשטאַלט, אַז בלויז אויסדערוויילטע פון אויסדערוויילטע זענען עס געווען אומשטאַנד צו זעען.

אָט, ווינאַווער, אַלס יוריסט:

פּאַכלייט, ספּעציאַליסטן, זאָגן אויף אים, אַז ער איז געווען אין גאַנץ אייראָפּע איינער פון די באַדייטנדסטע, אויב נישט דער באַדייטנדסטער קענער און היסטאָריקער פון רעכט און פון געזעצ-געבונג. נאָר ווינאַווער איז, אַפילו קיין איינאונאיינציק מאָל נישט אַרויסגעטראָטן דירעקט אין אַ קרימינעלן פּראָצעס. ער איז ציוויליסט און נאָר אַ ציוויליסט. תּמיד איז ער פּאַרטוין אין די שטרייטן וואָס שטאַמען פון נאָרמאַלע באַציונגען און פון נאַטירלעכע קעגנזאַצן צווישן מענטש און מענטש. רעטאָרישע זשעסטן זענען אים פּונק אַזוי דערווידער, ווי אַקראָבאַטישע קונצן דעם קינסטלער און דאָ אויף דעם געביט פון ציוויליע רעכט איז ער עס ווינאַווער אַזוי גרויס און אַזוי באַגלייבט, אַז אָפט, בעת ער שטייט אין סע-נאַט אַלס פּאַרטייאיקער, אָדער אַלס באַשולדיקער, דאָס הייסט, אַלס פּאַראינטערעסירטער צד, ווענדן זיך צו אים די סענאַטאָרן, די שופטים, פונדעסטוועגן נאָך אַ דערקלערונג אין געוויסע קאָדעקס-שווערקייטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ סאָרט „אַדוואָקאַט" איז נישט קיין טעמע פאַר דעם בולוואַרן-טייל פון ציימונג-כראָניק און נישט קיין „העלד" פאַר משפּטים-ליבהאָבערינס.

צי ווינאַווער דער שריפטשטעלער;

ווינאַווער איז אַן ערשטקלאַסישער שריפטשטעלער, ממש טאַ-קע אַ קינסטלער פון דער העכסטער שטופע. ער האָט אָנגעשריבן (אין רוסיש) עטלעכע ווערק-שעדעוורן. צו זשורנאַליסטישע אַרבעט אָבער האָט ער זיך קיינמאָל, אַפילו מיט אַ פינגער, נישט צוגע-רירט. אויסער, אגב (און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש), ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידן און וועגן יידישקייט. אין אַזאַ פאַל בלויז פלעגט ווינאַווער אַרויסטרעטן אַלס פובליציסט. נאָר יידן און יידיש-קייט — דאָס זענען דאָך נישט עפּעס קיין וואָכעדיקע ענינים.

ווינאַווער דער שריפטשטעלער איז תמיד אין אַ געהויבענער שטי־מונג, דערהויפּט איז ער אַ מייסטער, אַן אומפּאַרגלייכלעכער מייס־טער, צו מאָלן הויך־אינטעלעקטועלע פיגורן אין די בעסטע, אין די ליכטיקסטע מינוטן פון זייער גייסטיקן שאַפן. אַ גאַנצע סעריע פיגורן אַזוינע האָט ער פאַראייביקט — יידן און נישט יידן — כמעט אַלע אָנגעזעענסטע געזעצגעבער, ריכטער, אַדוואָקאַטן און שטאַטסמענער, וואָס געהערן — אָדער וואָס שטאַמען — צי פון דער עפּאָכע, וואָס הייסט די עפּאָכע פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אָדער „די עפּאָכע פון די גרויסע רעפאָרמען"... לייענענ־דיק ווינאַווערס מאָנאָגראַפיעס וועגן דידאָזיקע פּערזענלעכקייטן — שפּירט מען זיך עפּעס, ווי צווישן אַ סעקטע פון ראַפינירטע לעבנס־קינסטלער, אָדער צווישן אָפּגעזונדערטע וויסנשאַפט־עקס־פּערימענטאַטאָרס.

ווירקלעך קיין וואונדער נישט, וואָס דער איינפאַכער לייע־נער לייענט אים נישט, ווינאַווערן. נישט קיין צוגענגלעכער שטאָף פאַר אים.

דיזעלביקע זאַך איז עס אויך מיט ווינאַווערן דעם פּאָלי־טיקער.

דריי צענדליק יאָר, די לעצטע דריי צענדליק יאָר, פאַר רוסלאַנד אַזוינע אַנטשיידנדיקע אין אַלע הינזיכטן, האָט ער, ווי־נאַווער, אין דערדאָזיקער מדינה געשפּילט איינע פון די ערשטע ראָלן אין דער פּאָליטיק, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אין דער פריי־הייטס־באַוועגונג. זיין אמפּלוא דאָרטן איז אָבער נישט צו דעבאַ־טירן און נישט צו אַגיטירן אינם „קאָכלעפערישן" זינען. מיט היס־טאָרישע אויפטוען איז ער דאָרט פאַרנומען, און אין באַשטימ־טע היסטאָרישע מאָמענטן: מיט ווינאַווערס נאָמען זענען פאַרבונדן אַזוינע דאַטן, וואָס וועלן פאַרבלייבן דאָטן אויך אינם געדעכעניש פון די קומענדיקע דורות. ער, ווינאַווער, און נישט קיין אַנדערער, איז דאָך עס געווען אינם יאָר 1906 דער פּאַרפאַסער פונם ענט־פער, וואָס דער ערשטער רוסישער פּאַרלאַמענט האָט געגעבן דעם לעצטן רוסישן צאַר אויף זיין האַלב־קאָנסטיטוציאָנעלער „טראָן־רעדע" — דאָס איז דער אַזוי גערופענער „דומע־אַדרעס", וואָס

איז פונם חודש מאַי 1906 ביזן חודש מערץ 1917 געווען דער מאַ־ניפעסטירטער ווילן און דער האָפנונגס־אויסדרוק פונם גאַנצן רו־סישן ליבעראַליזם. — אין אָט דעם ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט איז עס ווינאַווער געווען דער דעפּוטאַט פון דער רעזידענץ־שטאָט — פון פּעטערבורג. און נאָכדעם, בעת דער פּאַרלאַמענט דערדאָזיקער איז פונאַנדערגעטריבן געוואָרן, און די פּאַרלאַמענ־טאַריער — אייגנטלעך דאָס גאַנצע אינטעלעקטועלע רוסלאַנד — האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער פינלענדישער שטאָט וויבאָרג, אום צו פּראָטעסטירן קעגן דעם צאַר — איז עס ווינאַווער געווען דער פּאַקטישער פירער פון די אַלע פאַרזאַמלטע. ער איז עס אויך גע־ווען דער מחבר פונם „וויבאָרגער אויפרוף", וואָס איז געווען גע־ווענדט צום פאָלק, נישט צו צאָלן דעם צאַר קיין צינזן און אָפּצו־זאָגן זיך פון מיליטער־דינסט.

אָט די אַלע פּאָליטישע מעשים אָבער זענען דאָך אַזוי ווייט פון דער גאַס, פונם פּובליקום. דאָס זענען סודות, אַזוינע סודות, נאָר פאַר אייגצלנע, פאַר אויסדערוויילטע פּאַרטרויט מען זיי.

און ווינאַווער דער ייִד:

ווי אינם פאַריקן יאָרהונדערט קרעמיע אין פראַנקרייך און ריסער און דייטשלאַנד — איז אין רוסלאַנד פון אונזער צייט, ווינאַ־ווער געווען די צענטראַלע פיגור אינם שטרייט פאַר דער ייִדי־שער עמאַנציפּאַציע, — אָדער, לויט דער רוסיש־ייִדישער טערמי־נאָלאָגיע — פאַר „גלייכבאַרעכטיקונג": נישטאָ קיין איין פּאַקט אויף דעמדאָזיקן געביט, וואָס זאָל נישט זיין אינספּירירט און דיק־טירט פון ווינאַווערן.

דער ייִד פון כאַסלאַוויטש אָבער און דער ייִד פון ליבאַ־וויטש האָבן ווינאַווערן קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען און אפשר אַפילו זיין נאָמען גאָר נישט געהערט.

אַזוי אין אַלעם דערמאַנט ער ווינאַווער די פּערזאָן פונם עטלעכן גענעראַל־שטאַבלער אין דער צייט פון מלחמה: דער פּאַקטישער קריגס־פירער און דאָך — אַ געהיימניש, אפילו פאַר דער אייגענער אַרמיי.

יאָ, עס איז נאַטירלעך, וואָס דאָס ברייטע פּובליקום, אפילו

דאָס דורכשניטלעכע אינטעליגענטע פּובליקום, האָט אַ קנאַפּע השגה וועגן ווינאַווערן. ווי נאַטירלעך אָבער דערזאָיקער פּאַקט זאָל נישט זיין, דאָך איז עס פּאַרדראָסיק ביז גאָר: סוף־כּל־סוף, מיט וועמען זאָל מען זיך עס רעכענען אויף דער ערד, אויב נישט מיט אַזוינע פּערזאָנען, ווי ווינאַווער?

דערהויפּט איז עס פּיינלעך. וואָס בײַ אונז, צווישן יידן, ווייסט מען פון אים אַזוי ווינציק: פאַר אונז איז דאָך ווינאַווער עפּעס מער, ווי אַ גרויסער יוריסט, גלענצנדער שריפטשטעלער און ווייט־קוקנדיקער און טיף־זעענדיקער פּאָליטיקער. פאַר אונז איז ער אפילו נאָך פיל מער, איידער דערזאָיקער מאַן, וואָס האָט אַזוי שטאָלץ און אַזוי קלוג געראַנגלט זיך פאַר אונזער באַפרייונג: פאַר אונז, פאַר די יידן פון מזרח־אייראָפּע, איז ווינאַווער אַ נייער סאָרט יידישער טיפּ, וואָס בײַ דער לאַגע פון אונזער פאָלק צווישן אַנדערע פעלקער, דאַרף ער דינען פאַר אונז אַלס אַ מוסטער: אַזוי ווי ווינאַווער מוז זיך עס אייגנטלעך האַלטן יעדער ייד, אין וואָס פאַר אַ לאַנד עס זאָל נישט זיין, אום נישט צו פאַרלירן דאָס מאָראַלישע גלייכגעוויכט.

אָט ווינאַווערס לעבנסוועג:

מיט וואָס פאַר אַן אימפּעט ער שפּרינגט עס אַריבער ממש מאָנבלאַנען: אַ פּוילישער ייד, וואָס לויט זיין יחוס געהערט ער צו די צוויי „גוטע־יידישע" דינאַסטיעס — צו די „גערער און צו די „אַלעקסאַנדראָווער". אין דעם וואַרשעווער אוניווערזיטעט שטודירט ער יידישער וויסנשאַפטן. די ערשטע אַקאַדעמישע אַרבעט זיינע — דאָס פּוילישע „מנהגים־רעכט". און גלייכצייטיק איז ער פאַרטיפט אין נאַפּאָלעאָנס קאָדעקס. ער פאַרבלייבט אָבער נישט אין זיין היימלאַנד: מיט דעם אויסגעשפּראָכן פּוילישן אַקצענט מיט זיינעם און מיט דעם טיפּיש־רבנישן אויסזען — קומט ער אָן קיין פּעטערבורג. און דאָ, אין פּעטערבורג — דערווייזט ער ווינאַווער, אין אַ קורצער צייט נישט בלויז איינצופונדעווען זיך אין דעם אַדוואָקאַטן־שטאַנד, נאָר אויך איינצוואָרצלען זיך אין דער סאַמע טיפעניש פון דער רוסישער קולטור און ווערן אַן אייגענער מענטש צווישן די ליבעראַלע קרייזן פונם היכן אַדל: אַ מייסטער פון

דער רוסישער ליטעראַרישער שפּראַך, קאָמענטאַטאָר פון דאָס אַלטע רוסישע רעכט און פירער פון די „זעמצעס". פון די עכט-רוסישע טיילווייז סלאַוואָפילישׂ פּראַוואָסלאַוונע קאָנסטיטוציאָנאַליסטן.

וויפל יידן, און באַדייטנדע יידן, זענען עס אין רוסלאַנד און אויך אין אַנדערע לענדער גייסטיק צעשעדיקט געוואָרן, און אייניקע אַזש לגמרי צעקראָכן געוואָרן פון אַזוינע האַסטיקע שפּרינגענישן. דאָס האָבן זיי, אָט די „שפּרינגערס", דאָך אויסגע-טראַכט דעם איינפאַל פון יידישער זעלבסטפאַרלייקענונג און זעלבסט-פאַרניכטונג.

ווינאַווער איז אָבער דער מאַן פון גלייכגעוויכט. און פריש אונגאַנץ איז ער אַרויס פון דידאָזיקע אַלע וואַנדערונגען. ער איז בלכייצייטיק — רוס און ייד, פונקט, ווי דאָס רוסנטום שטערט אים נישט צו זיין אַ געטרייער ייד, אַזוי שטערט אים נישט דאָס יידיש-קייט אין זיין צוגעבונדנקייט צו רוסלאַנד. אָט די צוויי עלעמענטן לעבן זיך צונויף אין אים האַרמאָניש, גלייך ווי עס לעבן זיך איג אים צונויף האַרמאָניש די איבעריקע פּילזייטיקע באַגאַבונגען זיינע.

דאָס איז געווען אינם זומער פונם יאָר 1917, אין דער סאַמע ברען-צייט פון דער רעוואָלוציע, אין פּעטערבורג. אינם מאַלאַכיטן-זאַל פונם ווינטער-פּאַלאַץ האָבן זיך פאַרזאַמלט די אָנגעזעענסטע רוסישע מענטשן אויף אַ ישוב-הדעת: אפשר לאָזט זיך נאָך עפּעס אויסזוכן אַ מיטל, ווי אַזוי אויסצוהיטן פון אונטערגאַנג די רוסישע מדינה, די רוסישע מלוכה?... — פאַרשטייט זיך, אַז ווינאַווער געפינט זיך אויך דאָרט אויף דערדאָזיקער באַראַטונג. אין אָט דעמזעלביקן טאָג אָבער קומט פאָר עפּעס אַ יידישע קאָנפערענץ אין אַ יידישן אַנשטאַלט (עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ נאַציאָנאַלן קאָנגרעס פונם רוסישן יידנטום) און אויך אָט די קאָנפערענץ לאָזט ווינאַ-ווער נישט דורך, אפילו אין אַזאַ מאָמענט און בײַ אַזוינע אומ-שטענדן. אַ פּאָר שטונדן דאָ פאַרבראַכט אינם קהלשן אַנשטאַלט צווישן די יידן, און צוריק אַוועק אין דעם קייזערלעכן פּאַלאַץ צו די רוסן.

ווי אָנגעמאָסטן דאָס איז פאַר ווינאַווערן, אפילו אין שרפות

און בהלות פאַרלירט ער נישט דאָס גלייכגעוויכט, וואָס ער האָט איינגעשטעלט צווישן זיין ליבע צו יידן און זיין פּאַטריאָטיזם צו רוסלאַנד.

און דערגרייכט האָט ער עס, דידאַזיקע האַרמאָניע, דורך זיין פערזענלעכן ווילן. ממש אויסערמענטשלעך, אָדער איבערמענטש-לעך איז געווען פעסט דער ווילן פון אָט דעם קליין דאַר און שוואַך מענטשל, וואָס דאָס פּנים זיינס איז באַשטאַנען, גלייך, ווי בלויז פון שטערן און פון ברעמען.

כסדר איז אַלעם איז אים ביי געשטאַנען, ווינאַווערן, דער ווילן זיינער. בלויז דעם טויט האָט ער נישט ביי געקומען. דאָך, לפי-ערך, נישט אויף דער עלטער געשטאָרבן. סך-הכל דריי און זעכציק יאָר.

וויל איך זיך דאָ נישט באַנוצן מיט דער סקאַרבאָווער פראַזע, וואָס מען באַנוצט אין אַזוינע פאַלן, ווי דאָס ווערטל: „פרי-צייטיק אַוועק פון דער ערדישער וועלט". ניין, איך זאָג עס נישט: ווער קאָן עס דאָ פעסטשטעלן, ווען אַ מענטש דאַרף שטאַרבן? שטאַרבט אַ מענטש, איז עס, מסתמא. נישט „פרי" און נישט „שפּעט", נאָר פאַר אים צו דער ריכטיקער צייט.

איך וויל דאָ נאָר זאָגן אָט וואָס:

אין דער פּערזאָן פון ווינאַווערן, האָט דאָס וועלטלעכע יידנ-טום אין מזרח-אייראָפּע, דאַכט זיך מיר, פאַרלוירן אפשר דעם איינציקן ריטם פון וואָג און פון מאָס. צווישן די פירנדיקע פּער-זענלעכקייטן פונם מזרח-אייראָפּעישן יידנטום איז נישט צו געפינען נאָך איינעם, וואָס זאָל, ווי ווינאַווער האָבן דאָס רעכט אויף דעם טיטל:

„דער מאַן פון גלייכגעוויכט"...

# אַ רעטעניש

אַן אוקראַינישע גובערניע־שטאָט אינם ערשטן פרימאָרגן, וואָס די רוסלענדישע קאָמוניסטן זענען אין איר אַריין. אויטאָמאָבילן און רייטער פליען אום איבער די גאַסן; כסדר — ביקסן און באַגנעטן. אויף יעדער טראָט נישטערן און קוקן אויס גרופעס באַוואָפנטע סאָלדאַטן מיט ברודיקע בענדלעך אויף די אַרבל: דער צייכן פון דער רויטער גוואַרדיע. לויטן אויסזעען ממש אַ ריכטיקע רויבער־באַנדע; מאַטראָסן־העמדלעך, האַרטע קאַפּעלושן, טכוירענע פוטערס, שעפסן־פעלצלעך, גענעראַלישע שינעלן, ענגלישע שעוויאָטענע מאַנטלען; אויף די לענדן — ברייטע לעדערנע גאַרטלען צווישן די גאַרטלען מעסערס און שווערדן, סרוב אָפיצירישע זילבערנע באָמבעלעך לעבן די הענטלעך... עס איז אַ ווינטער־טאָג, נאָר אויפן אוקראַינישן שטייגער: וואַרעם, ליכטיק און פריילינגדיק...

לעבן דער פּאָסט, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אינם קאָמוניסטישן הויפּט־שטאַב. — אַ גאַנצע מחנה „גוואַרדייצעס". עפּעס אַ מאָדנער לעבנס־סדר איז דאָ.

אין דער מיט פון גאַס — אַ געצעלט פון אויטאָמאָבילן. רויק זיצט מען זיך אינם „געצעלט" און נישט געאיילט טרינקט מען טיי פון בוטלען און'מען פאַרבייסט מיט געבראָטענע עופות, שאָקאָלאַד און זעמל. פון דער פולער האַנט איז מען אויך מכבד מיט אָט די אַלע גוטע זאַכן די דינסטן און די בעטלערס, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום.

פּלוצלינג לאָזט מען זיך לויפן מיט בוטלען און מיט שטיקער פלייש אין די הענט אַנטקעגן אַן אָפיציר, כדי אַראָפּצורייסן בײַ אים

די עפּאַלעטן פון די אַקסלען. בעת דער „קריעה" שרייען די בעטלער־„אורא", די דינסטן טאַנצן און פּלעסקען מיט די הענט, און די גוואַרדייצעס גופא העצן אונטער עפּעס מיט מאָדנע אויסרופן און קולות.

צווישן דערדאָזיקער מחנה — אַ סאָלדאַט, וואָס איז עפּעס לויט זיין גאַנצן אויסזען און פירן זיך נישט געראָטן אין זיינע איבעריקע חברים: אַ הויכער בלאָנדין מיט בלויע אויגן, אַ ברייט און קאַנטיק בערדל מיט אַ שפּעלטעלע אין דערמיט, און דאָס פּנים אַזאַ אומע־טיקס, בלייכס און פּאַטראַכטס. געקליידט אין אַ צעריסענעם שינעל מיט אַ ציוויל וועליסאָפּעדן־היטל אויפן קאָפּ. און בייסנדיק די נעגל פון די פינגער מיט די ציין, ער האַלט זיך עפּעס ווי אָפּגעזונדערט פון אַלעמען.

פאַראינטערעסירט בין איך געווען צוגעגאַנגען און מיט אָט דעם מאָדנעם סאָלדאַט פאַרפירט אַ שמועס. און שמועסנדיק פון אָנהייב סתם אין דער וועלט אַריין, האָבן מיר זיך אַזוי פאַררעדט און פונם איבעריקן עולם אַ ביסל דערווייטערט. שפּירנדיק אַן אינע־ווייניקסטן צוטרוי צו אָט דעם אומבאַקאַנטן, ווי צו אַן אייגענעם, האָב איך זיך ממש אַרויפגעוואָרפן אויף אים מיט טענות, ווי נאָר מיר זענען אויג אויף אויג געבליבן:

— זאָגט מיר... — האָב איך זיך אַזש צעשריגן — וואָס זענט איר אויסן?... צוליב וואָס האָט איר זיך עס אַריינגעריסן אין אָט דער פרידלעכער שטאָט?...

אַ מאָדנער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויפן פּנים פון אָט דעם בלאָנדן־סאָלדאַט, אַזוי שמייכלען חולי־נופל אין די גוטע מינוטן, און איך הער, ווי ער זאָגט צו מיר גאָר אין יידיש מיט אַזאַ ריי־נעם און האַרטן ליטווישן אַקצענט:

— איר פרעגט: „וואָס זענען מיר אויסן?"... אפשר קאָנט איר מיר בעסער דערציילן, צוליב וואָס וואַלגער איך זיך עס דאָ?...

איידער איך האָב נאָך דערוויזן אַרומצוקוקן זיך, איז שוין אָט דער בלאָנדער יינגערמאַן צוריק צו זיין עולם אַוועקגעגאַנגען און אין אַ קאָמוניסטישן „געצעלט" אַריינגעקראָכן.

... איך האָב זיך שוין מער נישט געטראָפן מיט אָט דעם מאָדנעם יינגערמאַן. אָט דער אומבאַקאַנטער אָבער איז דאָך נישט דער איינציקער באָלשעוויק צווישן יידן. עס איז שוין איצט פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז די יידן, יעדנפאַלס יידן־אינטעליגענטן, זענען פונם ערשטן טאָג אָן, וואָס די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן, געווען ג ע פ אַ ק ט פול און פול אינם באָל־שעוויזם, און ס'רוב אפילו ווי זיינע פירער און וועג־ווייזער. דאָס איז לדורות אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט. נאָר טאַקע אָט דער פאַקט איז דאָך בתוך עפעס גאָר אַ שטיק רעטעניש, סיי אין דער גע־שיכטע פונם יידישן פאָלק בפרט, און סיי פאַר די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פעלקער־פסיכאָלאָגיע בכלל.

וואָס וואַלגערן זיי זיך עס דאָ?...

באמת: בנוגע צו די רוסן גופא איז דער גאַנצער באָלשעוויזם, ווי ער שטייט און גייט, מיט אַלע זיינע מדות און דרכים, חסרונות און מעלות בעצם גאָרנישט אַזאַ געוואַלטיקער אומגעהערטע נייס. דער רוסישער באָלשעוויזם לויט די אַלע סמנים זיינע, ווי ער האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונז, איז דאָך, אייגנטלעך, נישט אַ טייל פונם היינטיקן סאָציאַליזם אין אייראָפּע, וואָס האָט פיל רעיונות וועגן וועלט־תיקונים און פאַרשידענע פּלענער וועגן מענטשן־אויסבעסע־רונגען און וואָס ווייסט, אגב, פונדעסטוועגן אויך, אַז „גליק" איז בכלל נישט פון די זאַכן, וואָס זענען שטאַרק בנמצא אויף דער ערד און וועט מסתמא גאָר קיינמאָל נישט זיין, נאָר אַן אויסגע־שפּראָכן־פויערישע רעליגעזע סעקטע, וואָס לויט איר איינעווייניק־סטער טבע און מהות ווייסט זי נישט, ווי יעדער פויערישע רעלי־גיעזע סעקטע אין אַלע צייטן און אומעטום, און קאָן גאָרנישט וויסן דעם טעם פון וואָסערע עס איז זייטיקע מניעות און שטע־רענישן פון איבערטראַכטן און איבערלייגן זיך און שפּאַנט זיך גלייך מיטן אייגענעם וועג, נישט אַרומקוקנדיק זיך אפילו. אָט דאָס אָבער זענען דאָך טאַקע אויך יענע כשרע סמנים, לויט וועלכע מען קאָן דערקענען, אויסערלעך לכל־הפּחות, בכלל די רוסישע גע־שיכטע און דאָס רוסישע לעבן, נישט בלויז פונם נעכטיקן טאָג אָן, נאָר בעצם שטענדיק און כסדר.

אָט, למשל, נאָך מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר פריער, איידער דער קאָמוניסטישער באָלשעוויזם האָט אַזוי האַרציק אונטערגעשטיצט, באַגריסט און אויפגענומען די פיל־מיליאָנענדיקע רוסישע אַרמיי, וואָס האָט די שפּיזן אין דער ערד אַריינגעשטעקט און אויף הפקר דאָס אייגענע לאַנד איבערגעלאָזט, — האָט דאָך שוין פּונקט אָט אַזאַ שפּיצל אָפּגעטון — הגם מיט אַן אַנדערער כּוונה און צוליב אַנדערע צוועקן — די „דוכאָבאָרן"־סעקטע: איבער אַ סכסוך מיט דער צערקווע פאַרלאָזט די מ ד י נ ה, דאָס פאָטערלאַנד, מיט דער פאַרגאַנגענהייט און מיט דעם להבא און אַוועק פּאָקוטעווען אַזש אין קאַנאַדע.

איז עס נישט בתוך ריין־באָלשעוויסטיש טאַקע מיט אַלע הידורים? . . .

צי אַ שטייגער, דער פאַקט, וואָס אַזאַ אָפּגעזונדערט און אַזאַ אָפּגעצוימט פּויערים־פאָלק, ווי דאָס רוסישע, וואָס פאַקטיש האָט עס מיט דער וו ע ל ט גאָר אַ קנאַפּע מגע־ומשא און ווערט, דאַכט זיך, ממש מבולבל פון יעדן נייעם פּנים, וואָס עס דערזעט, — נעמט אויף פונדעסטוועגן יעדן דורכוואַנדערער פאַר אַ שופט און פאַר אַן עלטסטן אויף זיך, נישט גריבלענדיק אפילו אין זיין אָפּשטאַמונג, נאָך גאָר פון קדמונים אָן, בעת, צום ביישפּיל, דער האַלב־לעגענ־דאַרישער יידישער עובר־ושב ז כ ר י ה האָט שיעור כמעט גאַנץ רוסלאַנד נישט מגייר געווען, איבערלאָזנדיק, אגב, אַזוינע טיפע שפּורן אינם רוסישן פאָלק, ביז די אַלע העלדן פון דער איצטיקער צייט, טרעפן מיר זיך דאָך, בעצם, מיט אָט דעם פאַקט אויף יעדן טריט פון דער רוסישער ג ע ש י כ ט ע, און נישט בלויז אינם איינ־קומעניש פון די „פּינצטערע און דערשלאָגענע".

דערדאָזיקער פאַקט חזרט זיך איבער כסדר און תמיד כמעט אין אַלע צייטן און דורות אויך בּאַ די העכערע קלאַסן פון רוס־לאַנד, אפילו בּאַ די געבילדעטע און בּאַ די רעגירנדיקע. מען דאַרף זיך נאָר דערמאַנען די געוואַלטיקע ראָל, וואָס עס האָבן — זינט דעם פּעטערבורגער פּעריאָד אָן — געשפּילט די עלעגאַנטע פראַנצויזישע און איטאַליענישע קאַטוילישע אַבּאַטן־אַוואַנטוריסטן איז די אַריסטאָקראַטישע הויפן, קייזערלעכע פּאַלאַצן, און די וואַ־

דערנדע בעל־הבתיש־מיושבדיקע און באַבערדלטע פּראָטעסטאַנטישע פּאַסטאָרן מיט די ציכטיקע פּנימלעך און לופטיקע כאַלאַטלעך אין די האַמעטנע אָנגערונצלטע סוהרישע הייזער פון מאָסקווע...

אפילו פּיאָטר דעם גרויסנס אויפקלערונגס־צייט, אָט דער ווונדערלעכער פּריילינגדיקער ערב־באַגינען פון דער גייסטער רו־סישער געשיכטע, בעת מען האָט ממש געקאָנט פאַרבלענדט ווערן פונם מאָדנעם פאַרבן־שפּיל — איז אויך געקומען צום פאָלק עפּעס אין דער געשטאַלט פון אַן אויסערלעכער סעקטע — אַ מערב איי־ראָפּעישער — מיט אַן אייגענעם ריטואַל, מיט אייגענע כהנים און אפילו מיט אַן אייגענעם טעמפּל פּעטערבורג, אָט די נייע רוסישע רעזידענץ, וואָס האָט, דאַכט זיך, נישט קיין גלייכן צו זיך אין דער גאַנצער וועלט) און דער קיסר אַלס כהן גדול...

דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק איז היסטאָריש פּויעריש־סעקטאַנטיש.

אָט דאָס אָבער איז דאָך טאַקע דאָס כאַראַקטעריסטישע פונם פּויער־סעקטאַנט:

דער פּויער־סעקטאַנט, לויט זיין טבע, נייטיקט זיך תמיד אין אַן אַנטפּלעקער, וואָס זאָל פּלוצלינג קומען צו אים אין דאָרף אַריין און אים, דעם איינגעשפּאַנטן אינם אַקער־אייזן און אָפּגעריסענעם פון דער וועלט און פון דער מענטשהייט, די „אויגן עפענען", און וואָס זאָל נאָך נעמען אויף זיך די התחיבות צו פירן אים אין „וווּנדערלאַנד, ווו עס פליסט מילך און האָניק". עס קימערט אים, דעם פּויער, בעצם גאַנץ ווינציק דער נאַציאָנאַלער יחוס פון אָט דעם „אַנטפּלעקער", ווי אויך זיין פּערזענלעכע מאָראַלישקייט, אַבי ער זאָל נאָר זיין שליחות אויספירן און ווהין דאָס האַרץ גלוסט דערפירן. און געוויינטלעך, מער פאָדערט ער נישט.

און דעריבער טאַקע איז עס אויך זייער נאַטירלעך, וואָס דער קאָמוניזם האָט זיך אין רוסלאַנד אַזוי נאָענט צונויפגעקנעפּלט אומעטום מיט די נידעריקע און מיט די פאַרברעכערישע עלעמענטן פונם לאַנד. דאָס איז שוין אַ מין נאַטור־געזעץ, כמעט זינט די וועלט שטייט, פאַר אַלע נייע רעליגיעזע סעקטעס, וואָס וואַקסן און

בליען, אגב, אַזוי גערעכנט בכלל אין די פּויערים-לענדער. די ער־שטע קריסטן, ווי עס איז באַוווּסט, זענען געווען די אויסוואָרפן פונם גליל, די פישערס, די עמי-הארצים, די צינז-מאָנער און די, וואָס „שטאָלצירן נישט מיט גייסט", דיזעלביקע געשיכטע, כמעט אות-באות טאַקע, אויך מיט די ערשטע בודיסטן, וואָס זענען אין אינדיע אַרויסגעטרעטן קעגן דער הויכער קולטור פון די ראַפינירטע קאַסטעס, און, אגב, אויך מיט די פראַנקיסטן און מיט די תּלמידים פון ר' ישראל בעל-שם-טובס שיטה, וואָס האָבן ממש אויסראָטן געוואָלט די גדולים, חריפים און תּלמידי חכמים — בעת דער קלאַסישער צייט פונם יידישן גלות-פּויערטום פון די אַרענדאַרן און פון די דאָרף-שענקערס אין פּאָדאָליע, וואָלין און פּוילן...

אפילו די משונהדיקע אכזריות, די ווילדקייט און די בלוטיקע רציחות פונם רוסישן קאָמוניזם איז דאָך אויך גאָרנישט קיין חידוש-מעשה.

רעליגיעזע סעקטעס זענען בכלל נישט שטאַרק באַהאַוונט אינם ענין פון וואָג און פון מאָס. רעליגיעזע סעקטעס קאָנען סוף כל סוף אָטעמען אָדער אין פּרושים-געצעלטן אָדער אין באַנדיטן-נעסטן. זיי זענען אָבער קיינמאָל נישט ביכולת תּכליתדיק און באַטראַכט דורכצושטופּן דאָס לעבן אין באַלעבאַטישע הייזער אונטער ירושה-דעכער.

הייַנט בפרט נאָך אַ נייע סעקטע בא אַזא מין פאָלק, וואָס ווייסט אפילו איצט, אין אונזערע טעג, אַזוי פיל צו דערציילן וועגן אַזוינע מנהגים און דינים, ווי פאַרוואַנדלען זיך אין סריסים בכיוון, אָדער פאַרברענען זיך לעבעדיקערהייט משפּחותווייז, כדי „טאַנצנדיק" און מיט וואָלקנס-רויך באַדעקט אָנצוקומען אויף יענער וועלט פאַרן כסא-הכבוד, און נאָך אַזוינע מאָוימדיקע איינפאַלן.

מחמת דעם אַלעמען איז אייגנטלעך דער באָלשעוויזם, וואָס איז שייך די רוסן גופא, נאַטירלעך, לאָגיש און פאַרשטענדלעך פונם אָנהייב ביזן סוף, דער באָלשעוויזם איז, אָן שום ספק, אַ סעקטע מיט אַלע הידורים, און דאָס איז דאָך טאַקע דער תּמצית פון דער רוסישער געשיכטע אין אַלע צייטן. עס איז, אגב, דאַכט זיך מיר, אפשר אויך גאָרנישט קיין צופאַל, וואָס איינער פון די באָלשע־

וויסטישע רעגירונגס-לייט, איינער פון די אָנגעזעענסטע, פון די זאַרטנעקיקסטע און פאַרביסנסטע איז אַלע זיינע יאָרן געווען דער פאַרשער אין דער „דברי-הימים"-שרייבער פון די פאַרשידענע רו-סישע סעקטעס אין אַלע זייערע געשטאַלטן... דאָ איז לגמרי נישטאָ וואָס צו וווּנדערן זיך: באַ זיך אינדערהיים טאַקע.

אָבער אַ ווונדער איז און אַ שטאַרק ווונדער, וואָס די באַל-שעוויסטישע ריין רוסישע סעקטע פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל יידן און נאָך אפילו ווי די עלטסטע אָנפירער.

— „וואָס וואַלגערן זיי זיך עס דאָ?..."

געבוירענע שטאָט-מענטשן זענען זיי דאָך און שטענדיקע וועלט-רייזנדער, וואָס פילן אָן תמיד — ס'רוב פון קינדוויז אָן — די ווייטסטע און די באַהאַלטנסטע ווינקעלעך פונם כדור-הארץ, און ווייסן מחמת דעם אויסגעצייכנט, טאַקע ווי געניט-שטוביקע מענטשן, דאַרטן ממש פון יעדער האָר, ווו אויס און ווו איין, ווו עס ליגט און ווו עס שטייט. אין פלוג גענומען האָבן זיי, דאַכט זיך, נישט געקאָנט פלוצלינג, אינמיטן דערינען, גאָר אָנהייבן גלייבן באמונה שלמה אין אַנטפּלעקערס און אַנטפּלעקונגען, פונ-אַנען זיי זאָלן נישט קומען, אַ שטייגער, ווי די דאָרפישע תמימים מיט די פויערשע כשרע אויסגעגלאָצטע אויגן.

צו דעם נאָך זענען זיי דאָך עפּעס ס'רוב געטרייע זין פון סוחרישע עלטערן, פונם וויגעלע אָן כסדר אופיגעהאָדעוועט זיך אויף ריכטיקער בוכהאַלטעריע און אויף קלאָרע חשבונות, און אָן אַ וואָג-בעזמענדל, עפּעס ווי אַ קמיע-שמירה נאָך פון דער עלטער-באָבען, קיינמאָל, דאַכט זיך, פשוט פון אָרט נישט גערירט זיך... און ועל-כולם זענען זיי דאָך לייבלעכע קינדער פון אַזאַ אַלט פאָלק, וואָס זינט עס לעבט, האָט עס קיין שפיכת-דמים-סעקטעס קיינמאָל נישט געהאַט, און אַ קהלת-בוך, ווי אַ סגולה, קענען פאַרבלענדעניש, נאָך מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק דווקא פאַרמאָגט.

אַלץ אַזוינע קלאָרע אמתן. און פונדעסטוועגן נאָך אָט ד' אַלע קלאָרע אמתן, און עפּעס אויף להכעיס אָט דעם אַלעם, איז דער רוסישער באָלשעוויזם פאָרט ממש געפּאַקט מיט

אינטעליגענטן, ווו ער זאָל זיך נישט קערן און ווענדן, מאַקע אויף יעדן טריט.

איז עס דען נישט אַן אמת רעטעניש, וואָס זוכט פשוט, ווי מיט ליכט, אַ ריכטיקע באַשיידונג?...

1918

# וואַגאַטאַני און זײַנע פּרעטענזיעס

... אַ מאָדנער מענטש דער אונגאַרישער ייד וואַגאַטאַני.

ער איז אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און פערציק. אַ מאַן מיט אינטעלעקטועלע פאָדערונגען און באַדערפענישן.

אין דער יוגנט האָט ער געענדיקט דעם ראַבינער-סעמינאַר אין בודאַפּעשט. שפּעטער געשטודירט פילאָזאָפיע אין ווין. נאָך שפּעטער האָט ער געהערט צו דעם באַהעמישן סימפּליציסימוס-קרייז אין מינכן. אַ פּאָר יאָר געחברט זיך מיט פּשעבישעווסקין און וועדעקינד אין בערלין. און איצט, לעבנדיק אין פּאַריז, לאָזט ער נישט דורך קיין איין קונסט-אויסשטעלונג, אָדער טעאַטראַל שטיק. וואָס ער זאָל נישט האָבן געזען, קיין איין מוזיקאַלישע נייס, צי עפּענטלעכן סאָרבאָנע-פאָרטראַג, וואָס ער זאָל נישט האָבן געהערט און קיין איין בוך, כמעט אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן, וואָס ער זאָל נישט האָבן דורכגעלייענט.

דערצו — איז ער, דערדאָזיקער וואַגאַטאַני, נישט עפּעס אַ טרוימערישער באָהעמיען, וואָס ווייסט נישט, פּראַקטיש, ווי אַזוי אַ טאָג דורצוקומען. אומגעקערט: ער איז אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט דערפאַרונג.

אַלס מאַדיאַרישער אָפיציר, האָט ער דורכגעמאַכט די וועלט-קריג אין אַלע אירע סטאַדיעס און אויף אַלע פראָנטן. — אַ פּאָרציע איבערגענוג, אום „אויסצורייבן" אַ מענטש.

און פונדעסטוועגן, וואָס פאַר אַ טשעקאַווע און אין פלוג אומווירדיקע פּרנסה ער האָט זיך עס אויסדערוויילט, אָט דער אין אַלע הינזיכטן גייסטרייכער מאַן.

נישט געקוקט אויף דעם. וואָס ער איז אַ געטרייער ייד נישט

בלויז נאַציאָנאַל, וועלטלעך, נאָר אפילו רעליגיעז. מיסטיש (לויט זיינע רייד שפּירט ער זיך אָפּט פּונקט, ווי ער, דער לעבעדיקער וואַגאַטאַני פּערזענלעך, שטייט מיט אייגענע פיס לעבן באַרג סיני און זיינע אויערן האָרכן, דורך דונערן און דורך בליצן, גאָטס וואָרט צו דעם אויסדערוויילטן פאָלק) — דאָך פּלאָנטערט ער זיך עפּעס כסדר צווישן קריסטלעכע פּריסטער, און פון זייערע קאַסעס אויף מיסיאָ־נערישע צוועקן האַלט ער עס אונטער, וואַגאַטאַני, זיין עקזיסטענץ.

אין אַלע קלויסטערס איז ער פול, און פון ערגעץ גייט ער נישט אַרויס מיט ליידיקע הענט. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין דעם, וואַגאַטאַני. געמאַכט עס פאַר זיין אַרבעטס־פאַך.

ווי נאָר אַ גלח — רייסט ער אים פאַר די פּאָלעס.

און עס קימערט אים אַבסאָלוט נישט די סעקטאַנטישע אָנגע־העריקייט פון דעמדאָזיקן גלח: צי ער איז קאָטויליש, אָדער פּראָ־טעסטאַנטיש, אָרטאָדאָקסיש צי דיסידענטיש. ער פאָדערט, וואַגאַ־טאַני, פון דעם „מעלקעדיקן” גלח פון זיינעם נאָר איין זאַך:

אַקריסט זאָל ער זיין.

און ער האָט דערפירט דעם עסק זיינעם אַזוי ווייט, אַז אפילו אַזוינע דלפנים, ווי די רוסישע פּראַוואָסלאַוונע פּאָפּעס, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די באַלשעוויקעס, די אָפּגעריסענע עמיגראַנטן, וואָס שלעפּן אַליין פון טויטע און פון לעבעדיקע, צאָלן אים אויך פּינקט־לעך וועכנטלעכן צינז, דעם געוועזענעם תלמיד פונם בודאַפּעשטער ראַבינער־סעמינאַר...

דער גוטער יאָר ווייסט אים, אָט דעם מאַדיאַריש־יידישן אינטעליגענט, ווי אַזוי ער קריכט עס דאָ דורך. דורך וואָסערע מיטלען. אָדער קונצן ער דערגרייכט עס צו לעבן, אַלס קעסטניק פון דער קריסטלעכער קירך און גלייכצייטיק צו זיין איבערגעגעבן דער יידישער סינאַגאָגע.

נאָר דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז, וואָס ער, וואַגאַטאַני, באַהאַלט זיך גאָרנישט מיט דערדאָזיקער חיונה מיט זיינער. אומ־געקערט, ער שטאָלצירט נאָך מיט דעם טשעקאָוון געשעפט מיט זיינעם.

איינמאָל אין אַ שמועס צווישן אונז ביידן (אגב, אַ פּיקאַנטער

דעטאל: אַז דער שמועס אונזערער, האָט זיך געפירט אין איינער פון די סאַמע עלטסטע קירכן אין פראַנקרייך — אין דער פאַריזער סען־סולפּיס־קירך), ווארף איך אים צו, דעם וואַגאַטאַנין אַן אָנצוהער־רעניש, אַז דער „באַרוף" זיינער, וואָס ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיך, איז אַ פּרנסה, וואָס שאַקירט נישט בלויז אים פערזענלעך: עס איז דורך אים אַ שלעכטע רעקאָמענדאַציע אויך פאַר אַנדערע יידן...

הערט ער אויס, וואַגאַטאַני, מיין אָנצוהערעניש און פאַלט באַ זיך אפילו אויף אַ האָר נישט אַראָפּ פון דעם. ער צעשרייט זיך נאָך. ער צעשרייט זיך אַגרעסיוו מיט אַ געהויבענעם קאָפּ:

— נאַרישקייטן!... אַבסאָלוטע נאַרישקייטן!... — ביי־זערט ער זיך. — איך בין — רופט ער אויס מיט גדלות — נישט קיין בעטלער און נישט קיין שנאָרער... איך פאָדער, וואָס מיר קומט... די קריסטלעכע קירך — דערקלערט ער פּאַטע־טיש — איז אַ יידישער באַנק־סייף און קריסטוס גופא — אַ יידי־שע דערנערונגס־רענטע.

און אום צו איבערצייגן מיך אין דעם, וואָס ער רעדט, וואַ־גאַטאַני, לייענט ער פאַר מיר, דאָ אין דער סען־סולפּיס קירך — אַ פילאָזאָפיש־היסטאָרישע לעקציע וועגן דעם תוך פון דער איראָ־פּעישער קולטור:

— די אייראָפּעישע קולטור אין אירע פיינסטע און בעסטע מוסטערן — רעפערירט ער, וואַגאַטאַני — איז דורך און דורך קריסטלעך... באַ די שענסטע אייראָפּעישע דענקער און פּאָעטן — ברענגט ער אַ ביישפּיל — איז יעדער זאַץ דורכגע־דרונגען מיט דעם וואַנגעלישן ציטער פאַר קאַטאַסטראָפעס, וואָס לויערן אויף יעדן טריט אויף מענטשן און פעלקער... פּונקט, ווי די גרעסטע קינסטלער פון אייראָפּע — גיט ער צו — האַלטן שטענדיק פאַר די אויגן אַלס אַ מאָדעל דעם געקרייציקטן פון נאַ־זאַרעט... דאָס עוואַנגעליום אָבער — מאַכט ער, וואַגאַטאַני, אַ סך־הכל — איז דאָך אַ יידיש בוך און דער געקרייציקטער פון נאַזאַ־רעט איז דאָך אַ ייד פונם גליל...

— נו — פרעגט ער טריומפירנדיק — האָט דען נישט, אויף

אַזאַ אופן, יעדער ייד דאָס רעכט צו מאַנען האָנאָראַר, טאַנטיעמע פאַר אַזאַ וועלט-היסטאָריש בוך און פאַר אַזאַ וועלט-היסטאָרישן מאָדעל ?... — דאָס רעכט — פאַרשפּיצט ער נאָך שאַרפער, וואַ-נאַטאַני, דעמדאָזיקן געדאַנק זיינעם — וואָס איז פון אַלעמען אָנ-ערקענט, אפילו פאַר אַזוינע „פּראָפעסער, ווי געוויינטלעכע צייטונג-שרייבער און פאַר אַזוינע מאָדעלן, ווי די מאַגדאַלינעס פונעם בול-וואַר מאָנפּאַרנאַס...

1926

# דר. יעקב ישראל דע־האַן

אַ נאָמען, וואָס איז שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן עפּעס אין אַ סימבאָל. אַ סימבאָל פון אַל־דאָס־בייז און אומווירדיקייט. סיי אין ארץ־ישראל גופא און סיי אין אַנדערע לענדער, ווו יידן לעבן, סיי דעמאָלט, בעת דער, וואָס טראָגט אָט דעם נאָמען, איז נאָך אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געמאַרקן פון ירושלים, און סיי נאָכדעם, ווי ער איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען הינטער אַ פּלויט און הינטער אַ פּלייצע פון אַן אומבאַקאַנטער (הגם, אָן צווייפל, אַ יידישער) האַנט. אומעטום און שטענדיק: אַ טריפנער נאָמען, אַ פּסולער נאָמען.

ממש קינד און קייט טייטלען אויף אים מיט די פינגער, אויף אָט דעם דר. דע־האַן:

אַ פאַררעטער איז ער, אַ מסור. און אָן אַ צאָל מעשיות דער־ציילט מען וועגן אים. שווידערלעכע און, אגב, טיילווייז ריכטיקע מעשיות.

אָט אַ חרובע, צעבראָכענע אומה רייסט זיך מיט די לעצטע כוחות צו אַ וויסט, פאַרלאָזט לאַנד, כדי כאָטש דאָ אין מדבר אַ ביסל אויסגלייכן די ביינער. אַ פאָלק, וואָס איז אומלעגאַל, שטרעבט זיך צו לעגאַליזירן. און ער, אָט דער ד'ר. דע־האַן גופא, סוף־כל־סוף אַ לייבלעך קינד פון אָט דעם פאַרוואָגלטן און אומלעגאַלן פאָלק, אָטעמט בעת־מעשה נאָר מיט איין איינציקן פאַרלאַנג: קאַ־ליע מאַכן, אונטערשטעלן אַ פיסל...

און אָט דער פאַרלאַנג זיינער איז אַזוי שטאַרק, אַז עס איז צוליב אים איינפאַך נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס ער זאָל האַלטן אַלס פאַרבאָטן.

אָט כאַפּט ער אָן אויסגעשפּראָכענעם יידן־פיינד, עפּעס אָן אויפגעקומענעם לאָרד פון דער לאָנדאָנער בולוואַר־פּרעסע, און אַנטפּלעקט פאַר אים „שטוביקע־סודות", און באַלד שלעפּט ער זיך אום מיט בעדויִנישע פירשטן און פּאַרטרויט זיי קלוגע עצות, ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ מיטלען אויסצוראָטן „די ציוניסטישע הערשאַפט". היינט פאַבריצירט ער ביישוויליקע און מוטוויליקע ידיעות וועגן דעם נייעם ישוב אין ארץ־ישראל, כדי די וועלט זאָל אויף אים אָנהייבן קוקן קרום, עפּעס ווי אויף אַ באַנדיטן־נעסט. און מאָרגן אָן אייגענער מענטש בײַ די סאַמע ערגסטע פון די אַראַבישע מיטבירגער אין ארץ ישראל. און אָט אַזוי כסדר: אין אַ משך פון פיר יאָר — פּשוט אַ סעקונדע נישט געלאָזט צורו...

אָט דעם גאַנצן זינד־צעטל לייענט מען עס, ווי שוואַרץ אויף ווייס, בעת מען דערמאַנט דעם דר. דע־האַן. און דערביי גיט מען נאָך צו:

— עס, פיל גלייכער צו שווייגן אינגאַנצן וועגן אָט דעם פאַרשוין... אויסמעקן דאַרף מען אים פון זכרון, אַז עס זאָל פון אים נישט בלייבן אפילו קיין געדעכעניש.

און פונדעסטוועגן: פּראַקטיש פאָלגט עפּעס קיינער נישט אָט די פאַרנונפטיקע עצה, מען שווייגט שוין דווקא נישט וועגן דעם דר. דע־האַן. מען רעדט שוין צופיל וועגן אים. דערהויפּט פון יע־נער נאַכט אָן, וואָס זיין בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף די שטיי־נער פון דער אייביקער און הייליקער שטאָט — מאַכט זיך ממש דאָס מויל בײַ קיינעם נישט צו וועגן אים. עס איז שוין מכח דעם דר. דע־האַן אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ היפּשע ליטעראַטור, כמעט אין אַלע שפּראַכן מיט וועלכע יידן באַנוצן זיך אין זייערע וווין־ערטער. און זי האַלט נאָך כסדר אין איין שטייגן, אָט די דע־האַנישע לי־טעראַטור.

ער אינטריגירט, דערדאָזיקער שווערער זינדער. ער רייצט און ציט צו זיך. עפּעס ווי מיט צוואַנגען ציט ער צו זיך, אַז ממש נישט אַרויסצודרייען זיך פון זיינע הענט.

---

קאָן מען זאָגן: מיט זיין אויסטערלישן טויט ציט ער עס צו זיך. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק. פיל מער רייצט ער אונז מיט זיין מאָדנעם לעבן, וואָס האָט זיך בכלל לויט דעם שטעל און פאַרנעם, ווי עס ווייזט אויס, נישט געקאָנט פאַרענדיקן גלאַטיק. דער טויט זיינער האָט בלויז באַפרייט אונזער נייגיריקייט פון זייטיקע זאַכן, פון אַרומיקע קליינינקייטן. ער האָט אָפּגערוימט אַ וועג. און איצט שטייען מיר מיט אָט דעם רעטעניש אויג אויף אויג אָן שום מחיצות. ניין! דאָ איז עפּעס נישט אַלץ אַזוי איינפאַך.

ווער איז ער עס, אָט דער דר. דע-האַן?

צו נישט געוויינטלעך און צו פילפאַרביק איז די ביאָגראַפיע פון אָט דעם מאַן, כדי מען זאָל זי קאָנען אויסטייטשן מיט די איינגעפאָרענע און באַנאַלע פאַרטיי-און קלייזל-דערקלערונגען. און נאָך אַ זאַך דאַרף מען דאָ נישט פאַרגעסן:

אַזאַ מוטיקע און אַזאַ אָפענע עקשנות, ווי דר. דע-האַן האָט אַרויסגעוויזן אין ארץ-ישראל מיט זיין שטרייט קעגן אַלץ, וואָס איז ציוניסטיש — פּאַרט זיך בכלל נישט מיט אַזוינע גנבהשקאָנספּיראַטיווע שטיק, ווי סתם פאַררעטער און סתם מסור.

באמת, שוין לאַנג צייט צו וואַרפן אָט די סאָרטן שמועסן, בעת מען רעדט וועגן דעם דר. דע-האַן.

אויב ער דערמאַנט אונז יאָ ווען עס איז סיי מיט זיין לעבן און סיי מיט זיין טויט, זענען עס נאָר יענע ווונדערלעכע יינגעלייט, וואָס האָבן מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק פאַרלאָזט די קאַטוילישע נזירים-הייזער אין מאַדריד און טאָלעדאָ, אַראָפּגעשליידערט פון זיך די גלחישע סוטאַנעס און איינגעוויקלט אין טליתים, פאַרקליבן זיך אין די יידישע געטאָס פון טערקיי און פון האָלאַנד. אויך מיט זיי, מיט דידאָזיקע יינגעלייט, האָט זיך דאָך דאָס יידנטום בשום אופן נישט געקאָנט צונויפזינגען אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן נאָכאַנאַנד. נישט בלויז דער אפיקורס אוריאל ד'אַקאָסטאַ איז געשטאַנען, ווי אַ ביין אין האַלז, נאָר אפילו מיט דעם משיח שלמה מלכו איז עפּעס אויך געווען נישט גאָר היימלעך...

אָט די העלדישע גלענצנדיקע יינגעלייט, וואָס האָבן קיין גלייכן נישט צו זיך אין דער יידישער געשיכטע: פרעמדע זענען

זיי געווען און פאַרבליבן צווישן אונז. פרעמד מיט זייער הייליקייט און מיט זייערע אַוואַנטורעס, פרעמד מיט זייערע ליידן, מיט זייערע פריידן.

און עס איז גאָר קיין חידוש נישט:

נאָך אין דער סאַמע קינדהייט פאַרבלענדט פון די מאַדאָנען-אויגן, פאַרשיכורט פון די ווייִרויך-דופטן און פון די גלאָקקלאַנגען — האָבן זיי זיך שפּעטער אַלס דערוואַקסענע, געשטיקט און געוואָרגן אינעם דרימל פון אונזער בעדוייִנישער אָפּגעזונדערטקייט.

מען דאַרף זיך נישט נאַרן. זיי, אַט די ד'אַקאָסטאַס און די מלכוס זענען בעצם שפּאַנישע קאַטאָליקן געווען: איינגעפונדעוועטע און איינגעוואָרצלטע. אַ גאַנץ האָבן זיי פאַרמאָגט און אַ לאַנד, אַ פאָלק און אַ שפּראַך. זיי זענען געווען באַ זיך אינדערהיים און כמעט ווי נישט געוווסט דעם טעם פון גלות און מחמת דעם, דאָס אַוועקגיין זייערס פון שפּאַניע איז בתוך גאָר געווען אַ קרבן. אַזויגע קרבנות אָבער ברענגט מען נישט אומזיסט. פאַר אַזאַ קרבן האָבן זיי געפאָדערט און געמוזט פאָדערן אַ קאָמפּענסאַציע, און די געפאָדערטע קאָמפּענסאַציע האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זיי האָבן געמאָנט מיט אַ פּלייצע, אַז דער נ י י ע ר גלויבן, וואָס זיי נעמען אָן, פונקט ווי דאָס נ י י ע פאָלק, צו וועמען זיי שטייען צו — זאָלן אין אַלץ און אַלעם אַריבערשטייגן דאָס אַלטע.

אויב נישט עטוואָס נייס — לוינט דאָך נישט דער גאַנצער ענין.

צוליב וואָס דאָס גאַנצע בייסעניש, בפרט נאָך, אַז בעצם קומט דאָ גאָר אויס צו פאַרבייטן דאָס אייגענע, דאָס האַרציקע, אויף זאַכן, וואָס זענען פרעמד און צוגעטראַכט?

און טאַקע דעריבער, ווי נאָר ווער עס איז פון אָט די שפּאַנישע קאַטאָליקן מיט יידיש בלוט אין די אָדערן, פּעקלט זיך אַריבער איבער אונזער שוועל און טרעפט זיך געזיכט צו געזיכט מיט אונזער געוויינטלעכן, טאָג-טעגלעכן לעבנס-שטייגער — הייבט ער אָן באַלד צו בענקען צוריק אהיים. ער דערזעט גלייך, אַז ער האָט געפונען נישט דאָס, וועגן וואָס ער האָט געטרוימט אין די

שטילע פאַרשקיעהטע אָווע=מאַריע=פאַרנאַכטן אין די שטוביקקלויסטערס.

איין קליינינקייט: געזוכט אויסדערווײלטע זין פון ישׂראל און געפונען סתּם מענטשן, וואָס הייסן — יידן.

ממש אַ קאַטאַסטראָפע. און אַלס אַ רעזולטאַט פון אָט דער קאַטאַסטראָפע: דער סוף פון מלכו, דער סוף פון ד׳אַקאָסטאַ. פון איינזאַמקייט און פון היימווייעניש אומגעקומען פאַרצווייפלט אין וואָגלעניש...

איז דען אָבער נישט אָט דער האָלענדישער ייד, דר. דעהאַן, פון אָנהייב ביזן סוף בתוך אַ כשר=געזעצלעך קינד פון אָט דער אומגליקלעכער געיאָגטער און געפּלאָגטער משפּחה?

אָט אייניקע ביאָגראַפישע שטריכן:

אַ באַדייטנדער ה אָ ל ע נ ד י ש ע ר שריפטשטעלער, אַ ראַפינירטער גייסט, אַן אָנגעזעענער פּאָעט. אַ געלערנטער יוריסט מיט אייגענע וועגן און פראַגן פון רעכט, דערצו נאָך — אַ מאַן מיט ברייטע און טיפע סאָציאַלע אינסטינקטן: אַ ליבעראַל, אַ הומאַניסט. פּלוצלינג, לאָזט ער זיך גאָר אַוועק אין דעם וויטן, פראָסטיקן און דעספּאָטישן רוסלאַנד, בעת די צווייטע דומע האָט געגוססט, אינם סאַמע ברען פון די סטאָליפּינישע תּליות... ער חברט זיך דאָרטן מיט די בעסטע רוסישע אינטעליגענטן. אַ נאָענטער פריינט פון מיליוקאָוון און פון פיעל אַנדערע פּראָגרעסיווע פּאַרלאַמענטס=דעפּוטאַטן. נאָכדעם וואַנדערט ער אום אין די סיבירער טונדרעס. לינדערט און העלפט די שמאַכטנדע פרייהייטס=מאַרטירער. הגם דער אופן, ווי אַזוי די רוסישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געשטריטן מיט זייער רעגירונג איז אים קיינמאָל נישט געווען צום האַרץ...

און צו וואָס ער זאָל זיך נישט נעמען, אָט דער ד״ר דעהאַן: כסדר — ממש יעזויטיש האַרטנעקיק און איינגעשפּאַרט. אינדערזעלביקער צייט אָבער — אַ טיפּישע קינסטלער=נאַטור פונם זאַפטיקן נידערלענדישן סטיל: ער איז פאַרליבט אין=ווייבער און אין ווייַן, אין מאָן=פעלדער און אין ים כוואַליעס.

און אינמיטן דערינען טוט ער אָפּ אַזאַ סאָרט מעשׂה: נאָך אין די ערשטע יאָרן פון דער וועלט=מלחמה דערקלערט ער, אָט

יער דר. דע־האַן, אַז הגם ער איז אַ קריסט, דאָך שטאַמט ער פון יידן, און אַז ער באַקערט זיך צום יידנטום...

זיין באַקערן זיך צום יידנטום אָבער איז נישט פּלאַטאָניש: יידישקייט איז פאַר אים נישט עפּעס אַן אַבסטראַקטער געדאַנק. דר. דע־האַן באַקערט זיך צום יידנטום האָלענדיש (נאַטוראַ־ליסטיש): ער פאַרלאָזט זיין קאַטוילישע פרוי, צעשיידט זיך מיט ויינע קריסטלעכע קינדער און באַזעצט זיך אַלס אַ תּושב אין ארץ ישראל. פאַר אים באַקערן זיך צום יידנטום, הייסט — גלייכצייטיק אויך אומקערן זיך צום לאַנד פון יידן.

נאָר אָט דאָ, אין ארץ־ישראל, שטעלט זיך פאַר אים אַרויס, אַז ער איז באַגאַנגען אַ טעות אינם חשבון: ער איז דאָ געוואַלטיק איינזאַם. דער נייער ישוב זאָגט אים לגמרי גאָרנישט.

אַ גימנאַזיע, אַן אָנהייב פון אַן אוניווערסיטעט, אַ פונדאַמענט פון אַ טעכניקום, אַ פויערים־דאָרף, קאָמוניסטישע חלוצים, סאָציאַלי־סטישע און סינדיקאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, אַ קערנדל פון אַ פאַר־לאַמענט מיט סעקציעס און פראַקציעס, כּלומרשט אַן אָפּערע, כּמעט אַ טעאַטער און נאָך פיל אָט אַזוינע היינטוועלטיקע זאַכן.

ניין! נישט צוליב דעם האָט ער עס פאַרלאָזט זיין ליב פאָ־טערלאַנד (האָלאַנד) און זיין אייגן פאָלק (די האָלענדער) און איז געוואָרן אַ ייד. נישט צוליב דעם. אָט די אַלע היינטוועלטיקע זאַכן האָט ער דאָך פאַרמאָגט בּאַ זיך גופא, אינדערהיים. ער האָט עס נאָך פאַרמאָגט אינם אָריגינאַל. בעת׳ אָט דאָ, משטיינס געזאָגט, סוף־כּל־סוף, בלויז קאָפּיעס, וואָס זענען נישט תּמיד אפילו ווי געהעריק נאָכגעמאַכט...

און איז ארץ־ישראל נאָר סתּם אַ לאַנד, וויל ער עס גאָרנישט אָנקוקן אפילו, אָט דער דר. דע־האַן: וואָס עפּעס, אַ היימלאָזער איז ער? — דערצו זיין לאַנד איז שענער און בעסער. עס טראָגט דאָך נישט אויף זיך קיין כאַמסינען און קיין מאָסקיטן, נישט קיין פיבער און נישט קיין שאַקאַלן...

ער, דע־האַן, בייטיקט זיך אין אַן ארץ־ישראל גאָר, אַלס אַ הייליק לאַנד און אין אַ יידיש פאָלק, גאָר אַלס „אַ קעניגרייך פון פּריסטער“.

און סוף־כל־סוף, געפינט ער זיי ביידן, סיי זיין באַגערט לאַנד און סיי זיין באַגערט פאָלק.

דר. דע־האַן פאַרקניפּט זיין גורל מיט די פאַרביקע, פּאַס־קעוואַטע זשופּעצעס און מיט די ברייטע שטריימלעך, ער טרעט אַריין אין דער „אגודה".

ר' יהודה חסידס חורבה איז נישט האָלענדיש און בכלל קיי־נעם נישט נאָכגעמאַכט. און פּונקט ווי די כותל־מערבי איז דאָך אָט דער בנין אויך אַזוי פעסט, סאָליד. פאַראַן אויף וואָס אָנצושפּאַרן זיך. אַן ענד אויך צום בלאָנדזשען, דער וועג, וואָס פירט פון אָט די אייביקע רוינען צו דיסקינס יתומים־הויז איז דאָך גלייך, ממש ווי אַ סטרונע. אפילו אַ בלינדער קאָן דאָ אויך טרעפן דעם וועג. און ווייטער — בכלל נישטאָ וווהין צו גיין און נאָך וואָס צו גיין: שוין אַלץ דערגרייכט און אַלץ געפונען!

אמת, אָט דערזעלביקער וועג איז פאַרפלייצט מיט אַראַבער, וועמען אָבער גייט עס אָן? אדרבה, עס איז נאָך הערלעכער און שענער. אַ ים פון ישמעאלים אין רויטע פעסקעס און אינדער־מיט — אַ ייד אין אַ שוואַרץ־סאַמעטענער שפּיציקער יאַרמולקע מיט אַ ספר־תורה אין דער האַנט...

דערצו איז דאָך פאַר אים, פאַר דעם דר. דע־האַן, פאַר אָט דעם עכטן אייראָפּעער פונם קאָפּ ביז די פיס, אַזוי נאָרמאַל און נאַטירלעך, אַז אין ארץ־ישראל זאָל ר' יהודה חסידס חורבה און נאָר אָט די חורבה, פאָרשטעלן דאָס יידנטום. אַזוי פירט זיך עס דאָ אינם הייליקן לאַנד אויך באַ אַנדערע פעלקער. אָט אפילו די האַנדלס־קאָנסולאַטן פון אַלע מלוכות זענען דאָך דאָ בעצם גאָר קלויסטער־פיליאַלן.

איז דאָך, דאַכט זיך, שוין אַלץ גוט און פיין. נאָר אָט — אַן אומגליק. דער נייער יידישער ישוב שטערט און פאַרהאַלט דעם פולן גאַנג פון דער גאולה. מחלל־שבתניקעס, סאָציאַליסטן.

מחלל־שבתניקעס אָבער און סאָציאַליסטן קאָן מען דאָך זיין אין מעקסיקאָ און אין קובאַ, אויף די סאַנדוויטשער אינזלען און ווו נאָר די פיס פאַרטראָגן, בעת דער ייד פון חורבה האָט פאַר זיך נאָר איינאיינציק פאָטערלאַנד.

און דעריבער אַ מלחמה קעגן דעם נייעם ישוב. אַ מלחמה אויף לעבן און טויט קעגן די, וואָס פאַלן אָן אויף אַ פּרעמד פאָטערלאַנד...

און קוים נאָר איז זי שוין יאָ אַרויסגערופן געוואָרן אָט די מלחמה, דאַרף זי געפירט ווערן אַזוי, ווי עס פירן זיך בכלל מלחמות זינט די וועלט שטייט: אַלע מיטלען זענען גוט און כשר.

און ער קלייבט טאַקע שטאַרק נישט אויס קיין מיטלען, אָט דער דר. דע־האַן, אין זיין קריג. ער שאַנעוועט קיינעם נישט: אָנ־געהויבן פונעם אויבער־קאָמיסאַר הערבערט סעמיועל, דורכגעגאַנגען איבער דעם הויפּט־רב אברהם קוק און פאַרענדיקט מיט דעם לעצטן חלוץ, וואָס זיצט ערגעץ אויף אַ זומפּ אין אַ ביידל און טרייסלט זיך פון קדחת...

---

ניין! אָט די גאַנצע געשיכטע איז גאָרנישט אַזוי פּשוט און איינפאַך. אמת, דער האָלענדישער בעל־תשובה, דר. יעקב־ישראל דע־האַן, האָט זיך שטאַרק פאַרפּלאָנטערט און פאַרזינדיקט. שווער אַזש פאָרצושטעלן זיך, צו וואָס ער וואָלט נאָך געקאָנט קומען. און דאָך: מיר מוזן זיין עטוואָס איינגעהאַלטענער, שטילער.

אָט דער מאַן, וואָס איז געפאַלן אַלס אַ קדוש דורך אַ יידי־שער האַנט, און וואָס ליגט איצט באַגראָבן אויפן הר־הזיתים, אין ירושלים, איז אונזערער. ער איז נישט סתם עפּעס אַ פאַררע־טער, אָדער גלאַט אַ מסור, נאָר אין דער היינטיקער צייט, אפשר דער איינציקער ייד, וואָס האָט געלעבט און איז געשטאָרבן, ווי אַ היסטאָרישער טיפּ...

תל־אביב, 1924

# די צוויי שוועסטער איזמײַלאָוויטש

## 1.

צוויי שוועסטער, אײנע הייסט אַלעקסאַנדראַ-סאָניאַ און די צווייטע — יעקאַטערינאַ-קאַטיאַ. זיי זענען די טעכטער פון קאָרפּוס-קאָמאַנדיר אין מינסק, פונם גענעראַל איזמײַלאָוויטש.

דער פאָטער, דער גענעראַל, איז שוין באַלד צוויי יאָר נישטאָ אינדערהיים. ער איז אַוועק, אַלס קריגס-פירער, אויף דעם ווייטן מזרח, האַלטן מלחמה מיט יאַפּאַן. איצט, דאָס הייסט, אינם סוף פונם יאָר 1905, נאָכדעם ווי דער צאַר איז געווען געצוווּנגען צו שליסן פרידן מיט יאַפּאַן און איבערבעטן רוסלאַנד מיט אַ קאָנסטיטוציע-מאַניפעסט — איז דער גענעראַל איזמײַלאָוויטש זייער אַקטיוו אויף דעם אינעווייניקסטן פראָנט. ער געפינט זיך איצט אונטערוועגנס אין סיביר, וווּ ער באַשטראָפט מיט שמיץ און מיט תּליות פויערים פאַר אויפשטאַנדן קעגן פּריצים, סאָלדאַטן פאַר ווידערשפּעניקן קעגן אָפיצירן און סטודענטן און אינטעליגענטן, פאַר זייערע פרייהייטס-אידעאַלן. דאָס איז היינט צו טאָג דער וועג פונם פאָטער.

און די צוויי טעכטער?

די צוויי טעכטער זיצן אין דעם פאָטערס הויז אין מינסק און פאַרנעמען זיך מיט מלאכות, וואָס זענען פּונקט קאַפּויער פון דעם, וואָס דער פּאַפּאַ טוט: די טעכטער העצן אָרעמע קעגן רייכע און בונטעווען מיליטער קעגן דעם קייסער און זיין טראָן.

דאָס הויז פונם גענעראַל איזמײַלאָוויטש געפינט זיך אויף דער סאַדאָווע גאַס. אויסערלעך איז עס אַ הויז, ווי פיל אַנדערע

הייזער פון פאַרמעגלעכע פוילישע פּריצים און פון יידישע סוחרים אין דער פויליש־יידישער שטאָט מינסק. דערפאַר אָבער אינעווייניק איז שוין גאָרנישט דאָסזעלביקע, וואָס אין פיל אַנדערע אַזוינע הייזער. דאָ, אינם הויז פונם גענעראַל איזמיילאָוויטש, לעבן צווי רוסלאַנדס אונטער איין סטעליע.

צוויי אַריינגאַנגען פאַרמאָגט דאָס הויז. איין אַריינגאַנג איז שטענדיק באַוואַכט פון אַ סאָלדאַט אַ דינער. דאָ קומען אַריין אַנגעזעענע מיליטער־לייט, העכערע ציווילע באַאַמטע און גלחים. אַנטקעגן גייט אַרויס די באָבע, די אַלטע מוטער פונם גענעראַל. דאָס זענען אירע געסט. זי נעמט זיי אויף אין אַ קאַבינעט, וווּ די ווענט זענען באַהאַנגען מיט אַלטע ביקסן, שווערדן, טערקישע ליולקעס מיט פּאָרטרעטן פון מיליטער־מענער, אָנגעהויבן פון יעקאַטערינע דער גרויסערס צייטן ביז איצט. און באַ דעם צווייטן אַריינגאַנג עפנט די טיר אַן איינפאַכע דינסט. די באַזוכער פונם צווייטן אַריינגאַנג זענען שוין גאָר פון אַן אַנדער סאָרט. מערנסטנטייל זענען עס יידישע בחורים, פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, פּראָפעסיאָנעלע טעראָריסטן, פּראָפעסיאָנעלע פאַלקסטימלער („נאַראָדניקעס") און פּראָפעסיאָנעלע גלאַט־דעבאַטאַנטן, וואָס זוכן ווי מיט ליכט די היציקע דיסקוסיעס, וועגן וואָס און צווישן וועמען עס זאָל נישט זיין. אַריינטרעטנדיק אינעווייניק, שפּרייזן זיי אַוועק, אָט די יידישע אורחים, גלייך צו סאָניאַן אָדער צו קאַטיאַן אין צימער און פירן זיך דאָ און פילן זיך דאָ גאַנץ היימיש. בלויז אייניקע אַריסטאָקראַטישע מאַנירן פונם גענעראַלס טעכטער שטערן אַ ביסל. צום ביישפּיל: אין סאָניאַס און אין קאַטיאַס צימערן הענגען אויף די בעטן פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „מיר בעטן האַרציק די חברים צו זיצן אויף שטולן און נישט אויסצושפּרייטן זיך אויף אונזערע געלעגערס..." נאָר דאָס זענען דאָך קלייניקייטן.

אמת, אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט ווער עס איז פון דער באָבעס געסט צו סאָניאַן און צו קאַטיאַן. עס טרעפט אויך, אַז סאָניאַס און קאַטיאַס אַן אורח פאַרקריכט גאָר צו דער באָבען. דאָס זענען דאָך אָבער בלויז צופאַלן, און נישט קיין אָנגענעמע צופאַלן. די פאַר־

גלאַנדזשעטע, סיי פון דעם צד און סיי פון יענעם צד, שפּרינגען אָפּ אויף צוריק ווי אָפּגעבריטע.

אין אַלגעמיין זענען עס צוויי קעניגרייכן, וואָס קומען נישט אין קיין שום באַרירונג צווישן זיך, כאָטש אָט די דריי פרויען — די באָבע, סאָניאַ און קאַטיאַ — זענען עס דאָ די איינציקע איינוווינער אינם הויז.

2.

סאָניאַ און קאַטיאַ געהערן ביידע צו איין און דערזעלביקער פּאַרטיי, צו דעם לינקן פליגל פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, צו די אַזוי-גערופענע „מאַקסימאַליסטן”. בכלל, וואָס זיי זאָלן נישט טוען, טוען זיי עס צוזאַמען. „דער סיאַמער צווילינג” רופט מען זיי אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן און דאָך זענען זיי, די צוויי שוועסטער, צוויי באַזונדערע מענטשלעכע טיפּן, אָדער ריכטיקער — קעגנזעצלעכע פיגורן אין אַלץ און אין אַלעם.

סאָניאַ זעט אויס, ווי אַ דאָרפישע פאָלקס-לערערין: קליין, דאַר און עטוואָס סוטולע, שיטערע בלאָנדע הערעלעך אויפן קאָפּ פאַרקעמט, ווי די פריזור פון אַ פּראַוואָסלאַווענעם גלח. געקליידט ציכטיק, נאָר אַלטמאָדיש: פאַרקנעפּלט, פאַרהעקלט, פאַרשלייערט. קוקנדיק אָבער אויף קאַטיאַן, ווילט זיך זי זען נאָר אין איין פּאָזע: אַלס רייטערין אויף אַ פערד אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט אונטער דעם אָפּגלאַנץ פונם זונען-אונטערגאַנג. קאַטיאַ איז הויך, שלאַנק און ברונעט. דער קאָליר פון געזיכט — מולאַטיש. געקליידט אין אַ מענעריש-סאָלידן סטיל: אַ לאַנגער סורדוט אין טאַליע. זי דערמאַנט עפּעס, קאַטיאַ, אָן דער העלדין פון טורגעניעווס דערציילונג „די ערשטע ליבע”... סאָניאַ איז אַ שווייגנדיקע און שטענדיק שטרענג און ערנסט, אַלץ פאַר דער רעוואָלוציע און צוליב דער רעוואָלוציע. פאַר זיך גופא פאַרגינט זי נישט אַפילו קיין פריילעכע מינע און צו די סאַמע נאָענטסטע איז זי פאָרזיכטיק אפילו מיט אַ ווונק. קאַטיאַ אָבער האַלט נישט פון קיין סודות. קיינמאָל טוט זיך נישט אָפּ קיין שמייכל פון איר געזיכט. נישטאָ אַזאַ מאָמענט, וואָס

זי נישט זאָל זיין מונטער אויפגעלייגט און תּמיד איז זי שטיפעריש, אפילו בעת, בוכשטעבלעך, דאָס לעבן שטייט אין קאָן. וואָס פאַר אַ גרויסע קאָנספּיראַטיווע שליחות זי זאָל אויף זיך נישט טראָגן, דאָך קאָן זי זיך נישט אָפּזאָגן פון צו באַווייזן עפּעס אַ שפּילעוודיק שפּיצל, אויב עס איז נאָר פאַרהאַן דערצו די קלענסטע געלעגנהייט.

אָט אַ מעשה. עס איז שוין טיף־אָסיען, נאָר פלוצלינג איז, ווי פון אונטער דער ערד, אַרויסגעקראָכן אַ טאָג פונם סוף זומער. קאַטיאַ, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ רענצל אָנגעשטאָפּט מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור און מיט רעוואָלווערן, שפּאַנט איבער דער זאַכאַרעווער גאַס (די הויפּט־גאַס אין מינסק). עס שטראַלט מיט זילבער־ליכט, פון אויבן און אונטן באָדן זיך די פיס אין רויטע ביימער־בלעטער. אינמיטן דערינען שטויסט זי זיך אָן, קאַטיאַ, אָן אַ צעריסענעם פרויען־קאַלאָש מיט אַ הויכן קאָרעק און גלייכצייטיק דערזעט זי אינדערמיט פון גאַס אַ צענדליק באַוואָפנטע פּאָליציי־אָפיצירן מיט דעם וויצע־גובערנאַטאָר אויבנאָן צווישן זיי. פאַרגלוסט זיך איר, קאַטיאַן, צו טרייבן אַ ביסל קאַטאָוועס מיט דיזאָזיקע פאַרפּאַנצערטע וועכטער פון אָרדנונג. נעמט זי און גיט אַ שנעל דעם צעריסענעם פרויען־קאַלאָש אין הויכן קאָרעק אַריין מיט דעם נעזל פון איר שוך און די שמאַטע טראָגט זיך דורך, ווי אַ שוועבנדער פוטבאָל איבער די קעפּ פון די פּאָליציי־אָפיצירן און וויצע־גובערנאַטאָר. צעשראָקן און איינגעהויקערט לאָזן זיי זיך לויפן די „העלדן פונם פאָטערלאַנד“... אפשר איז עס אַ באָמבע? אַ טומל. די קרעמער, דערזעענדיק ווי די פּאָליציי־אָפיצירן און דער וויצע־גובערנאַטאָר אַנטלויפן, פאַרשפּאַרן זיי די געוועלבן; גייער און שפּאַצירער באַהאַלטן זיך אויס אונטער סטרעכעס און הינטער טויערן. און קאַטיע, פונקט ווי די גאַנצע סומאַטאָכע וואָלט גאָר צו איר קיין שום שייכות נישט געהאַט, שפּאַנט זיך ווייטער איר וועג, נישט אַרויסלאָזנדיק פון האַנט דאָס רענצל, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור און מיט רעוואָלווערן.

סאָניאַ מוסרט זי נאָך אָט דער געשיכטע:

— קאַטיושאַ!... דיין פירן זיך איז אומדערטרעגלעך... עס איז אַ שאַנד!...

פאַלט קאַטיע אַרויף אויפן האַלז סאָניען און פאַרענטפערט זיך, ווי אַ קינד, וואָס פאַרזינדיקט זיך באַ דעם טיש מיט אַ זיסער נאַשעריי, בעת מען האַלט נאָך גאָר אין עסן דאָס ערשטע געריכט.

— נו, סאָנעטשקע, נו, האַרציקע, אַנטשולדיק מיר!... — בעט זי זיך, קאַטיע, — איך וועל עס מער נישט טון... עפּעס אַ טייוול האָט פאַרפּלאָנטערט... אַ פאַרשאָלטענער כאַראַקטער!... — באַקלאָגט קאַטיע דאָס מזל אירס, וואָס צווינגט זי שטענדיק צו קונדעסן.

און עס דאַכט זיך, אַז סאָניע און קאַטיע זענען עס נישט צוויי לייבלעכע שוועסטער, וואָס האָבן אויף זיך גענומען איבערצואַנדערשן דעם גאַנצן לעבנס-שטייגער פון דער רוסישער אימפּעריע, נאָר קאַטיע איז אַ שטיפערין, אַ גימנאַזיסטין גאָר, און סאָניע איז עס איר דערציערין און דוקירערין.

.3

די סאַמע פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייטן אין מינסק זענען זיי איצט, סאָניע און קאַטיע. ממש קינד און קייט ווייסן פון זיי. אָט זיצן איך אויף דער בלאָטיקער נעמיגע באַ אַ יידן אַ שוסטער און וואַרט ביז ער וועט מיר צוקלאַפּן דעם אָפּצאַס, וואָס האָט זיך באַ מיר אָפּגעריסן פונם שוך אומגעריכט, מאַרשירנדיק דאָ אין דער געגנט. עס איז שפּעט אין דער נאַכט. אינדרויסן רעגנט. פּלוצלינג ברעכט אויס אַ באַטאַליע צווישן אַן עלטערער יידינע און אַ יונג מיידל. דאָס יונגע מיידל, איינגעוויקלט אין אַ שאַל, קלויבט זיך ערגעץ צו גיין, און די אַלטע יידינע פאַרשטעלט איר דעם וועג און גוואַלטעוועט:

— דו גייסט שוין פּראַווען דיינע געשעפטלעך... שלעפּערקע. דו גלייכסט זיך אויך צו דעם גענעראַלס טעכטער?... דו האָסט דאָך נישט אפילו קיין העמד אויף דיין לייב, און דיר געפעלט נאָך נישט דער קייסר....

נאָר דאָס מיידל, נישט ע נטפערנדיק אויף די זידלערייען,

מאַכט זיך אַרויס אין דרויסן, און די אַלטע יידענע פאַלט אָן אויף דעם שוסטער:

— ווי איז עס אַ טאַטע אַזאַ קאַלטע קוזשניע? — טענהט זי. -- מען וועט דאָך די בת־יחידה דיינע אין סיביר פאַרשיקן... דו וועסט דאָך נישט וויסן אפילו, ווו אירע ביינדעלעך זענען אַהינגעקומען...

דער שוסטער אָבער מאַכט חוזק פון דער אַלטער יידענע און פאַרענטפערט זיך:

— נאַרישע ציג דו!... — שאָקלט ער מיט דעם קאָפּ צו דער אַלטער יידענע. — און אַז איך וועל זיך שטעלן אַנטקעגן, וועט זי מיך פאָלגן, די בת־יחידה דיינע? כ׳לעבן אַ קאָרפוסנער גענעראַל איז אַ ביסל מער מהות פון יאַשע מענדל דעם שוסטער, און פונדעסטוועגן — דערווייזט ער — פירט דער קאָרפוסנער גענעראַל אויך גאָרנישט אויס מיט זיינע טעכטער...

און דאָס איז נישט קיין איינצלנער פאַקט. ווו מען שטייט און גייט קלינגט עס מיט די נעמען פונם „גענעראַלס טעכטער, און מיט זייערע מעשים.

4.

אויך די זשאַנדאַרמעריע האָט שוין געוואָרפן אַן אויג אויף סאָניען און אויף קאַטיען. שטאַרקער ווינטער, פרעסט, זאַווערוכעס און פונדעסטוועגן טאָג און נאַכט שטייען דאָ אויף דער סאַדאָוואַ גאַס שפּיאָנען אויף דער וואַך. פוטער־קראַגנס הויך אויפגעשטעלט. פליוש־קוטשמעס טיף אַראָפּגערוקט, קיין פּנימער זעען זיך נישט, בלויז אויגן שטעכן דורך יעדן דורכגייער. ווייסט מען, וואָס פאַר אַ אויגן דאָס זענען... און דעם גענעראַלס דירה האָבן די רע־וואָלוציאָנערן פון מינסק און אויך די רעוואָלוציאָנערן פון אַנדע־רע שטעט געקרוינט מיט אַ נייעם טיטול: „די דורכגעפאַלענע קוואַרטיר" האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן. פוסט זענען איצט סאָ־ניעס און קאַטיעס צימערן. צוליב קאָנספּיראַציע מיידט מען זיי אויס די צוויי שוועסטער. מען מיידט אויס אַרויסצווייזן, אַז מען

האָט אפילו די ווייטסטע אַנונג וועגן זיי, שוין אָפּגערעדט וועגן פּערזענלעכן באַזוך. נאָר סאָניע און קאַטיע זיצן נישט מיט פאַרלייגטע הענט. כאָטש זיי זענען איזאָלירט פון פריינט און פאַרפאָלגט פון פיינט, דאָך געפינען זיי שוין אויס וועגן און מיטלען, ווי אַזוי אָפּצוטון זייערע טאָג-טעגלעכע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטן. אָט, אַ שטייגער, אַזאַ סאָרט קאָמבינאַציע:

דאָס הויז פונם גענעראַל איזמייל‎אָוויטש איז צום הויף אָפּגעצוימט מיט אַ הויכן פּאַרקן פון אַ שמאָל געסל. פאַרמאַסקירן זיי זיך אָפּט, סאָניע און קאַטיע, אַלס חזירים-קילערינס: מאַכן דיקע בייכער, ציען אָן אויף זיך וואַרעמע לייבלעך, פאַרשמאָלצענע מיט פעטס; בינדן אַרום די קעפּ מיט וואָלענע פאַטשיילעס און אַריבערשפּרינגענדיק דעם פּאַרקן, לאָזן זיי זיך אַוועק לויט אָט דעם אויסזען אין באָד אַריין. אין דערזעלביקער באָד קומען אָן, בעת מעשה, אויך יידישע קורסיסטינס פאַרשטעלט אַלס פאַרשלומפּערטע מאַרקיידענעס. אויב קיין פרעמדע זענען דאָ נישט פאַרהאַן אין אָט דעם מאָמענט, שטופּען זיי זיך אַריין, דעם גענעראַלס טעכטער און די יידישע קורסיסטינס, אין זייער אָנטועכץ, אינעווייניק, ווי עס איז דער „פאָל" און ווי עס פאַרכאַפּט דעס אָטעם פון פאַרע, כלומרשט כדי אויסצופּרודיען די שמאַטעס, וואָס אויף די לייבער, דאָרטן באַקומען סאָניע און קאַטיע געווער פון די יידישע מיידלעך און קערן זיך אום צוריק אַהיים אויף דעמזעלביקן אופן, ווי זיי זענען פריער אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטן.

ווי וואָפן-אַרסענאַלן זעען אויס די צימערן זייערע, סאָניעס און קאַטיעס!

אַזוי וואָכן נאָך וואָכן און חדשים נאָך חדשים. די שפּיאָנען אָבער דרייען זיך אַרום בלויז אינדרויסן. דערפאַר אינעווייניק וואַגן זיי נישט אַריבערצוטרעטן די שוועל. אייגנטלעך, אַ רעטעניש: פונוואַנען שטאַמט עס אָט די פּאָליצייישע טאָלעראַנץ צו סאָניען און צו קאַטיען? פאַרוואָס שאַנעוועט מען עס זיי? און אַ באַשיידונג צו דעמדאָזיקן רעטעניש גיט דער אַלטער אַקציז-באַאַמטער, וואָס געהערט צו דער באָבעס געסט. אים, אָט דעם אַקציז-באַאַמטן,

האָט דער מינסקער אָבער־זשאַנדאַרם, דער גענעראַל וואַסיליעוו, אַליין געזאָגט, אַז ביז אַ צייט וועט ער עיִשט טשעפּען נישט סאָניען און נישט קאַטיען, כּדי נישט צו אינפאָרמירן די וועלט, אַז די קראַמאָלע איז שוין אַריינגעדרונגען אויך אין גענעראַלישע הייזער. . .

ענדלעך אָבער פּלאַצט דאָס דיפּלאָמאַטישע געדולד פון דעם אַלטן זשאַנדאַרם. כאָטש עס איז פאַר קיינעם נישט קיין איבערראַשונג, דאָך אומגעריכט רייסן זיך אַריין ,אינמיטן נאַכט זשאַנדאַרמען צו סאָניען און צו קאַטיען אין זייערע צימערן. איין זאַך נאָר איז דאָ עפּעס מאָדנע: בלויז קאַטיען אַרעסטירן זיי, די זשאַנדאַרמען, און סאָניען לאָזן זיי פריי.

5.

חודש יאַנואַר פונם יאָר 1906. אַ רייע טעג פון איין און דעמזעלביקן קאָליר. שטייף־פּראַסטיקע און מיט זונען־שיין. טשיקאַווע : זקנים געדענקען אויך נישט נאָך אַזאַ יאָר, וואָס אין אָט דער צייט זאָל זיך האַלטן וואַכן נאָכאַנאַנד אַזאַ פריש און לויטער וועטער אָן אַ פּיצל ענדערונג, כאָטש אויף אַ סעקונדע. עפּעס אַן אויסוואַרטעניש אין הימל און אויף דער ערד, ווי בעת דער ביבלישער זון־און־לבנה אָפּשטעלונג.

קאַטיע איז פאַרשפּאַרט הינטער די קראַטעס פון דער מינסקער טורמע, און סאָניע — נע־ונדעוועט. זי האָט איצט פאַרלאָזט אינגאַנצן דעם פּאָטערס הויז. נעכטיקן נעכטיקט זי, ווו עס מאַכט זיך, און ווי נאָר באַגינען, איז זי שוין אויף די פיס. אין אַ בלוי לופטיק זשאַקעטל און מיט אַ שוואַרץ טיכל אויפן קאָפּ, דרייט זי זיך אַרום מערסטנטייל לעבן טורמע, לעבן קאַטיען.

סאָניע איז אומרויק. נאָך מער ווי פריער שווייגנדיק, און קוקן איר אין די גרויע אויגן אַריין — פּשוט אַ שווידער: פאַררויטלטע ווייסלעך דרייען זיך. עס פּייניקט זי, סאָניען, וואָס קאַטיע איז אונטער שלאָס און ריגל און זי איז פראַנק און פריי.

זי דאַרף אַרויסשלעפּן קאַטיושען פון הינטער די קראַטעס. ווי

מאַכט מען דאָס אָבער? וועגן דעם, אַז דער פּראָקוראָר זאָל אַרויסלאָזן קאַטיען, איז גאָרנישטאָ וואָס צו טראַכטן. מוז מען זי, הייסט עס, אַרויסציען פון דאָרטן מיט די אייגענע הענט, שאַפן די מעגלעכקייטן, זי זאָל קאָנען אַנטלויפן. און דאָס איז דאָך אַ לאַנגע געשיכטע. היינט, ווער ווייסט, צי עס וועט זיך איינגעבן?

פּאָקוטעוועט זי אום, סאָניע, פאַרצווייפלט און איינזאַם. די יידישע בחורים און מיידלעך דענערווירן זי איצט, נאָכדעם ווי זי איז געבליבן אַליין אָן קאַטיען. עפּעס אַ פרעמדע און אַ מאָדנע ראַסע. פּונקט ווי יאַקוטן האַלטן אין איין אונטערהאָמזען מיט דער נאָז, אַזוי האַלטן די יידן אין איין אונטערפּלאַפּלען מיט דער צונג. שטענדיק זיי דעבאַטירן נאָר. איינער דעם צווייטן פאַרשווייגט נישט קיין וואָרט. זאָגט ווער עס איז „ווייס", מוז גלייך עמיצער אויסשרייען „שוואַרץ". ווי אַזוי איז זי עס פאַרקראָכן צווישן אָט די פרעמדע און מאָדנע מענטשן?... און נישטאָ ווער עס זאָל דערוואַרעמען, צוטוליען. רעוואָלוציע איז פאַר די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט איר, אַ פאָרם, ווי אַזוי אויסצולעבן זיך אין דער וועלט. און אויסלעבן זיך אין דער וועלט, הייסט זיין געפּאָרט זאַלבענאַנד, אַלס פרוי און מאַן. נאָר געפּאָרט געשלעכטלעך קאָן זיך אַ פרוי אויפהייבן און דערהייבן. ווער ווייסט, צי וואָלט אַזש סאָפיע פּעראָווסקאַ דערגאַנגען צו דעם, וואָס זי איז געוועזן, ווען זי פאַרמאָגט נישט זשעליאַבאָוון?...

זי זאָגט עס נישט אַרויס, סאָניע, אין איין קלאַפּ און אין אַ סיסטעמאַטישער פאָרם. דאָס לאָזט זיך אָבער צונויפשטעלן וואָרט אין וואָרט פון אירע איינצעלנע אויסדרוקן בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן. און דערבײַ פאַרענדיקט זי אַלץ וואָס זי רעדט מיט איין און דעמזעלביקן רעפריין:

זי פילט זיך דאָ, אינעם יידישן מינסק, ווי אין געפאַנגענשאַפט. זי דאַרף גיין קיין ריאַזאַן, קיין קאָסטראָמאַ. זי דאַרף זיך געפינען צווישן די רוסישע פויערים אויף די וואָלגאַ־ברעגן. מיט וועמען און אויף וועמען אָבער לאָזט מען עס דאָ איבער די קאַטיושע?...

6.

פּלוצלינג שטעלן זיך אַריין אין מינסק צוויי אָנגעזעענע רעוואָלוציאָנערן, וואָס פאַרטרויען זיך בלויז פאַר אַ פּאָר אויסדערוויילטע, באַגלייבטע, צווישן וועלכע סאָניע איז אויף דעם ערשטן פּלאַץ. קאָלאָריטע פיגורן, אויסטערלישע, אַ יינגערמאַן און אַ יונגע פרוי. דער מאַן הייסט מעדוועדז, און די פרוי רופט מען לודמילאַ. מעדוועדז איז אַ ריז און דאָס פּנים, אַ מאָדעל פון וואַסנעצאָווס איקאָנעס. און לודמילאַ, אַ טיפּיש־רוסישע שיינהייט: בלאָנד, קיילעכדיק, פול־ברוסטיק און פול־בלוטיק. אָפּט דערמאַנט זי אויסערלעך אָן גרושענקאַ פון דאָסטאָיעווסקיס „די ברידער קאַרמאַזאָוו". דער איינדרוק פון זיי — זייער אימפּאָנירנד. פון ביידע ווייעט מיט גבורה און מיט פרישקייט. און דאָס גאַנצע באַנעמען זיך — סודסודות. סאָניע ווייסט יאָ עטוואָס פון זיי. און פון דעם, וואָס זי דערציילט, באַקומט זיך אַ פאָרשטעלונג עפּעס וועגן לעגענדאַרישע פערזענלעכקייטן. ביידע שטאַמען זיי פון הינטער די אוראַלער בערג. מעדוועדז איז אַ זון פון אַ פויער אַ פּאַסטוך און אַליין אַ דאָרפישער פאָלקס־לערער. און לודמילאַ איז אַן אייניקל פון דער קייסערין יעקאַטערינעס אַ פאַוואָריט און אַליין אַ שילערין פון דער פּאַריזער קונסט־אַקאַדעמיע. מאַן און ווייב זענען זיי. ביידנס פּראָפעסיע — רעוואָלוציע. זיי פירן זיך אָבער נישט אויף דעם שטייגער פון אַנדערע רעוואָלוציאָנערן. זיי געהערן נישט פּאַקטיש צו קיין שום אָרגאַניזאַציע. פרייע פּאַרטיזאַנען זענען זיי, און אַלץ וואָס זיי טוען, טוען זיי זאַלבענאַנד. זאַלבענאַנד פירן זיי אָן מיט פויערים־אויפשטאַנדן. זאַלבענאַנד מאַכן זיי שריפות אין פּריצישע הויפן. זאַלבענאַנד טעראָריזירן זיי גובערנאַטאָרן און פּאָליציאַנטן. און כאָטש מען יאָגט זיך נאָך זיי איבער גאַנץ רוסלאַנד, דאָך דרייען זיי זיך תמיד אַרויס. שוועבנדע אָדלערס. נו, נו, אַ פּאָרל!

סאָניע שטאָלצירט מיט זיי. איר לייענט כסדר אויף איר געזיכט ווי זי וואָלט זאָגן: אָט דאָס זענען מענטשן. העלדן, שטרייטער און נישט קיין תּלמודיסטן, אָראַטאָרס.

און געטריי איז זי זיי און איבערגעגעבן. אויסגעזוכט פאַר

ניי אַ צימער אין אַ רייך הויז, כדי עס זאָל זיין באַקוועם, אָנגענעם. און שטענדיק זי קוקט זיי אונטערטעניק אין די אויגן אַריין און שלינגט דאָרשטיק יעדעס וואָרט, וואָס גייט פון זייער מויל אַרויס. זיי זענען פאַר איר מוסטערן פון אַבסאָלוטער מענטשלעכער פולקאָמענהייט. און נישטאָ, דאַכט זיך, אַזאַ סאָרט שליחות, וואָס סאָניע וואָלט אויף זיך נישט גענומען, אויב נאָר עס שטאַמט פון מעדוועדז און לודמילאַ.

איז, אָט איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, זיצן מיר זאָלבעדריט בא דידאַזיקע געסט: סאָניע, איך און דער גוי־שער סטודענט, פוליכאָוו, וואָס איז לויט זיין וווקס און מאַנירן עפּעס. ווי אַ צווילינגברודער פון מעדוועדזן... לודמילאַ, אַ ליכטיקע, צופרידענע, אין דורכזיכטיקן פּעגוואַר און די לאַנגע האָר אויסגעשפּרייט איבער די אַקסלען, איז פאַרטון אין באַלעבאַטישקייט, (זי צירעווועט אַ פּאָר מענערישע וואָלענע שקאַרפּעטקעס). און מעדוועדז האַלט פאַר אונז פּאָרטראַגן אויף אַקטועלע טעמעס. למשל, ווי איז זיכערער צו דערמאָרדן אַ גובערנאַטאָר? דורך אַ באָמבע, בעת ער פאָרט דורך די גאַס אין אַ פאַיעטאָן, צי דורך אַ רעוואָלווער, בעת ער שטייט אויף אַ פּלאַץ און באַגריסט אַ פּאַראַד? אָדער ווי איז אַזוי איז גלייכער דורכצופירן אַן עקספּראָפּריאַציע? אָנצופאַלן אויף אַ פּאָסט אונטערוועגנס, צי אַריינצורייסן זיך אינעווייניק אין „קאַזנאַטשייסטווע“ גופא? אויך אַנדערע פּראָבלעמען פון אָט דעם סאָרט באַהאַנדלט ער, מעדוועדז. נאָר אינדערמיט פון אָט די „גזלנותדיקע רעפעראַטן“, רייסט זיך אומגעריכט אַריין לודמילאַ:

— שווייג אַ ווײַלע, דו בלוטיקער באַפעלער מײַנער! —
רופט זי זיך אָפּ צו מעדוועדזן און פאַרצוימט אים דאָס מויל מיט איר דלאָניע, — איך האָב — זאָגט זי — צו מאַכן אַ וויכטיקע דערקלערונג... — און גלייך פאַלט זי אָן אויף סאָניען מיט שטראָף־רייד:

— עך, סאָנקאַ, סאָנקאַ! ווי אַ פיש אויף דער טריקעניש זעסטו אויס אין מיינע אויגן... — צעזינגט זיך לודמילאַ אין אַ וואָלגישן דיאַלעקט. — נישט גוט לעבסטו אויף דער ערד!...
עס איז אַ פאַרברעכן אַזוי צו לעבן... שפּילסט אַ קאָמעדיע!... —

מוסרט זי, לודמילאַ, סאָניען, צופּנדיק מיט די ציין די אונטער־שטע ליפּ פון אויפרעגונג.

סאָניע איז צעטומלט. קאָלירן בייטן זיך אויף איר געזיכט. זי פאַרענטפערט זיך:

— מילקאַ טייערע! גאָט איז מיט דיר! מיט וואָס און קעגן וועמען האָב איך זיך פאַרזינדיקט? — בעט זיך די קליינע און דאַרע סאָניע מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— קעגן זיך אַליין זינדיקסטו! — שלאָגט איבער לודמי־לאַ. — דו שפּילסט — קרימט זי זיך — די כלה פונם הייליקן קריסטוס! פאַרוואָס, צום טייוול זאָל עס גיין — מאָנט זי מיט כעס — פאַרשלייערסטו זיך נישט מיט קיין מאַן, קיקימאָ־רע דו?

מעדוועדז צעלאַכט זיך.

— מיידעלע, גאָר נישט געוווּסט, אַז דו ביסט אַ „סוואַכע" (אַ שדכנטע)... — און אויך אויף סאָניעס טרויעריק פּנים באַ־ווייזט זיך אַ שמייכל:

— מילאָטשקאַ בייזע! מיט וועמען פאַרשלייערט מען זיך עס היינטיקע צייטן? — איראָניזירט סאָניע.

— מיט וועמען! — שרייט אויס לודמילאַ — אָט מיט וועמען! — און זי קריכט אַריין מיט די פינגער פוןביידע הענט אין פּאָליכאָווס צעשויבערטער משופּרינע.

סאָניע איז אינמיטן דערינען גאָר געוואָרן הומאָריסטיש. עס געפעלט איר, ווי עס ווייזט אויס, דער מאָדנער שמועס.

— ניין, לודאַ — זאָגט זי כלומרשט ערנסט — פּאָליך טויג נישט פאַר אַ חתן! ער איז נאָך אַ זויג־קינד... ער שעמט זיך נישט אַזש צו ווייזן זיך פאַר דאַמען אָן וויקעלעך...

און זי דערציילט, סאָניע, אַ קאָמישע און פּיקאַנטע געשיכ־טע וועגן פּאָליכאָוון:

פאַריקן זומער, בעת ער האָט זיך געבאָדן אין טייך, האָט עמיצער אַוועקגעגנבעט זיינע קליידער. וואָס טוט דער דזשענטל־מאַן? אינמיטן העלן טאָג לאָזט ער זיך אַוועק באַקעטערהייט צו זיך אין דירה אַריין. היפּשע עטלעכע גאַסן האָט ער עס געדאַרפט

דורכשפּאַצירן אַלאַ אדם אין גן־עדן. נאָך אים שפּאַנען הונדער־
טער מענטשן, און אים, דעם ייִנגנמאַן, גייט עס אָן, ווי דער פּאַר־
איאַריקער שניי... באַגעגנענדיק זי, סאָניען, אונטערוועגנס, שטעלט
ער זי נאָך אָפּ און פּאַרפירט מיט איר אַ שמועס, פּונקט ווי ער
וואָלט געווען אויסגעפּראַנטעוועט אין אַ סמאָקינג...

— נו, איז וואָס? — ענטפערט לודמילאַ. — עך, סאָנקאַ,
סאָנקאַ! אַ נאַרעלע ביסטו... נאָך אַזוינע מענער דאַרף מען נאָכ־
לויפן כאָטש אין עק וועלט... אָט מיינער — זאָגט זי — איז דאָך
אויך אַזאַ אומפאַרשעמט קינד... און אַזוי זיס...

און זי שפּרינגט אַרויף, לודמילאַ, צו מעדוועדזן אויף
די קני און דריקנדיק אים צו זיך, קושט זי אים און האַלדזט
אים.

7.

כמעט צוויי וואָכן האָבן זיי דאָ פאַרבראַכט אין מינסק, מעד־
וועדז און לודמילאַ, אויסבאַהאַלטנדיק זיך. נאָכדעם פאַרשוווּנדן
ערגעץ. און אין אָט דער קורצער צייט איז עס אָנגעצייכנט גע־
וואָרן דער ווייטערדיקער לעבנס־וועג פון סאָניען אויף לאַנגע יאָרן.
זי האָט טאַקע געפאָלגט, סאָניע, לודמילאַס עצה. זי האָט זיך „פאַר־
שלייערט" מיט פּאָליכאָוון. און אָט אויף וואָס פאַראַ אופן: זיי
האָבן זיך ביידע באַזעצט אין איין דירה, גרייטנדיק זיך בשותפות
צו דערמאָרדן דעם מינסקער גובערנאַטאָר, דעם גענעראַל קורלאָוו,
אום צו באַפרייען קאַטיען פון דער מינסקער טורמע.

די דירה — אַ טונקעלע מאַנסאַרדע אויף דעם קלויסטער־
פּלאַץ („סאָבאָרנאַיאַ פּלאָשטשאַד") מיט פּיצינקע פענצטערלעך, ווי
טויבן־נעסטן, דורכגעבויערט פון איין זייט אַנטקעגן דעם גובער־
נאַטאָרישן פּאַלאַץ און פון דער צווייטער זייט — אַנטקעגן דעם
אַריסטאָקראַטישן קלויסטער. און דעריבער האָבן זיי עס אויסדער־
וויילט פאַר זיך דאָסדאָזיקע פינצטערע לאָך. פונדאַנען איז אים
לייכט נאָכצושפּירן, קורלאָוון, יעדן טריט, וואָס ער מאַכט. דער
שטרענגער גענעראַל האַלט זיך זייער פאָרזיכטיק די לעצטע חדשים.

אויסער דער קירכע און די אייגענע בעלער באַזוכט עס ניעט קיין שום עפנטלעכן פּלאַץ...

8.

פאַר דעם בעל־הבית פון דער מאַנסאַרדע און פאַר די שכנים אונטן — גילטן זיי, די צוויי טעראָריסטן, אַלס אַ רויק און נישט גאָר גליקלעך פּאָרל. פּוליכאָוו איז אַ קראַנקער קאָנסיסטאָריע־באַאַמטער, וואָס רוט זיך איצט אויס נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע. און סאָניע — אַ געהילף־אַקושערין, וואָס פאַרנעמט זיך אויך מיט סאַר־ווערייִ אויף פּריצישע חתונות, סיי צווישן פּראַוואָסלאַווע און סיי צווישן קאַטאָליקן.

און לויט אָט די אָנגעגעבענע פּראָפּעסיעס שפּילן זיי די טאָג־טעגלעכע ראָלן זייערע. פּוליכאָוו איז מערסטנטייל אַ היימישער, אַ שטובּיקער. אין גאַס — פירט זיך אַ סקאַרבאָווער לעבנס־שטייגער. מאַנופאַקטור־קראָמען מיט יידישע סוחרים. הילכיקע צאַנקערייען צווישן די קרעמערקעס, וואָס שלעפּן קונים; לוויות און חתונות אין קלויסטער. כסדר עס קלינגען די קלויסטער־גלאָקן. און פּוליכאָוו האָט זיך זיין אַרבעט: ער שטייט פון באַגינען ביז שקיעה אויף זיין פּאָסטן לעבן דעם פענסטערל, וואָס אַנקטייגן דעם גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ און טשאַטעוועט... גייט ער אַרויס אינדרויסן — האָט איר פאַר זיך אַ ריכטיקן קאַזיאָנעם פאַרשוין, „לויט גאַנאָלס עק־זעמפּליאַרן”: אַ ברייטער קאַרטוז מיט אַ גרין־פּלושענעם אָקאָלע־שעק און אַ שווערע קאָקאַרדע; אַ זויער הוסטעלע; פּאַמעלעכדיקע, געמאָסטענע טריט און טיפע קאָלאָשן, וו אָס צוויטשערן פון אונטער די פּאָדעשוועס. און סאָניע איז דעם גאַנצן טאָג פאַרדרייט און פאַרהאָר עוועט: קאַטיע איז דאָך אינגאַנצן אויף אירע פּלייצעס. זי אַליין שטעלט עס אויס און בייט איבער די פּאַטרולן, וואָס באַוואַכן די טורמע פון פאָרנט און פון הינטן, כדי אונטערצוכאַפּן קאַטיען און באַשיצן זי, אויב עס וועט זיך איר איינגעבן באַ אַ געלעגנהייט, אַלס אַ פאַרקליידטע „סטאָראָזשיכע”, אַרויסצושפּרינגען דורכן טויער. און נאָך זאָרגן האָט זי, סאָניע: סטראַטעגיש און

ווירטשאַפטלעך האָט נאָר זי אַליין צו טון מיט דעם געפּלאַנטן אַטענ־טאַט אויף קורלאָוון. מיט דעם דאַרף זי עפּעס איבעררעדן. פון יענעם דאַרף זי עפּעס אויסהערן. דאָ דאַרף זי עפּעס ברענגען. דאָרטן דאַרף זי עפּעס אָפּטראָגן. עס קלעקן פאַר איר מלאכות.

דערפאַר אָבער, ווי נאָר די נאַכט פאַלט צו — געפינט זיך שוין דאָס פאַרפאָלק אינײנעם, און אינעווייניק, אין דער מאַנסאַר־דע־דירה זעט אויס, בעת מעשה, ווי אין אַלע אינטעליגענטע היי־זער צווישן מאַן און ווייב. פּוליכאָוו דערציילט, וואָס ער האָט געזען; סאָניע גיט איבער, וואָס זי האָט געהערט. נאָכדעם רייסט זיך צו פּוליכאָוון צו אַ בוך. אַלס „עס־ער" שטודירט ער פּלייסיק די אַגראַר־פראַגע, דעם סוביעקטיוון מעטאָד אין געשיכטע און סאָציאָ־לאָגיע. און סאָניע קריכט אַריין אין באַלעבאַטישקייט: קאָכט וויטשע־רע, פּוצט די רעוואָלווערן, זיי זאָלן נישט פאַרזשאַווערט ווערן; סאָר־טירט פּונאַנדער די באָמבעס, כדי זיי זאָלן נישט פּלאַצן.

רויק, שטיל און געמיטלעך.

9.

אגב, טאָמער האָט נאָך אויסגעפּעלט סאָניען דאגות, איז צו־געקומען נאָך אַ ניי בינטל צו איר יאָך: דער „לעטושי אָטריאַד" (דער פליענדער רעגימענט), אָדער, ווי סאָניע מיט פּוליכאָוון רופן אים צווישן זיך: די „ווילדע אָרדאַ".

דער „פליענדער רעגימענט" איז אַ געמיש פון בחורים און מיידלעך, יידן און נישט יידן, וואָס זייער אויפגאַבע איז צו טעראָ־ריזירן די קלענערע פּאָליציי־באַאַמטע אינם צפון־מערב־געגנט פון רוסלאַנד. אַ חברה צונויפגעשטעלט פון הינטער־געסל־העלדן, וואָס הויזן בכלל נישט מיט מאַכט און אָרדנונג, שטרייטנדיק מיט זיי צוליב אייגענע, ריין פערזענלעכע חשבונות. די מענער — ס'רוב פּרימיטיווע שווערע אַרבעטער — שמידן, ברוקירער, לאַסט־דראָזש־קאַרעס. פעל־שינדער מיט באַנדיטישע נייגונגען. און די פרויען — „כלות" און „פריינדינס" פון דידאָזיקע קריגערישע מענער — זיי אַלע ווערן אויסגעהאַלטן פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוצ־

יאָנע״ן. נאָר די פּאַרטיי האָט מיט זיי אַ ספּעציעלן אָפּמאַך: זיי איז דערלויבט צו שעכטן אַ גאַראַדאָוואָי, אָדער צו שיסן אַ פּריסטאַוו. ווייטער אָבער, העכער, הייסט עס, טאָרן זיי נישט גיין. לויט די ערטער, וואָס זיי פּאַרנעמען אינם טעראָר, איז זיי פּאַרבאָטן אָנ־צופּאַלן אפילו אויף אַן איספּראַווניק, צי אַ געהילף־פּאָליציי־מייסטער. איצט געפינט ער זיך אין מינסק. אָט דער גאַנצער „אָטריאַד". און סאָניע דאַרף עס אויף אים נאָכאַנאַנד אַכטונג געבן.

שווער אויסצוקומען מיט זיי, מיט דידאָזיקע לייט, פּסדר זיי פּאָדערן: זיי פּאָדערן געלט, זיי פּאָדערן פּאַרוויילונגען, זיי פּאָדערן פּריוואַטע עקספּראָפּריאַציעס. ווירקלעך, אַ ווילדע אָרדאַ! — און דערהויפּט איז עס דאָ נישט דורכצוקריכן מיט דעם פּאַרשוין, וואָס רופט זיך וווצלי־פּוצלי. דער וווצלי־פּוצלי איז אַ יידישער בחור. לויט זיין גאַנצן מהות — אַ פּאַרקריפּלטע און ברוטאַלע באַשע־פעניש. קורץ, דיק, מיט אַ קאָפּ אַ צעבער, קאַסאָקע אייגעלעך און נישט־גלייכע פּלייצעלעך. און בלוטדורשטיק און פלינק איז ער, ווי אַ חיה. אינם פּאַרלויף פון איין וואָך האָט ער אַוועקגעלייגט אויף טויט, דורך רעוואָלווער־שאָסן, דריי סטראַזשניקעס. הייבט ווי אַזוי אַוועקגעלייגט. ספּעציעל געצילעוועט און אויך געטראָפן האָט ער זיי, די קרבנות זיינע, דווקא פון פאָרנט, אין יענעם טייל פון מענטשלעכן אָרגאַניזם, וואָס איז נישט אָנגענעם צו באַצייכענען מיט דעם פולן נאָמען אויף פּאַפּיר... „נאָר אויף אַזאַ אופן — זאָגט ער, וווצלי־פּוצ־לי — האָט ער ליב צו מאַכן אַן אַקט". און דאָך יעדעס מאָל איז ער פּאַרשווונדן נישט באַמערקט. עס גרוילט פון אים. דערצו שלעפּט ער זיך נאָך אַרום מיט פּראָסטיטוטקעס און מיט שיכורים. האָט סאָניע אייגנפּאַך מורא, ער זאָל נישט אויספּלאַפּלען, וווצלי־פּוצלי, אַלע סודות. און זי לאָזט אים נישט אַראָפּ פונם אויג. גייט אים נאָך פיס־טריט. אַ ליב שטיקל אַרבעט פּאַר סאָניע איזמיילאָוויטש...

## 10.

סוף־כל־סוף האָט זיך פּאַרט איינגעגעבן, קאַטיען, צו אַנט־לויפן פון דער מינסקער טורמע, און פון די נאָכיאָגער באַהאַלט

זי זיך אויס אויף דעם קלויסטער־פּלאַץ, אינדערזעלביקער מאַנסאַרדע, ווו די שוועסטער אירע גרייט זיך אומצוברענגען דעם מינסקער גובערנאַטאָר.

אייגנטלעך, וואָס קומט עס דאָ פאָר? וואָס איז עס פאַר א צייט, און וואָס זענען עס פאַר אַ מענטשן? דאַכט זיך, אַזוי איינפאַך, און דאָך נישט צו באַגרייפן און נישט צו באַנעמען.

נאַכט. אין דער קאָנספּיראַטיווער מאַנסאַרדע איז וואַרים, ליכטיק און יום־טובדיק אויסגעפּוצט. בלומען, אָרכידייען און היאַצינטן. קאַטיאַ זיצט אויף אַ בעט, די פיס אונטער זיך און דערציילט מעשיות פון טורמע. נישט קיין טראַגישע מעשיות פון געפאַנגענשאַפט דערציילט זי, נאָר זי מאָלט פאַרשידענע קאָמישע בילדלעך, וואָס עס פלעגט איר אויסקומען צו זען אויף דער פרייהייט, קוקנדיק אַהין דורך די אייזערנע קראַטעס. סאָניע גלעט זי, קאַטיען, און צערטלט, און דער לאַנגער פּוליכאָוו, אינם סטודענטישן מונדיר, רויכערט אַ ליולקע און זאָגט ווערטלעך. קאַטיע און פּוליכאָוו קאָנקורירן צווישן זיך אין שאַרפזיניקייט: איידער פּוליכאָוו ענדיקט זיין ווערטל שלאָגט אים שוין איבער קאַטיע מיט אירן אַן אַנעקדאָט, און אַזוי אומגעקערט, לוסטיקע יוגנטלעכע זאָרגלאָזיקייט.

עס איז גאָר, בעצם, בלויז אַן אויסדאַכטעניש, אַז קאַטיע איז אַן אנטלאָפענע אַרעסטאַנטין, וואָס באַהאַלט זיך בא סאָניען מיט פּוליכאָוון, וועלכע גרייטן זיך אַליין צו אַ מאָרד־פאַרברעכן. קאַטיע איז עס סתם אַזוי געקומען אין גאַסט צו איר שוועסטער און שוואָגער. פאַרברענגט מען, מאַכט מען זיך פריילעך.

עס גייט דורך אַזוי אַ שעה נאָך אַ שעה אין אָט דער פאַמיליענדיקער שטימונג. נאָר אינמיטן דערינען כאַפּט מען זיך, אַז עס איז שוין פּונקט צוויי אַ זייגער נאָך האַלבער נאַכט. קאַטיע שפּרינגט האַסטיק אַראָפּ פונם בעט און פעלצט זיך אָן אין אַ לאַנגן טוליפּ. זי צעקושט זיך שנעל מיט סאָניען און מיט פּוליכאָוון. באַלד דערהערט זיך דאָס הילכן פון אַ פור־גלעקל. סאָניע, פּוליכאָוו און איך, וואָס געפינען זיך דאָ אויך, בעת־מעשה, לאָזן זיך לויפן מיט קאַטיען אינדרויסן.

אַן אויסגעשטערנטע ליכטיקע נאַכט. דער קלויסטער־קופּאָל גלאַנצט פון לבנה־שיין. לעבן דעם קלויסטער — אַ פאַיעטאָן געשפּאַנט מיט דריי פערד. אויף דער קעלניע פונם פאַיעטאָן — אַ יונגער אָפיציר, אַלס שמייסער. איך קוק זיך איין אין דעם געזיכט פונם אָפיציר. — וווצלי־פּוצלי איז דאָך עס דערדאָזיקער שמייסער. עס באַווייזן זיך עטלעכע באַוואָפנטע נאַכט־וועכטער. עס רייטן דורך פאַרביי אַ פּאָר קאָזאַקן מיט פּיקעס. דער פאַיעטאָן אָבער מיט דעם אָפיציר רופן בײַ זיי נישט אַרויס קיין שום פאַרדאַכט. זיי סאַלוטירן נאָך אים אונטערטעניק, וווצלי־פּוצלין. קאַטיע שפּרינגט אַרויף אויף דער קעלניע און זעצט זיך אַוועק אַקסל צו אַקסל לעבן דעם אָפיציר. וווצלי־פּוצלי, אונטערפייפנדיק, גיט אַ צי די לייצעס. די „טראָיקע" לאָזט זיך אין וועג אַריין. און אין דער פּראָסטיקער לופט טראָגט זיך אַ ווייטע טרויעריקע שטים. דאָס איז קאַטיעס שטים. זי זינגט:

„דאָס לעצטע טאָגעלע פון ה־אַ־איינט
שפּאַציר איך מיט אייך, מיינע פריינט..."

11.

— „דאָס לעצטע טאָגעלע פון היינט — שפּאַציר איך מיט אייך, מיינע פריינט"...

ווי ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, איז דאָס לידעלע דעמאָלט געווען אין קאַטיעס מויל נישט סתם אַ סקאַרבאָווער פאָלקס־קופּלעט. אין דערדאָזיקער נאַכט, בעת זי איז אַנטרונען געוואָרן אונטער דער שוץ פון וווצלי־פּוצלי, האָט זי זיך עס טאַקע אויף אייביק צעזעגנט מיט דער שוועסטער. ווירקלעך: „דאָס לעצטע טאָגעלע פון היינט" געשפּאַצירט...

דאָס איז געווען אין עטלעכע טעג אַרום, אין אַ פרימאָרגן אויף דעמזעלביקן קלויסטער־פּלאַץ, פונוואַנען קאַטיע איז פאַרשווונדן אין דער טראָיקע — האָבן פּוליכאָוו און סאָניע אויסגעפירט זייער אָנגריף אויף דעם גענעראַל קורלאָוו, וואָס האָט געריטן אַרומגערינגלט מיט אַ זשאַנדאַרמען־עסקאַדראָן צו אַ גאָטעס־דינסט. פּוליכאָוו האָט געוואָרפן אַ באָמבע צו דעם גובערנאַטאָרס פיס און סאָניע

האָט אין אים געשאָסן פון אַ רעוואָלווער, פּאָליכאָווס באָמבע אָבער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שניי־גרוב און נישט עקספּלאָדירט און סאָניעס קויל איז אַוועק אָן אַ זייט און נישט געטראָפן. האָט מען זיי דערפאַר געמשפּט. פּאָליכאָוו איז אויפגעהאָנגען געוואָרן און סאָניע איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף אייביקער קאַטאָרגע און גלייכצייטיק האָט זי אויך באַקומען אַ ידיעה וועגן קאַטיען.

אַ טעלעגראַם אין אַלע צייטונגען פון אָדעס. אַ טעלעגראַם באַשטעטיקט פון דער רעגירונג:

„אַן אומבאַקאַנטע דאַמע האָט פּרובירט צו דערמאָרדן אין אָדעס דעם גענעראַל טשוכנין. צום גליק האָט זיך עס איר נישט איינגעגעבן. די פאַרברעכערין האָט גלייך באַקומען איר שטראָף אויף דער תליה. לויט אינפאָרמאַציעס פון זיכערע קוועלן, איז די פאַרברעכערין — אַן אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטין פון דער מינסקער טורמע. איר ריכטיקער נאָמען איז — יעקאַטערינאַ איזמיילאָוויטש“...

1927

# דער ערשטער רוסישער פּאַרלאַמענט

I.

דאָס איז שוין, דאַכט זיך, דורך עמיצן געזאָגט געוואָרן:
דער מאָדערנער אייראָפּעישער פּאַרלאַמענט איז אייגנט־לעך — אויסערלעך, אין דער פאָרם, הייסט עס — אין אַלע הינ־זיכטן, זייער ענלעך צו טעאַטער. פאַרשטייט זיך — צו גוט טעאַטער, לויט דעם ריינעם, קלאַסישן שעקספּירישן מוסטער.

די פאַרשטעלונגען (פּאַרלאַמענטאַרישע סעסיעס) — האַרמאָ־ניש אויסגעהאַלטן פונם אָנהייב ביז צו ענד. די פּערזאָנען (פּאַר־טיישע פראַקציעס) — יעדער האָט זיין באַשטימטע ראָל אינם גאַנג פונם שפּיל און באַנוצט נאָר אַזאַ שפּראַך, וואָס איז גענוי צוגע־פּאַסט צו דעררדאָזיקער ראָל. די מאָנאָלאָגן און דיאַלאָגן (דעפּוטאַטן־רעדעס) — געצילט צו דעם צענטראַלן פּונקט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. די דראַמאַטישע קאָנפליקטן (פּאַרלאַמענטאַרישע שטרייטן) — נישט סתם עפּעס צופעליקע קאַפּריזן, נאָר אַ צווינגנ־דער און דרינגנדער מוז, וואָס שטאַמט פון דער גאַנצער געגעבע־נער לאַגע. אויך ווי אינם ריכטיקן טעאַטער, וואָס האָט אַ רעכט צו טראָגן אויף זיך דעמדאָזיקן נאָמען (אגב, ווי בכלל אין דער קונסט) — איז דאָ — אינם מאָדערנעם אייראָפּעישן פּאַרלאַמענט — סטיל און אינהאַלט פעסט־געקייטלט צווישן אַנאַנד, פּונקט ווי עס פאָ־דערט זיך, אַז די געזעצן, וואָס ווערן דאָ פאַרפאַסט פאַר דער מדינה זאָלן זיין קאָנסטיטוציאָנעל, אַזוי זענען די געזעצגעבער גופא פאַר־פליכטעט צו באַנעמען זיך צווישן אַנאַנד פּאַרלאַמענטאַריש. דאָס געהערט צו דעם עצם פון דער זאַך, גלייך ווי די ביטיקע אוים־

שטאַטונג פון דער בינע, ווי דער נייטיקער גרים פאַר דעם שוי־שפּילער. און נאָך אַ סימן; ווי צום ביישפּיל האַמלעט און אָטעלאָ זענען געוועבט פון איין געוועב, כאָטש זיי זענען באַפאַרבט מיט אַזוי פיל פאַרשידענע קאָליריקע אוזאָרן, אַזוי איז דער מאָדערנער אייראָפּעישער פּאַרלאַמענט, בתוך דורכאויס איינהייטלעך, נישט גע־קוקט אויף דעם, וואָס ער איז צונויפגעשטעלט פון אַזאַ מאַזאַיִשן, ריכטיקער — צעשפּליטערטן מאַטעריאַל.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז עס געווען מיט דעם ערשטן רו־סישן פּאַרלאַמענט פונם יאָר 1906. דערדאָזיקער פּאַרלאַמענט איז נישט געווען קיין פלאַץ פאַר גאַנצע, פאַרענדיקטע פאָרשטעלונגען, נאָר פאַר מפּעקטאַקלען פון איינצלנע אָפּגעהאַקטע נומערן. אמת, פּיקאַנטע, עפעקטפולע נומערן, פונדעסטוועגן פאָרט בלויז נומערן.

אָט איין מאָמענט־בילדל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער צייט פונם ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט. אַזוינע בילד־לעך פלעגן זיך דאָ איבערחזרן טאָג־טעגלעך. דער עקסטרעם־רעוואָ־לוציאָנערער גרוזין ראַמאַשווילי לייענט פאָר פון דער טריבונע דעם פּראָגראַם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דאָס נעמט פיל צייט, אַ לאַנגע מגילה און דערביי — שטרייכט ער אונ־טער, דער לייענער, יעדעס וואָרט. בעת מעשה שטייט דער מעסיק־ליבעראַלער גראַף היידען אויף די פיס און, האַלטנדיק זיך מיט די שפּיץ־פינגער אָן די אויערן־לעפּלעך, קערט ער נישט אָפּ אַזש אויף אַ סעקונדע די אויגן פון דעם עקזאַלטירטן רעדנער.

סאַראַ קאָנטראַסט צווישן זיי ביידע.

דער גרוזין ראַמאַשווילי זעט אויס, ווי אַ „קאַטאָרזשניק”:

איין העלפט קאָפּ און באָרד — די רעכטע — שוואַרץ און די צווייטע העלפט פונם קאָפּ און באָרד — די לינקע — ווייס, וואָס קוקט אויס פונדערווייטנס, ווי אָפּגעגאָלט. ער זשעסטיקולירט שטאַרק. נאָר די זשעסטן זענען עפּעס, ווי פון אַ געפּענטעטן אין קייטן.

אין דער גראַף היידען — אַ טיפּיש האָלענדישער אַריסטאָקראַט. ער איז הויך אין וווקס. דידאָזיקע הויכקייט אָבער שטאַמט נישט פון דער גאַנצער פיזישער קאָמפּלעקציע זיינער, נאָר פון די פיס, וואָס זענען אפשר צוויי מאָל אַזוי די לענג, ווי די אייבערשטע טייל

פון זיין קערפּער. די אַקסלען שטאַרצן, ווי ער וואָלט געווען איינ־געשנורעוועט אין אַ גאָרסעט. דער קאָפּ — שפּיציק. די וואָנסעס אָפּגעראַזירט און אַ גרויע באָרד, וואָס הענגט אינדערלופטן, ווי צוגעקלעבט.

אינמיטן דערינען הייבט ער אָן צו סקאַנדאַלעווען, דערדאָ־זיקער אַריסטאָקראַט. ווען דער גרוזין ראַמאַשווילי, ציטירנדיק האַסטיק מאַרקסן, ענגעלסן און דעם ערפורטער פּראָגראַם פון די דייטשע סאָציאַליסטן — רופט אויס ענדלעך זיין פאָדערונג צו „פאַרגעזעלשאַפטלעכן דאָס פּריוואַטע אייגנטום אין גאַנץ רוס־לאַנד" — פאַרשטעלט ער, דער גראַף היידען, מיט די דלאָ־ניעס זיינע אויערן און מיט דער שטים פון אַ נאַכט־וועכטער, ברומט ער צעצויגן, ווענדנדיק זיך צו דעם רעדנער אויף דער טריבונע:

— יאַ וואַס ניע סלו־ו־ו־שאַיו! ... יאַ וואַס ניע סלו־ו־ו־שאַיו! ... (איך הע־ער אייך נישט! ... איך הע־ער אייך נישט! ...)

דער „גרוזינער קאַטאָרזשניק" אָבער קימערט זיך נישט, ווי עס ווייזט אויס, וואָס דער האָלענדישער אַריסטאָקראַט איז נישט אויפגעלייגט אויסצוהערן אים. ער זעצט פאָר, מיט דערזעלביקער רויקער אומרויקייט די דעקלאַראַציע זיינע:

— דאָס הייסט — דערקלערט ער, ראַמאַשווילי, ציילנדיק אויף די פינגער — צו סאָציאַליזירן די פאַבריקן, די וועלדער, די טייכן...

דער גראַף היידען איז נאָך מער צערייצט. עפּעס, ווי דער „גאָרסעט" וואָלט אויף אים געפּלאַצט. ער פאַרלירט אינגאַנצן דאָס גלייכגעוויכט:

— מאַקסים מאַקסימיטש! ... מען קאָן דאָך דאָ דערשטיקט ווערן פון דעם אָריענטאַלישן קאָשמאַר! ... — שרייט ער אויס אויפן קול צו דעם פּראָפעסאָר מאַקסים קאָוואַלעווסקי.

נאָר דער שווערער, דיקער פּראָפעסאָר מאַקסים קאָוואַלעוו־סקי ענטפערט אָפּ אויף דעמדאָזיקן גראַפישן אויסגעשריי בלויז מיט אַ שמייכל, אָן ווערטער.

איז דער גראַף היידען אַזוי אויסער זיך פון דעם, וואָס אפילו אַזאַ פערזאָן, ווי מאַקסימיטש מאַקסימיטש צייגט נישט אַרויס צו אים קיין קאָנקרעט מיטגעפיל, אַז ער פאַרלאָזט אַזש גרימצאָרנדיק דעם זאַל. זיין גרימצאָרן דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס ער פאַרלאָזט דעם זאַל, שאַרנדיק זיך לאַנגזאַם אויף הינטער. און שאַרנדיק זיך אַזוי, האַלט ער אין איין ליאַרמען צו דעם נאָך אַלץ רעדנדיקן גרוזינער:

— יאַ וואָס ביע סלו-ו-ו-שאַיו!... יאַ וואָס ביע סלו-ו-ו-שאַיו!... (איך הע-ער אייך נישט!... איך הע-ער אייך נישט!...).

היינט אַזאַ ספּעציעלער און שטענדיקער „נומער", ווי די פּויערים-דעפּוטאַטן.

זיי זיצן דאָ, אינם פּאַרלאַמענט, אין העמדלעך-קאָסאָוואָראָט-קעס אַריבער די הויזן. די אויבער-בגדים זייערע, די געוועהנטלעכע סוויטקעס, הענגען אויף די גאָלדענע לוסטרעס. אויף די פּאַרשי-דענע דומע-געשעענישן רעאַגירן זיי, די פּויערים, מערסטנטייל, נישט מיט ווערטער, נאָר מיט קלאַנגען. — כסדר „בו" און "הו". זיי האָבן דאָ דעם אָנבליק פון פּאַרמאַסקירטע סטאַ-טיסטן, וואָס שטעלן פאָר דאָס פאָלק, דעם „המון", אויף אַ פּרי-צישן באַל.

און צווישן דידאָזיקע פּויערים איז עס אַ שטענדיקער אַריינ-גייער דער פּעטערבורגער דעפּוטאַט נאַבאָקאָוו, וואָס איז באַרימט צווישן דער רוסישער אינטעליגענץ אַלס אָנגעזעענער קאָנסטיטוציאָ-נאַליסט און ליידנשאַפטלעכער אַנגלאָפיל, נאָכאַנאַנד ער — נאַבאָ-קאָוו דער אַריסטאָקראַט, דער זון פונם געוועזענעם יוסטיץ-מיניס-טער — שפּאַצירט אַרום מיט זיי, מיט די פּויערים, געאָרעמט אינם גאָרטן פונם טאַווריטשן פּאַלאַץ און פאָטאָגראַפירט זיך מיט זיי צוזאַמען.

דאָס איז אָבער, אייגנטלעך, אויך בלויז אַ „נומער".

נישט מחמת זיין ליבע צום רוסישן המון פריינדלט זיך עס אַזוי נאַבאָקאָוו מיט די פּויערים-דעפּוטאַטן, נאָר צוליב זיין אַנגלאָ-פילישער אידעע. ער איז פערזענלעך דורכגעדרונגען מיט אַ באַ-שטימטער מיסיע — איינצופלאַנצן אין דער רוסישער דומע די ענג-

לישע פאַרלאַמענטאַרישע זיטן. דאָס פירט ער דורך מיט די רוסישע פויערים אַ ראָל פון די ענגלישע טאָריס און וויגיס, וואָס נאָך אַ העפטיקן פּאָליטישן שטרייט לאָזט מען זיך ארויס צוזאַמען שפּילן גאָלף, אָדער טעניס...

2.

נאָר אפילו אין אַזאַ כמעט וואָדעווילישער פאָרם האָט ער זיך אויך לאַנג נישט געהאַלטן, דער ערשטער רוסישער פאַרלאַמענט. דאָס איז געווען אַן אַנגאַזשמענט בלויז אויף אַ פּאָר וואָכן. די אַזוי גערופענע „היסטאָרישע מאַכט" פון דער מדינה האָט פלוצלינג איבערגעריסן דעמדאָזיקן שפּיל אינדערמיט און אינגאַנצן אַרונטערגעלאָזט די פאָרהאַנג.

פאַרצייכן איך דאָ, אגב, ווי אַזוי דאָס פּובליקום פון דער רעזידענץ האָט זיך אין דער עפנטלעכקייט אָפּגערופן אויף אָט דעם אַקט תיכף נאָכדעם, ווי ער האָט פּאַסירט. איך פאַרצייכן עס פּינקטלעך, נאַטוראַליסטיש, אָדער בעסער געזאָגט — פאָטאָגראַפיש, אַזוי ווי איך האָב עס געזען אין דעמדאָזיקן מאָמענט מיט מײַנע אויגן.

פּעטערבורג. פרילינג, שפּעט נאַכט. ווייס, לויטער. נעווסקי=פראָספעקט — דער צענטער פון דער צאַרישער הויפּט=שטאָדט איז, ווי שטענדיק אין אָט דער צייט, געפּאַקט מיט מענער פון אַלע שטאַנדן און מיט פרויען פון אַלע סאָרטן. דער טראָטואַר, ווו עס געפינט זיך דער אַניטשקין=פּאַלאַץ — מיט סאָלידע אינטעליגענטן, גוואַרדייישע אָפיצירן, דעמי=מאָנד=מעטרעסעס, און אַנטקייגן — אויף דעם צווייטן טראָטואַר — קליינע באַאַמטע, אינפאַנטעריע=פּראָפּאָרשטשיקעס, אייגפאַכע פּראָסטיטוטקעס.

אינמיטן דערינען דערגרייכט דאָ די ידיעה, אַז, לויט אַ דעקרעט פונם צאַר, עקזיסטירט זי שוין מער נישט, די דומע, דאָס נייס דאָסדאָזיקע קומט פון פּאָליציי=לייט, וואָס באַפעלן פלוצלינג די הויז=וועכטערס פונאַנדערצועפענען די טויערן. און גלייכצייטיק — מאַרשירן אַריין אין די הויפן זשאַנדאַרמען און סאָל=

דאַטן, אום צו באַשיצן פּעטערבורג פון פּאָליטישע דעמאָנסטראַצ־יעס און אפשר אַזש פון בלוטיקע אויפשטאַנדן.

ווירקן זיי טאַקע די שטרענגע מיטלען: דאָס פּובליקום לאָזט זיך לויפן פון דעם רייכן טראָטואַר אויף דראָזשקעס, און פון דעם „באַלעבאַטישן" — צופוס. ממש אַ שרעק באַפאַלט דאָ אַלעמען: עס גייען דורך בלויז אַ פּאָר סעקונדן, און פונם אומענדלעכן מענטשן־ים, וואָס פאַרפלייצט דעם נעווסקי־פּראָספּעקט, פאַרבלייבט דאָ בלויז אַ כאַפּטע פּראָסטיטוטקעס, צווישן פושקינסקע און ליטיינע, און מיט זיי, אַ קליין, צעקנייטשט מענטשל פון אַ יאָר זעכציק מיט אַ גרוי־ציגן־בערדל, געקליידט אין דער אוניפאָרם פון אַ באַאַמטן אין בילדונגס־מיניסטעריום.

נישט געקוקט אויף דערדאָזיקער פּאַניק, פירט ער רויק און מיט אַ חשבון, אָט דער פאַרשוין, אונטערהאַנדלונגען מיט אַ דיקער פּויערטע אין אַ רויטן סאַראַפאַן. די אונטערהאַנדלונגען, — גע־שעפטסלעכע, מאַטעריעלע:

— דאָס איז שוין באַ מיר אַ פּרייז אַזאַ... — טענהט דער אַלטיטשקער באַאַמטער. — באַטאָג צי באַנאַכט, נאָר מער פון אַ רובל צאָל איך קיינמאָל נישט... און מיינס אַ וואָרט איז גע־גליכן צו אַ פעלז!... — דערקלערט ער סאָליד, מיט שטאָלץ.

— נו, וואָס איז מיט דיר, פאָטערל?... קאָן מען דען איינ־שטעלן איין פּרייז פאַר אַלעמען? — דינגט זי זיך, די דיקע פּויער־טע אינם רויטן סאַראַפאַן. — איך מיין, — דערווייזט זי זאַכ־לעך, — אַז עסן דאַרף מען, אַ בעט דאַרף מען, און האַלטן זיך, אַז דיין ווילגעבוירן זאָל גוט שמעקן — קאָסט אויך נישט ביליק...

נאָר דאָס מענטשל אין דעם אוניפאָרם איז טאַקע איינגע־שפּאַרט גאָר, ווי אַ פעלז: עס איז נישט צו רירן אים.

— איך האָב נישט ליב, ציפּאָטשקאַ, אַז מען שוועבט צו הויך!... — בייזערט ער זיך. — וואָס מיינסטו, עפּעס אַ גימנאַ־זיסטל האָסטו אָנגעטראָפן? איך האָב אַ געזעצלעך ווייב מיט קינ־דער אויפן קאַרק און בין נישט אימשטאַנד צו טראַנזשירן מיט

אַסיגנאַציעס... — שטעלט ער איך אַרויס זיין אייגענעם רע־כענונג.

— נו, זאָל שוין זיין, פּאָטערל, אַ רובל מיט אַ האַלבן!... — גיט זי נאָך, די פּויערטע. — אָט קוק, שפּייזער מיינער, סאַראַ ציכציקע מאַטעריע... — רופט זי זיך אָפּ און שפּרייט אויס די־ העגט אינדערנהייך, כּדי דער צעקנייטשטער באַאַמטער פון ביל־דונגס־מיניסטעריום זאָל האָבן די מעגלעכקייט פריי און ברייט צו באַטראַכטן איר קערפּער פון אַלע זייטן...

—נו, זאָל שוין זיין אַ רובל מיט אַ פערטל!... — שטימט ער איין אָנגערונצלט, דער קאַרגער בעל־עבירה.

ערשט עס שפּרינגט אָן אַ קאָזאַקן-עסקאַדראָן-רייטנדיק אויף פערד, און דער אַלטיטשקער האָט חרטה אויף דעם געשעפט וואָס ער האָט אָקאָרשט געשלאָסן. ער ציטערט:

— דו האָב קיין פאַריבל נישט אויף מיר, קראַליאַ מיינע!... נישט קיין נאַכט היינט פאַר ראָמאַנסן!... — צעזיפצט ער זיך. — עך, די קאָנסטיטוציעס, די קאָנסטיטוציעס!... – שאָקלט ער מע־לאַנכאָליש מיט דעם קאָפּ. און שנעל־שנעל, קייקלענדיק זיך, ווי אַ פּעסעלע אַראָפּ באַרג, טראָגט ער זיך אָפּ פונדאַנען.

— וואַרט אויס, דו אַלטער באַרבאָס!... קומסטו נאָך אַמאָל — וועל איך דיך אָפּבריען מיט סמאָלע!... — שרייט אים נאָך, דעם אַנטלאָפענעם, די דיקע פּויערטע. — אַ הונט אָן ציין, און עס ווילט זיך אים נאָך האַווקען!... — זידלט זי זיך...

אויף דערדאָזיקער גאַסנפרוי קוקנדיק, צעבונטעוען זיך אויך די איבעריקע פּראָסטיטוטקעס: אַ היסטערישע וואַקכאַנאַליע.

— דאָס איז אַלץ דורך די פּאַראַאָנען!... זיי האָבן עס איצט אַלע מאַנסבילן, צום טייוולס מאַמען, פּאַרטריבן צו זייערע גע־זעצלעכע זשאַבעס!... — שרייען זיי געוואַלט, די פּראָסטיטוטקעס, אַלע צוזאַמען אין איין קול, און בראָנעווען און האַרמידערן. זיי בראַזגען מיט שטעקנס און מיט אייזן אין די טויערן פון די היי־זער, אין די טירן פון די קראָמען, באַגלייטנדיק יעדן קלאַפּ מיט סעקסועלע „נבול־פּה"-אויסדריקן.

די אָרדנונג־שיצער וואַרפן זיך אַרויף אויף אָט די צעווילדע־

וועטע גאַסנפּרויען, אום איינצושטילן זיי. דאָס קומט זיי אָבער אָן נישט אַזוי לייכט. קריגעריש און קוויטשענדיק שטעלן זיך די פּראָס־טיטוטקעס אַנטקעגן. צווישן ביידע צדדים ברעכט־אויס אַ ריכטיקע באַטאַליע. די פּראָסטיטוטקעס קלאַמערן זיך אָן די כאָלעוועס פון די פּאָליציייִשע שטיוול און די פּאָליציי־לייט פּאַסעווען זיי מיט בייטשן איבער די לייבער...

און אָט די באַטאַליע איז עס, אייגנטלעך, דער איינציקער עפנטלעכער שטרייט צווישן פאָלק און רעגירונג, אינם הויפּט־צענ־טער פון דער רעזידענץ־שטאָט — אויף נעווסקי־פּראָספּעקט — אין דער היסטאָרישער נאַכט, וואָס דער ערשטער רוסישער פּאַר־לאַמענט איז אומגעקומען...

3.

סצענעס, וואָס דערמאַנען אָן טאָלסטאָיס בילדער אין „קריג און פרידן", בעת עס קומט פאָר די אויסוואַנדערונג פון מאָסקווע, נאָכדעם ווי קוטוזאָוו האָט אָפּגעטרעטן פאַר נאַפּאָלעאָנען.

די דעפּוטאַטן פאַרלאָזן פּעטערבורג. זיי גייען אַלע קיין פינ־לאַנד, קיין וויבאָרג, אום צו באַראַטן זיך דאָרטן וועגן דעם, ווי אַזוי זיי זאָלן איצט האַנדלען. און נאָך זיי, נאָך די עקס־דעפּוטאַטן, מאַרשירט עס די גאַנצע ליבעראַלע געזעלשאַפט פון דער רעזידענץ און פון די שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען נאָענט צו פּעטער־בורג. פּראָפעסאָרן, סטודענטן, שריפטשטעלער און אויך ראַדיקאַלן, רעוואָלוציאָנערן, אומלעגאַלע און לעגאַלע, מערסטנטייל עס־ערן.

צווישן די לעצטע געפינט זיך עס ש. ז. אַנ־סקי, וואָס נעמט אויך מיך מיט זיך. אַ דאַנק אים, דעםליבן און גוטן אַנ־סקין, פאַר זיין חסד, וואָס ער טוט מיט מיר!

אמת: ער האָט דאָ, אין דערדאָזיקער התקרבות, וואָס ער ווייזט אַרויס צו מיר, אויך אַ געוויסע פּערזענלעכע פּניה. פינלאַנד איז איצט באַלאַגערט מיט רוסישע שפּיאָנען, וואָס קאָנטראָלירן דעם מינדסטן טריט פון יעדן דורכפאָרער און דורכגייער. דעריבער, כדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט, פילגערט ער עס מיט מיר צו־

זאַמען, אַנ־סקי. זאַלבעניאַנד זעען מיר אויס, ווי טאַטע און מינדער־יעריקער זון, וואָס רייזן צו דעם וואַסערפאַל אויף דער אימאַטרע, אָדער אין אַ קור־אָרט. מיט מיר אינײנעם איזער זיכערער, אַנ־סקי. מיין יינגלשקייט איז פאַר אים איצט אַ שוץ־מיטל.

נאָר מילא! וואָס אַנ־סקי זאָל דאָ נישט אויסן זיין — אַבי פאָרט איך פאָר מיט אים איבער פינלאַנד. די נסיעה איז דאָך איצט אַזוי אינטערעסאַנט, אַזוי אַמוזירנד און באַלערנד.

אָט צווישן טעריאָקי און ראַיוואָלאַ, אינם וואַגאָן, אַנ־סקי און איך זענען דאָ די איינציקע, אַזוי צו זאָגן, „ציווילע". אַלע איבעריקע — פויערים־פאַרלאַמענטאַריער, וואָס זופּן אָנגערונצלט און אָנגעשטרענגט בראָנפן פון אַ דריי־קוואָרטיקער פלאַש, איבערגעבנדיק פאָרזיכטיק און יושרדיק דידאָזיקע פלאַש פון האַנט צו האַנט...

איינער פון די פלייסיקסטע טרינקער, וואָס האַלט לענגער, ווי ווער עס איז, דאָס העלזל פונם פלאַש צווישן די ציין, איז עס דער לינקער פּאָפּ אַפּאַנאַסיעוו, דער ראַדיקאַלער דעפּוטאַט פון די דאָנער קאָזאַקן, אַ פעסט־געבויטער ברונעט אין דעם גלחישן באַלאַכאָן און מיט אַ לאַנגן און ברייטן זילבערנעם צלם אויף דער ברוסט.

שיכורערהייט ברומט ער, דער רעוואָלוציאָנערער גלח:

— כאָטש אַ פּאָפּ, אַ פּריסטער, אַזוי צו זאָגן, בײַ דעם אַלטאַר... דאָך, ווען גאָט העלפט און עס טרעפט זיך מיר דאָ אָן דער מיניסטער סטאָליפּין, — וואָלט איך אים גלייך געמאַכט טיק טשירירק מיט דעם קרייץ איבער דעם גאָרגל...

און צו אַנ־סקין ווענדט ער זיך, דערדאָזיקער פּאָפּ צפּאַנאַסיעוו, אָנווייזנדיק אויף מיר מיט אַ ברייטן זשעסט, ווי ווײַרויכנדיק מיט אַ בשמימניק אין צערקווע:

— און דו, „באַרין" (פריץ), שטודיר איין מיט דעם „מאַלטשוגאַן" (בחורעץ) מיט דײַנעם, אַז עס איז אַ זינד, אַ גרויסע זינד, אַן אומפאַרגעבלעכע זינד צו פאַרשטעקן די נאָזלעכער פון דעם עפּוש, וואָס ווייעט איבער אונזער פאָטערלאַנד... פאַר אַ ריכטיקן בירגער דאַרף דערדאָזיקער גערוך זיין זיסער פון האָניק און אָנגענעמער פון קרעניצע־וואַסער... אַ פאַרשטונקען פאָלק זענען מיר, די רוסן! — פּריידיקט ער, נישט אָפּשטעלנדיק זיך. — מיט דעם —

זאָגט ער, — שטאָלצירן מיר פאַר לייטן אויף דער וועלט און וועלן שטאָלצירן פאַר גאָט אויף יענער וועלט...

די אויסדערוויילטע פאָלקס-שליחים, די פויערים-דעפוטאַטן, באַלעקן זיך אַזש מיט דידאָזיקע רייד.

— ריכטיקע ווערטער, פאָטערל!... וואָרהאַפטיקע ווערטער, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געלאָזט הערן דורך דונערן און בליצן פון סיני דעם באַרג!... — אַפּלאָדירן זיי דעם ראַדיקאַלן גלח. — ווערטער, ווי פון שמאַראַגדן אויסגעטאָקט, כאָטש באַציר מיט זיי די הייליקע גאָטס-געוויינערין... דו פאָטערל, — זאָגן זיי, — האָסט דאָ אָנגעטאַפּט דעם סאַמע רוקנביין פון אונזער אימפעריע... אין איין וואָרט, באַטושקאַ. אַלץ און אויף אייביק אויסגעדריקט... אָט דאָס הייסט טאַקע — זיין קלוג... „פאַרשטונקענע זענען מיר...“ דאָס איז דאָך ריכטיק, ווי גאָט איז אמת... — קאָנען זיי זיך נישט גענוג אָנלויבן, דידאָזיקע דאָרפישע פאַרלאַמענטאַריער, דעם פּאָפּ אַפּאַנאַסיעוויס פילאָזאָפיע וועגן רוסלאַנד.

און פונקט, ווי לויט אַ סיגנאַל, פאַלן זיי, די באַזויפענע פויערים און דער שיכורער פּאָפּ, אויף די קני, און צלמענדיק זיך, זינגען זיי אין אַ כאָר-געבעט:

— אַלמעכטיקער!... באַד-אויס אין בלוט, לייטער-אויס אין פייער דאָס פאַרשמוצטע רוסלאַנד!...

---

דאָ האַקט זי זיך אָפּ דידאָזיקע רייזע מיינע.

אין ראַיוואָלאַ קומט אַריין צו אונז אין וואַגאָן אַ הויכער און דאַרער מאַן אין די מיטעלע יאָרן, געקליידט אינם סטיל פון אַ פּראָפעסיאָנעלן טעניס-שפּילער, מיט אַ מאָנאָקל אויף דעם לינקן אויג, און אויף זיין קאָפּ — אַ שטרויענער פּאַנאַמע-הוט. בעת ער קומט אַריין, אָט דער מאַן, שטייען נאָך די פויערים און דער פּאָפּ געקניט און זענען מתפּלל פאַר הריגות און פאַר שריפות אין רוסלאַנד. דער אַריינגעקומענער קוקט אָן צודרינגנד אַנ-סקין, און לאָזט זיך שפּרייזן אויף צוריק, כאָטש דער צוג איז שוין אין פולן גאַנג. אַנ-סקי הייבט זיך אויף פונעם פּלאַץ און שפּאַנט אים נאָך, דעמדאָזיקן מאַן. איך

האַלט זיך אָן אַנ־סקין. אינדרויסן, אויף דער אָפענער פּלאַטפאָרמע, שטעלן מיר זיך אָפּ זאַלבעדריט. צווישן אַנסקין און דעם טעניס־שפּילער פאַרבינדט זיך אַ שמועס. די שעפּטשען געהיים צווישן זיך. איך רוק זיך אָפּ אין אַ זייט. באַלד רופט מיך צו אַנ־סקי, ווינקענדיק. און דער היכער מאַן אין דער פּאַנאַמע באַפעלט מיר לאַקאָניש און שטרענג:

— אין צוויי מינוט אַרום שטעלט זיך אָפּ דער צוג. פונדאַנען פאָרט מען קיין טעריאָקי! אין טעריאָקי זוך אויס די פּאָסט. לעבן דער פּאָסט געפינט זיך אַ קליין שטיבעלע מיט צוויי פענצטער צו דער גאַס... איין פענצטער איז באַדעקט מיט אַ גרינער פאָרהאַנג און דאָס צווייטע — מיט אַ ווייסער. גיי אַריין אין דעם שטיבעלע נישט אָנקלאַפּנדיק. דאָ וועסטו באַגעגענען אַן אַלטע פינישע פרוי. בײַ דערדאָזיקער פרוי זאָלסטו זיך פרעגן אויף דעם „זיידן". וועט צו דיר אַרויסקו‥ען אַן אַלטער מאַן. זאָלסטו זאָגן צו אָט דעם אַלטן מאַן:

„די כוואַליעס הייבן זיך, און דער לייכט־טורעם איז אויסגעלאָשן..."

4.

טו איך אַזוי ווי מיר איז פאַרזאָגט געוואָרן פון דעמדאָזיקן מאַן. פינקטלעך פיר איך אויס די שליחות, וואָס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן.

אָט, איך געפין זיך שוין אין טעריאָקי, אינם שטיבעלע, לויט די אָנגעגעבענע סימנים. און איך שטיי געזיכט צו געזיכט מיט דעם „זיידן", וועמען איך דאַרף עס ראַפּאָרטירן דעם געהיימען פּאַראָל.

דער געפונענער „זיידע" אָבער, מאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק, אַז מיר איז שווער צו פאַרטרויען אים סודות.

אַ קרעפּטיקער, ברייטביינערדיקער ייד, אַ זקן, אין שטעקשיך, אין אַ ווייסן כאַלאַט און מיט אַ לאַנגער און ברייטער געכוואָטעטער באָרד. דאָס פּנים זיינס גלאַנצט, ווי נאָך אַ באָד מיט אַ געשמאַקן מאַלצייט. די תנועות און דער גאַנג — עפּעס, ווי פון אַ

פאַרצייטיקן שטעטלדיקן תּקיף — אַ וואָכערניק און בעל־קאָראָבּ־קע, — וואָס פֿרעגלט זיך אין פֿעטער זאַטקייט און פֿירט גאַנץ קהל פֿאַר דער נאָז

איך קאָן מיר נישט אויסמאָלן, וואָס פֿאַר אַ שייכות קאָן האָבּן אַזאַ סאָרט ייד — אַ טיפּ פֿון אַן אַלטן פּראַקצענטניק — צו דער מיסיע, וואָס מיר איז פּאַרטרויט געוואָרן אַ דאַנק אַן־סקיס רעקאָמענדאַציע. דאָך האַלט איך זיך בּאַ דער דיסציפּלין פֿון אַ בּאַגלייבטן שליח. איך זאָג פֿאַר אים אָפּ, פֿאַר דעם אומסימפּאַטישן אַלטן, דעם שפּרוך, וואָס איז מיר אין מויל אַריינגעלייגט געוואָרן:

— די כוואַליעס הייבּן זיך און דער לייכט־טורעם איז אויס־געלאָשן!... — אינפּאָרמיר איך אים אונטערטעניק, ווי אַ סאָלדאַט.

נאָר דערדאָזיקער אַלטער איז עפּעס ווי אומצופרידן פֿון מיין שפּרוך: אָנשטאָט צו ענטפֿערן מיר מיט ווערטלעכע אויסדריקן — „בּורטשעט" ער אויס בּייז אַ פּאָר אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען. און תּיכּף נאָכדעם, ווי ער „בּורטשעט" זיך אָפּ — שטופּט ער מיך כּמעט אַרויס דורך דער טיר, נישט געזעגענענדיק זיך מיט מיר און אפילו נישט אָנקוקנדיק מיך...

---

האָבּ איך דערנאָך טענות צו אַן־סקין. איך קלאָג זיך פֿאַר אים אויף דעם אָפּשניט, וואָס איך האָבּ געכאַפּט אין מיין שליחות־און דערצייל אים וועגן דעם רושם, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דער פֿאַרבּאָרגענער אַלטער.

שמייכלט אַנסקי און ער רוימט מיר איין אויפן אויער:

— פֿאַרצייכנט זיך בּעסער די דאַטע!... ווען־עס־איז וועט איר קאָנען זאָגן אויף זיך: „איך בּין עס דער און דער, וואָס איז געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט דעם מאַן, וואָס איז נישט בּלויז אין געדאַנק, נאָר אויך אין יאָרן די לעבּעדיקע פֿאַרקערפּערונג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע אין אַלע אירע סטאַדיען און עטאַפּן, אָנהייבּנדיק נאָך פֿון די זעכציקער יאָרן פֿונם פֿאַריקן יאָרהונדערט..."

דערבּיי בּאַמערק איך, אַ אַן־סקי פֿאַרהאַלט זיך צו דעמדאָזיקן

זקן נישט ווי צו אַ לעבעדיקער פּערזאָן, נאָר ווי צו אַ סימבאָלישן אויסדרוק פון אַ באַשטימטער אידעע.

— יאָ, — זאָגט אַנסקי מעלאַנכאָליש, — דאָס איז שוין די טבע פון רעוואָלוציעס... רעוואָלוציעס זויגן אויס תמיד פון דיר אַלץ, וואָס זיי קאָנען, נישט אַרויסווייזנדיק צו דיר, כאָטש פון יוצא-וועגן, קיין פריינטלעכע מינע...

5.

ערשט מיט פיל, פיל יאָרן שפּעטער האָב איך זיך עס דערוווסט, ווער דאָס איז געווען דער „מיטליעריקער טעניס-שפּילער" און ווער — דער „אַלטער פּראָצענטניק".

דער ערשטער איז עס געווען — דער מיטגליד פונם עסערישן צענטראַל-קאָמיטעט — טוטשקאָוו. און דער צווייטער — מאַרק אַנדרייעוויטש נאַטאַנסאָן.

די שליחות מיינע איז געווען פאַרבונדן מיט דעם סוועאַבאָרגער מאַטראָסן-אויפשטאַנד, וואָס דער „אַלטער" (לויט זיין צונעמעניש אין דער פּאַרטיי) האָט אָנגעפירט פון זיין באַהעלטעניש אין טעריאָקי, אינם שטיבעלע מיט די צוויי פענצטער לעבן דער פּאָסט.

דערדאָזיקער מיליטערישער אויפשטאַנד איז עס געווען אַן ענטפער דעם רוסישן צאַר גלייך נאָכדעם, ווי עס איז צעטריבן געוואָרן דער ערשטער רוסישער פּאַרלאַמענט.

טיילווייז, דעם „אַלטנס", מאַרק נאַטאַנסאָנס, פּערזענלעכער ענטפער...

1928

# די טראַגעדיע פון אַ דענקער
## (ג. פּלעכאַנאָוו)

מיט עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט האָט עס פּלעכאַנאָוו אַליין דערציילט מיט אַ ווייטיק אין האַרץ, אָט די געשיכטע:

אין אַ פּאָר טעג אַרום, נאָך דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אין אַ מיאוסן בלאָטיקן און פינצטער־האַרבסטיקן פעטערבורגער פרימאָרגן, האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין דירה אַ חברה באַוואָפנטע מאַטראָסן מיט אַ שטרענגן באַזוך, און נישט דורכ־לאָזנדיק ממש אפילו אַ שפּאַרונקע נישט אויסגעלופטערט, האָבן זיי נאָך אויך אים אַליין חוקר ודורש געווען, גאָר לויטן אַלט־פרענ־קישן זשאַנדאַרם־שטייגער פון די אַמאָליקע צאַרישע צייטן — מיט אויסגעשטרעקטע אַנגעלאָדענע רעוואָלווערן אין די הענט...

פון אָנהייב כמעט אפילו נישט נתפּעל געוואָרן.

„לופטערער" פון פרעמדע חפצים — זשאַנדאַרמען, הגם אין אַ נייעם גלגול, — פאַר אַ רוסישן מענטש קיין נייס נישט אין אַלע צייטן... געשטאַנען אָן אַ זייט און שווייגנדיק באַטראַכט דעם עולם. נאָר שטייענדיק אַזוי, אין זייערע אויגן אַריינגעקוקט, און דער אַלטער געלערנטער און פּאָליטיקער איז געבליבן ווי אַ צעמישטער: כשרע, אומשולדיקע פּאָלקס־פּנימער דערזען...

און ער האָט שוין געפּרוווט בכיוון פאַרבינדן מיט זיי אַ היימלעכן שמועס:

— חברים!... — זאָגט ער האַרציק צו זיי — דערקלערט מיר: פאַר וואָסערע זינד רודפט איר מיך אַזוי?... מיין גאַנץ לעבן, פון די יונגע יאָרן אָן ביז איצט, האָב איך דאָך אָפּגעגעבן פאַרן ווויל פון פאָלק... אדרבא, דערקלערט מיר!

— פאַר וואָסערע זינד ?... — רופט זיך אָפּ עפּעס אַ מאָט־ראָס, אַ פריילעך בחורל, און שטעלט זיך פאָרויס. — די פרעגס טנאָך: „פאַר וואָסערע זינד" ?... עך אַלטער, דו אַלטער. שעמען מעגסטו זיך. שטייענדיק שוין מיט איין פוס אין קבר, האָסטו זיך נישט געקאָנט איינ־האַלטן און צוליב געלט דיין ריין געוויסן געפּעלשט... פאַרקויפט זיך צו די, וואָס זויגן אונזער בלוט, צו די פּריצים און צו די גבירים... מיט זיך אין גרוב וועסטו נעמען די גאָלדענע אוצרות ?...

און אָט אויף דעם „מוסר" האָט שוין פלעכאַנאָוו אפילו מיט אַ האַלב וואָרט נישט געענטפערט: וואָס איז די פּעולה פון רעדן ?...

הכנעהדיק דעם אַלטן קאָפּ אַראָפּגענייגט און מיט אַ שווער געמיט בלויז צו זיך אַליין געמורמלט:

„הייליקע פּשטות!... אומשולדיקע נשמות!... פאַרפירט געבען... פאַרפירט"!

---

עס איז אייגנטלעך נישט גאָר שווער צו באַנעמען, ווי גרוילנ־דיק עס איז אָט דער עפּיזאָד:

אָט האָט אַ מענטש טאַקע זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן פאַרן ווויל און גליק פון פאָלק, העכער ווי פערציק יאָר, און פּלוצלינג, שוין פאַרן טויט, אגב, קומט צו גיין דאָס פאָלק גופא, דאָס כשרע ערלעכע פאָלק, דער טרוים פון זיין גאַנץ לעבן און שפּייט עפּעס, ווי לשם־מצוה, אין פּנים אַריין און באַשמוצט מיט די ברודיקסטע בלבולים.

אַזוינע עפּיזאָדן אָבער וואַלגערן זיך דאָך בעצם ווי זאַמד אין דער געשיכטע פון דער רוסישער אינטעליגענץ.

אָט איז דאָך שוין כמעט עפּעס, ווי אַן אוראַלטער מנהג נאָך פון דורי־דורות אינעם רוסישן דאָרף צו וואַרפן דאָקטוירים אין די ברונימער אין די צייטן פון מגפות, גלייבנדיק דערביי, אַז אַזוינע קרבנות וועלן שטאַרק באַווייליקט ווערן פון גאָט און פון לייט... דאָס רוסישע פאָלק האַסט פון תמיד אָן זיינע הייבנטוועלטיקע בעלי־טובות.

און פונדעסטוועגן איז דער עפּיזאָד מיט פּלעכאַנאָוון עפּעס פּמעט אַן אויסטערלישער אין רוסלאַנד. די טראַגעדיע פון פּלעכאַנאָוון שטעקט דאָך בעצם נישט בלויז אין דעם, וואָס אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער זיך אינגאַנצן פּאָלק מיאש געווען, נאָר דערהויפּט און בתוך דערין גאָר. וואָס שטייענדיק שוין מיט איין פוס אין קבר, האָט ער זיך אין זיינע ג ע ד אַ נ ק ע ן גע־מוזט אַנטוישן...

באמת: אָט אינם משך פון היפּשע עטלעכע צענדליקער יאָרן איז אָט דערזעלביקער פּלעכאַנאָוו, אַרומגערינגלט מיט זיינע תלמידים, ממש פּיס־טריט נאָכגעגאַנגען דעם רוסישן אַרבעטער, אין שטוב און אין גאַס, אויפן מאַרק און לעבן וואַרשטאַט, טאָג־איין און טאָג־אויס, כסדר עפּעס גאָר וווּנדערלעכע און אומגע־הערטע געדאַנקען אים איינגערוימט אויפן אויער, און מאָדנע מעשיות, אינם סטיל פון די מאָדערנע לעגענדעס, אים תמיד דערציילט.

פּלעכאַנאָוו און זיינע תלמידים האָבן אויפגעוויזן און דער־ציילט, אַז דער גאַנצער מענטשלעכער ישוב, פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן, אויסער די פאַבריק־הויפן און אויסער די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, — איז בעצם גאָרנישט קיין ישוב, ווי אונז דאַכט זיך אין פלוג, נאָר אַ גרויסער, אומענדלעכער פאַרבלענדעניש־פּלאַץ, ווו אַלץ איז קונציק פאַרשטעלט און באַהאַלטן, פּונקט ווי אין די לעגענדאַרישע כישוף־שטיבלעך.

אָט שטייען „דאַרטן", למשל, אינם כלומרשטיקן ישוב. מענטשן און מאַכן די איידלסטע תנועות און העוויות, רעדן אַזוי שיין און מוזיקאַליש און קלעטערן ממש אויפן הימל, דאָס אַלץ אָבער זענען, בתוך, בלויז אַזוינע גרימאַסן־חנדלעך, אָנשטעלן, הגם גאַנץ אָפט נישט בכיוונדיקע, כדי די איינוווינער פון די פאַבריק־הויפן און די תושבים פון די אַרבעטער קוואַרטאַלן, זאָלן נישט דערקענען זייערע אמתע רויבערישע העוויות און ריכטיקע זשעדנע פּנימער. די פיינסטע שטימען זייערע, ווי מוזיקאַליש און אָנגענעם זיי זאָלן נישט קלינגען, זענען בעצם נאָר טעמפּע אָפּקלאַנגען פון די האַמעטנע, נאָר פאַרמאַסקירטע „מיינס"־אינסטינקטן. ד אָ ר ט ן, אויף אָט דעם

„פֿאַרבלענדעניש־פּלאַץ", איז נישטאָ אפילו איין מענטש ממש, וואָס זאָל זיך לעבן גאָר אָן אַ מאַסקע. אָט. אפילו אַזאַ וועלט־גאון, ווי לעוו טאָלסטאָי, איז דאָך אויך געווען בתּוך אַלע זיינע יאָרן פֿאַרשלייערט און פֿאַרשטעלט: נישט אייביקע מאָראַלישע ווערטן פֿאַר אַלע מענטשן, צייטן און דורות האָט טאָלסטאָי באַשאַפֿן, נאָר עפּעס ווי אַ פּאָנאָ־גראַף מעכאַניש אויסגעזונגען בלויז די טענער, וואָס די פּריצים פֿון זיין צייט און לאַנד האָבן אין אים אַריינגעזונגען, ווייל די גאַנצע לערע, וואָס טענהט: „קייגן מוטווילִיקייט זאָלסטו זיך נישט אַנטקייגנשטעלן מיט געוואַלט" — איז דאָך אייגנטלעך גאָר אַ פֿאַרמאַסקירטע המצאה, אַן אָנשטעל אַזאַ, כּדי נישט צו דערלאָזן די פּויערים אָפּצונעמען בײַ די פּריצים די ירושה־גיטער און הויפֿן...

און אָט אַזוינע פֿאַרשוינען זענען עס אַלע „דאָרטיקע". אפילו די קינסטלער און די דענקער, די כּהנים און די נביאים, שוין נישט גערעדט וועגן דעם איינפֿאַכן מין מענטש בכלל. און אַזוינע מוזן זיי זיין לויט די געזעצן פֿון דער געשיכטע. אָט דאָס אַלץ דאַרף עס אָבער דער אַרבעטער גוט וויסן און נאָך בעסער געדענקען; דערין באַשטייט דאָך טאַקע זיין הויפּט־עובֿדה, זיין שליחות, וואָס כּדי ער זאָל נישט אומקומען פֿון דער וועלט, מוז ער כּסדר די צביעותדיקע פֿאַרשטעלענישן אַראָפּרייסן, און כּדי נישט צו דער־לאָזן אָפּנאַרן זיך, תּמיד האָבן פֿאַר די אויגן די אמתע און ריכטי־קע געשטאַלטן.

אָט אין מערבֿ־אייראָפּע, למשל, זענען די אַרבעטער „תּמימים" געווען, — געלאָזט זיך פֿאַרפֿירן פֿון פֿאַרמאַסקירטע אָנשטעלן און לסוף טאַקע מיאוס אַריינגעפֿאַלן נעבעך...

אַזוי אַן ערך האָט פּלעכאַנאָוו גערעדט און געטענהט אינם משך פֿון עטלעכע צענדליק יאָר נאָכאַנאַנד.

אמת, פֿאַר פּלעכאַנאָוון גופֿא, ווי אויך פֿאַר זיינע תּלמידים, האָט אין אָט די געדאַנקען און געשיכטעס, בעצם גאָר אַ שטיק קינסטלערישער סימבאָליזם געשטעקט, וואָס איז בלויז אַ פֿאַרגרינ־גערונגס־מיטל, כּדי צו באַנעמען די פֿאַרטונקלטע און פֿאַרפֿלאָנ־טערטע ווירקלעכקייט. דער רוסישער אַרבעטער אָבער, וואָס איז

בטבע נישט גאַר קיין פאַרשפּיצטע בריאה און אויף קינסטלעריש סימבאָלישע געדאַנקען אַ קנאַפּער מבין, האָט זיך אין דידאָזיקע געשיכטעס איינגעגלויבט טאַקע, בפּועל־ממש, פּונקט, אַ שטייגער, ווי זיין מאַמע און אויך ער אַליין גאַנץ אָפּט, אין די נסים פון יאָהאַן דעם קראָנשטאַטער, צי אין די מופתים פון די דאָרפישע מאַדאָנעס, און די אויגן אויסגעקוקט, וואַרטנדיק אויף דער גינסטיקער און גליקלעכער שעה, ווען ער אַליין וועט באַקומען די ממשלה אין זיינע הענט, כּדי זיין גרויסע שליחות אויף דער ערד אויסצופירן און טאַקע אָט די מאַסקעס, וועגן וועלכע ער האָט זיך אַזוי פיל מיאוסע מעשיות אָנגעהערט, לגמרי אויסצוראָטן פון דער וועלט.

האָט ער געוואַרט און געוואַרט און לסוף דערוואַרט זיך. די גינסטיקע און גליקלעכע שעה איזווירקלעך געקומען. דער רוסישער אַרבעטער איז געוואָרן דער איינציקער בעל־הבית פונם לאַנד, און קודם כּל האָט ער זיך גענומען טאַקע די אַקטיאָרישע מאַסקעס אַראָפּרייסן, אָבער נישט „סימבאָליש“, נאָר רעאַליסטיש, מיטן גאַנצן פלייש פונם פּנים און אָפּט אפילו אינאיינעם מיטן קאָפּ...

פלעכאַנאָוו האָט עס דערזעען און איז פאַרציטערט געוואָרן. אָנגעהויבן איינצוטענהן מיט די אַרבעטער, אַז נישט דאָס האָט ער געמיינט און אַז דער מענטשלעכער ישוב איז גאָר אין דער ווירקלעכקייט צעטיילט נישט בלויז אויף „פאַרבלענדעניש־פלעצער“, ווו פאַרשטעלטע צבועה־פאַרשוינען דרייען זיך אַרום, און פאַבריקהויפן, ווו כּשרע מענטשן שטייען און האָרעווען מיט שוויס, — נאָר אויך אויף לענדער, און אַז אָט די לענדער פאַרמאָגן אויך פעלקער, וואָס דאַרפן זיי היטן און באַשיצן, און אַז „דאָרטן“ בכלל טראַכט מען אויך וועגן ערלעכע זאַכן און נישט נאָר בלויז וועגן אָפּנאַרן און אויסנאַרן, — האָט אים אָבער איצט קיינער אפילו אויסהערן נישט געוואָלט און ווי אַ תשובה אויף זיינע ביישע און לעצטע חרטה־טענות, האָט ער עס באַקומען דעמאָלט דעם „מוסר“ פונם פרייִלעכן מאַטראָסל...

און אָט אין דער חרטה שטעקט עס פלעכאַנאָווס טראַגעדיע, וואָס איז, אגב, ווי מיר דאַכט זיך, כּמעט ווי אויסטערליש פאַרן פריערישן רוסלאַנד.

דער פויער, לויט זיין טבע, קאָן קיינמאָל נישט אַריבער־שפּרינגען העכער פון אַזוינע שאלות, ווי גוט און שלעכט, ריכטיק און פאַלש, נאָר בנוגע צו גאָט און צו מענטשן. פּלעכאַנאָווס טראַגעדיע (ווי די טראַגעדיע פון זיינע תּלמידים) אָבער איז דאָך די טראַגעדיע פונם דענקער, וואָס האָט אפשר פיל מער עגמת־נפש פון דעם, וואָס די עצם געדאַנקען גופא זענען צעשעדיקט געוואָרן, איידער פון די שאָדנס, וואָס זיי האָבן וועמען עס איז געבראַכט, ווי גרויס זיי, אָט די שאָדנס, זאָלן נישט זיין.

דער אינטעלעקט, דער ריינער פאַרשטאַנד איז דאָך פאַר אים, פאַרן דענקער, להיפוך צו דעם פויער אפשר, העכער סיי פון גאָט און סיי פון מענטשן...

1918

# לענין

...סוף זומער פונם יאָר 1905 אין דער שווייץ, אין דער שטאָט זשענעווו, וואָס איז געווען אין יענער צייט די צענטראַלע שטאַב־קוואַרטיר פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אינם קאַפע לאַנדאָלטע, וואָס איז אין דעם פאַרלויף פון עטלעכע דורות נאָכאַנאַנד, באַרימט אין דער וועלט אַלס די „אַלמא־מאטער״ פון אַלע רוסישע קאָנספּיראַטאָרן און טעראָריסטן אין אייראָפּע.

אין דערדאָזיקער קאַפע לאַנדאָלטע קומט פאָר בעת־מעשה אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרזאַמלונג פון לענינס גרופּע, פון די אַזוי גערופענע באָלשעוויקעס. עס איז שוין אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט. אָנגערויכערט, אַז ממש דערשטיקט צו ווערן. עולם — קעפּ אויף קעפּ. מאַנסבילן און פרויען, וואָס געהערן מערסטנטייל — לויט די זשעסטן און פנימער — צו אָריענטאַלישע פעלקער. אויף דעם ערשטן פּלאַץ — יידן. נאָכדעם — גרוזינער, אַרמעניער. ריכטיקע רוסן, רוסישע רוסן — צו ציילן אויף די פינגער.

די פאַרזאַמלונג דידאָזיקע איז, אגב, נישט סתם אַזוי זיך עפּעס אַן אסיפה.

די סאַמע אָנגעזעענסטע פירער פון רוסישן בונט געפינען זיך דאָ אין אָט דעם מאָמענט. אָן אונטערשיד פון פּאַרטייען: פּלעכאַנאָוו און מינאָר, מאַרטאָוו און טשערנאָוו, רובאַנאָוויטש פון פּאַריז און אַקסעלראָד פון ציריך. און ווער נישט? אפילו דעם פּאַראַליזירטן מיכאַיל גאָץ האָט מען עס דאָ אויך היינט אַריינגעשטעלט. אָט זיצט ער דאָ, דער געליימטער, אינם וועגעלע אין זיינעם, איינגעהילט אין דער שוואַרץ־פּלושענער קאָלדרע, עפּעס אַ

יום־טובדיקער אַזאַ (אויפֿן קאָפּ טראָגט ער היינט נישט דאָס געווײַנלעכע מיצעלע, נאָר אַן אַפּאַשן־קאַשקעטל).

דערצו נאָך האָט מען אַראָפּגעבראַכט אויף דער פֿאַרזאַמלונג זייער חשובע געסט — פֿיגורן, וואָס זענען שוין באַרימט אַלס היסטאָרישע העלדן:

אָט דער פּאָפּ גאַפּאָן, דער העלד פֿונם פּעטערבורגער „רויטן זונטיק", אָדער פֿונם „ניינטן יאַנואַר". ער איז פֿון מיטעלער וווקס, דער געוועזענער גלח, ברונעט מיט אַ בולאַנזשע בערדל און אין אַ ווייסן אָנצוג. עפּעס ווי אַ ליבעראַלער אַקציז־באַאַמטער און ליבלינג פֿון פּראָווינציעלע דאַמען־סאַלאָנען זעט ער אויס אין ציווילגעשטאַלט, אָט דער לעגענדאַרער פּאָפּ, וואָס האָט אַרויסגעפֿירט דאָס פֿאָלק צום ווינטער־פּאַלאַץ פֿאָדערן רעכט און פֿרייהייט בײַ דעם צאַר... ער דרייט זיך דאָ אַרום, דער גלח גאַפּאָן, שפּילנדיק זיך מיט אַ גאָלדן טאַבאַקערקעלע און געאָרעמט מיט דעם פֿראַנצויזישן סאָציאַליסט חנ׳ ראַפּאָפּאָרט. דערדאָזיקער חנן ראַפּאָפּאָרט, וואָס לויט זײַן אויסזען וואָלט ער געקאָנט דינען אַלס אַ לעבעדיקער מאָדעל פֿאַר רובענסן אין זײַן סאַטירן־מאָלערײַ — רוימט אים אײַן, גאַפּאָנען, סודות אין אויער.

עס דאַכט זיך, דער געוועזענער מאָהילעווער „עלוי" דערציילט דעם געוועזענעם פּראַוואָסלאַוונעם פּאָפּ עפּעס „ניבול־פּה"־געשיכטעס...

און אָט דער מאַטראָס מאַטושענקאָ פֿון דער צעבונטעוועטער מיליטערישער שיף פּאָטיאָמקין, אַ קורצער און ברייטער „באָכאָל" אין אַ לעדערנער מאַרינאַרקע, מיט טאַטווירטע הענט און געשטופּלט געזיכט. ער איז נערוועז, צעשרויפֿט און נישט גאָר ניכטער. פֿון צײַט צו צײַט טרומייטערט ער אויס מיט אַ הייזעריק קול, ווי דורך אַ טרובע. איינצלנע ווערטער, וואָס קלעבן זיך נישט צווישן אַנאַנד, און אַ געשוירן ייִדיש ווײַבל אין אַ מענעריש אוקראַינער בלוזע און אײַנגאַנצן עפּעס, ווי אַ סילועט פֿון אַ פֿידל אויף צוויי מענטשלעכע פֿיס — פֿאַרשטעלט אים, דעמדאָזיקן מאַטראָז, דאָס מויל מיט אַ הענטעלע.

אַ גאַנצער קאַליידעסקאָפּ פֿון טיפּן, פֿאַרשוינען.

און אין דער סאַמער מיט פונם קאַפּע לאַנדאַלטע — אַ גראַ־מאַפּאָן־טישל, באַ דעם טישל — ער, לענין אַליין, אַלס פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג. זיין אויסערלעך געשטאַלט: אַ מענטשל מיט אַ גרויסן פּליך און קאַלמיקיש געזיכט. געקליידט איז ער אין מלבושים פאַרבליבענע, דאַכט זיך, פון די יוגנט־יאָרן (אָן אַלטפרענקישער אָפּ־געריבענער שוואַרצער גאַרניטור און דער פּידזשאַק — שמאָל און מיט קורצע אַרבל ביז די עלנבויגנס). לעבן לענינען אַלס אַסיס־טענט — באָנטש־ברויעוויטש, דער באַשרייבער פון די פאַרפאָלג־טע רוסישע רעליגיעזע סעקטעס. אַ הויכער, אַ דיקער און לויט די צנאָטעס זיינע — אַ טיפּישער מיליטערישער לעב־יונג. און באַ די זייטן — עטלעכע סעקרעטאַרן, פּראָטאָקאָלן־שרייבער.

לענין עפנט די פאַרזאַמלונג. ער אַנאָנסירט די פראַגע, וואָס דאַרף הייגט באַהאַנדלט ווערן. זייער אַ וויכטיקע פראַגע:

— אַ לאָקאַלער פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס איז סאַנקציאָנירט פונם צענטראַל־קאָמיטעט איז פּלוצלינג דורכגעפאַלן און צוויי דריטל פון זיינע מיטגלידער זיצן פאַרשפּאַרט אין תּפיסה. פרעגט זיך: צי מעגן די חברים, וואָס זענען פאַרבליבן אויף דער פריי־הייט, קאָאָפּטירן נייע מיטגלידער אין דעמדאָזיקן לאָקאַלן קאָמי־טעט אויף דעם פּלאַץ פון די אַלטע, פון די אַרעסטירטע, נישט אָנפרעגנדיק זיך פריער וועגן דעם באַ דעם צענטראַל־קאָמיטעט?...

עס ברעכט גלייך אויס אַ טומל: פיל פון די אָנוועזנדע רייסן איינער באַ דעם אַנדערן דאָס וואָרט פונם מויל. אָן אַ צאָל בעלנים אויף צו האַלטן די ערשטע רעדע וועגן דער געשטעלטער שאלה.

די היציקע, אומגעדולדיקע דעבאַטאַנטן אָבער בלייבן נע־בעך מיט פאַרשלאָסענע מיילער. לענין אַליין נעמט זיך דאָס רעכט אויף דער ערשטער רעדע.

אָט שפּאַנט ער אום אַהין און צוריק, ווי אַ צערייצטע חיה אין אַ שטייגל, און ברומט:

— ניין און ניין!.. אַ לאָקאַלער קאָמיטעט טאָר זיך נישט דערלויבן אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו קאָאָפּטירן נייע חברים, אינם פאַל, ווען אַ טייל פון די אַלטע זענען אַרעסטירט

געוואָרן... — רופט ער אויס, לענין. — רעוואָלוציע, הייסט אויף דער פּראָלעטאַרישער שפּראַך — אַבסאָלוטע דיסציפּלין... אַ לאָקאַלער קאָמיטעט אָבער, וואָס איז אויטאָנאָם אין זיינע האַנדלונגען איז דער קעגנזאַץ פון ווירקלעכער דיסציפּלין, דאָס הייסט — ער גראָבט אונטער דע־אַקטאָ דעם פונדאַמענט פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע... די עצם פּראַגע גופא — דערקלערט ער אויפגערעגט — איז קליינבירגערלעך־אַנאַרכיסטיש, שליאַכטיש־אינדיווידואַליסטיש, וואָס דער באַוווסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אָפּשליידערן פון זיך, ווי עטוואָס אומווירדיקס, לומפּיקס...

די געטרייע תּלמידים לענינס זענען אַנטציקט פון זיינע ווערטער. זיי אַפּלאָדירן אים אין געזיכט אַריין. די פרעמדע אָבער זענען נישט מסכים מיט דידאַזיקע תּלמידים.

אינמיטן דערינען ברעכט גאָר אויס אַ ריכטיקער סקאַנדאַל.

— „נאַטשאַטשיק“ (פּלפּולניק)!... — שרייט אויס דער עלעגאַנטער און שלאַנקער ברונעט רובאַנאָוויטש און פּאַרלאָזט דעמאָנסטראַטיוו דאָס קאַפע.

אין לאַנדאָלטע שטעלט זיך איין אַ הומאָריסטישע שטימונג.

דער צעשויבערטער און איינגעשרומפּטער מאַרטאָוו שאָקלט זיך טשמאָקענדיק איין סיגאַרעטל נאָך דעם צווייטן און שמייכלט סאַרקאַסטיש. פּלעכאַנאָוו דיריזשירט אָפּשפּאָטעריש מיט אַ דין שטעקעלע. דער פּולבלוטיקער טשערנאָוו ווינקט אויסלאַכעריש צו דעם פּאַראַליזירטן גאַנצן אינם וועגעלע.

און אויף זיי, אויף אָט די גדולים קוקנדיק, קאַטשען זיך אויך די קלענערע פון געלעכטער. אפילו דער מאַטראָס מאַטושענקאָ באַגיסט זיך מיט שוויים פון הירזשעריי.

לענין גופא אָבער איז, ווי פּאַרבראָנירט. די פּיילן טרעפן נישט אין אים.

נאָך לאַנג, לאַנג שפּאַנט ער אום אַהין און צוריק לעבן דעם גראַמאַפאָן־טישל אינם קאַפע לאַנדאָלטע און מיט פיל פּאַטאָס און מיט גרויס טעמפּעראַמענט באַהאַנדלט ער אַלץ טיפער און טיפער די פּראַגע:

— אַ לאָקאַלער פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס איז סאַנקציאָנירט פונם צענטראַל־קאָמיטעט איז פּלוצלינג דורכגעפאַלן און צוויי דריטל פון זיינע מיטגלידער זיצן פאַרשפּאַרט אין תּפיסה, פרעגט זיך: צי איז דערלויבט פאַר די חברים, וואָס זענען פאַרבליבן אויף דער פרייהייט, צוקאָאָפּטירן נייע מיטגלידער אין דעמדאָזיקן לאָקאַלן קאָמיטעט, אויף דעם פּלאַץ פון די אַלטע, פון די אַרעסטירטע, נישט אָנפרעגנדיק זיך פריער וועגן דעם בא דעם צענטראַל־קאָמיטעט?...

1924

# טראָצקי

אינם זומער פונם יאָר 1919, בעת דעם אָנגריף פונם גענע־
ראַל דעניקין אויף די באָלשעוויקעס אין דער אוקראַינע.

אין דער שטאָט פּאָלטאַווע קומט עס פאָר.

אַ ווינטיקער, שטויביקער און האָגלדיקער פרימאָרגן. לעבן
דעם וואָקזאַל. נישט געקוקט אויף דעם חושכדיקן וועטער — אַ
מיליטערישער פּאַראַד. דער פּאַראַד דערדאָזיקער איז צוליב דעם
גרויסן גאַסט, וואָס געפינט זיך דאָ. טראָצקי אַליין אינספּעקטירט
דאָ, אין דעם מאָמענט, די רויטע אַרמיי. ער, טראָצקי, גרייט זיך
פּערזענלעך, אָנצופירן, אויף אָט דעם פּלאַץ, דעם ווידערשטאַנד
קעגן דעם גענעראַל דעניקין, פּונקט ווי דאָס האָט געטון אַמאָל,
אויף דעמזעלביקן אָרט, דער רוסישער צאַר פּיאָטר דער גרויסער
אין זיין קריג מיט דעם שוועדישן קעניג, מיט קאַרל דעם צוועלפטן.

אונטער דעם אָפענעם, פאַרכמורעטן הימל — אָן אַ צאָל
פּויערים, וואָס זענען — טיילווייז מיטן גוטן ווילן און טיילווייז
לויט אַ באַפעל — צונויפגעזאַמלט פונם גאַנצן געגנט, פון שטעט־
לעך און פון דערפער, כדי צו באַגעגענען און אָנצוקוקן דעם
שטרענגן הערשער.

צווישן דעם פּויערישן פּובליקום און דעם קאָמוניסטישן מי־
ליטער איז, אייגנטלעך, גאַרנישטאָ כמעט קיין שום אונטערשיד.
איין און דיזעלביקע אוניפאָרם.

די פיס — באָרוועס. אויף די אַסקלען — שעפּסן־פעלצלעך.
און די קעפּ — אונטער לאַנגע שוואַרצע פּאַפּאַכעס.

עס שוועבן דורך פאַרביי פאָנענטרעגער, שלוחים־רייטער,
דיזשור־אַדיוטאַנטן.

און אַט אַ גרופּע קריגסמענער, רייטנדיק זאַלבעפירט פּלייצע צו פּלייצע אויף רויטע בולאַנען. דאָס איז דער פּאַלטאַווער געבעראַליטעט:

דראָבניס — אַ יידישער ייִנגערמאַן, לויט דער פּראָפעסיע אַ זאָקנמאַכער. ער איז אַ ווילנער, אין פּאַלטאַווע אַריינגעפאַלן בעת דער מלחמה, אַלס היימלאָזער. איצט איז ער דער קאָמענדאַנט פון דער שטאָטישער אינפאַנטעריע.

קאָזיורא — אַ ספּריטנער אוקראַינישער שייגעץ. פאַר דער רעוואָלוציע איז ער געווען אַ וועכטער אין אַ דול־הויז. היינט צו טאָג איז ער — דער שעף פון דער אַרטיקער קאַוואַלעריע.

בענצמאַן דער געשטופּלטער — פריער אַ לערער אויף יידיש אין אַ „מפיצי־השכלה“־שול פאַר פּאַגראָם־יתומים, און אין דעמדאָזיקן מאָמענט איז ער — דער קוואַרטיר־מייסטער פון אַן אַרמייאָפּטיילונג.

און פּאַכאָמאָוו — אַ לאַנג־בערדיקער באַיאַרטער וואָלגישער פּאָניע, וואָס יאָרנלאַנג נאָכאַנאַנד איז ער עס דאָ געווען אַ קאַרוזעלן־אייגנטימער אין פּאַלטאַווע און די דערבייִקע שטעטלעך, און אַצינד איז ער עס דער הויפּט־אַדמיראַל פון דער סאָוויעטישער פלאָטיליע איבער דעם לינקן טייל פונם דניעפּר.

שווייס, ווילגאַטש, פּרעלע. עס איז פּשוט דערשטיקט צו ווערן. און אין די אויערן זשומעט און דער קאָפּ שפּאַלט זיך פון דער אָפיציעלער מוזיק.

אַ קאַפּעליע, וואָס באַשטייט בלויז פון אַזוינע האַמעטנע כלים, ווי פּויקן, באַנדורעס און טרובעס — בראַזגעט, באַראַבאַנעט און טרומייטערט אָן אַן אויפהער דעם אינטערנאַציאָנאַלן־הימן, אונטערגעשטיצט פונם טוויזנטער־קעפּיקן, פּויערישן כאָר:

— און דאָס וועט זיין די לעצטע, די אַנטשיידנדע שלאַכט!...

---

אַ רייטער, פאַרגרימירט ווי אַ קאָזאַק אין כ'מעלניצקיס צייטן — שרייט אויס:

— לעבן זאָל דער קאָמוניזם!... אורא!... לעבן זאָל

דער וועגווייזער פונם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט און פון אַלע האָרעפּאַשניקעס — לעוו טראָצקי!... דריי מאָל — אורא!...

אויף דעם נידעריקן דאַך פונם וואַן־שטיבל, וואָס לעבן דעם וואַן־זאַל — באַווייזט זיך טראָצקי.

ווי סומנע, ווי שטרענג ער זעט אויס:

גוואַרדייישע באָטפאָרטן. דער אָנצוג פון לעדער, אַ לאַנגער רעוואָלווער־נאַגאַן פונם גאַרטל ביז די קני, אויפן קאָפּ — אַ כאַקי־העלם.

די פויערים פּאָכען מיט די קוטשמעס. דער קאָמאַנד רן־קוואַרטעט — דראָבניס, קאָזיורא, בענצמאַן און פּאַכאָמאָוו — שטעלט זיך אויס שפּאַלירט און סאַלוטירנדיק. נאָך דערדאָזיקער צערעמאָניע ראַפּאָרטירט יעדער פונם גענעראַליטעט באַזונדער, האַלטנדיק די ברוסט אויסגעשטעלט און די אַקסלען גלייך אויסגעצויגן.

וואָס פאַר אַ מיליטערישע אַטמאָספערע און מיליטערישער סטיל!

דערהויפּט איז צו באַוואונדערן טראָצקין גופא:

זיין האַלטן זיך. ווי אַזוי ער הערט עס אויס די ראַפּאָרטן פון די קלענערע אין ראַנג.

ער שטייט, ווי אַ סטאַטוע, אויסגעגלייט פון בראָנז. קוקנדיק אויף אים, אויף טראָצקין, דאַכט זיך, עפּעס אַן אַלטער, אין — דיס־ציפּלין איינגעטונקטער גענעראַל, וואָס פון דורי־דורות האָט ער קיינמאָל נישט פאַרמאָגט איז זיין משפחה קייז איינציקן צי־ווילן קרוב.

דער ריין־מיליטערישער טייל פונם פּאַראַד איז פאַרענדיקט. איצט ווענדט זיך טראָצקי צום פאָלק, צום איינפאַכן פאָלק.

ער רעדט לאַקאָניש, גיפטיק־סאַטיריש און יעדע פראַזע — ליטעראַריש געהובלט און געשניצט.

ער זידלט און פלוכט „די פאַררעטערישע יודאַס“, די עבערטס און די שיידעמאַנס. ער מאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט די „קאַפּי־טאַליסטישע פירמע“, דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל...

צענדליקער טויזנטער באָרוועסע, שמוציקע, אַריבער די אויגן פאַרקוטשמעטע פויערים באַגריסן שטורמיש יעדן זאַץ, וואָס

קומט אַרויס פון דעם באַוואָפנטן רעדנערס מויל. מיט דראָענדיקע רעפּליקעס רופן זיי זיך אָפּ אויף אָט די אַלע דערמאָנטע נעמען און צונעמענישן. הימל־שפּאַלטנדע גוואַלטן:

— ריכטיק, חבר!... אַ דאַנק, חבר, פאַר אַ גוט וואָרט!... זיי רויק, חבר!... מען וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט זיי, מיט די קראָקאָדילן, מיט דידאָזיקע... יאַקאָש עס וועט שוין זיין רעכט...

... וואָס טוט זיך עס דאָ אָבער...

אַן אומפאַרשטענדלעכע פאַרבלענדעניש?... אַן אָפּזיכטלעכע אָפּנאַרעניש?... אָדער, אפשר אַן אויסגערעכנט חניפה־שפּיצל פון כיטרע פויערים? — כדי אונטערצולעקן זיך צו דעם הערשער, צו דעם געוועלטיקער, מאַכן זיי עס אַן אָנשטעל, אַז זיי באַגרייפן און באַוויליקן כלומרשט אַלץ, וואָס ער, טראָצקי, ריעדט און פּרעדיקט.

ווייל:

מען מוז דאָך זיין אַן אינטעליגענטישער און פּראָפעסיאָנעלער פּאָליטיקער אום צו וויסן, אַז אין דער צייט פון דער וועלט־קריג האָבן זיך אַ סך אייראָפּעישע סאָציאַליסטן פאַרזאַמלט אין די שווייצאַרישע שטעטלעך, אין קינטאַל און אין ציממערוואַלד, צו באַטראַכטן, ווי אַזוי צו מאַכן אַן ענדע צו דער מלחמה, און נאָך לאַנגע באַראַטונגען פאָרט זיך צו גאָרנישט דערטראַכט, אָדער — אום צו זיין אינפאָרמירט וועגן די צוויי דייטשישע אַרבעטער־פירער — וועגן עבערטן און שיידעמאַנען — וואָס טייטשן אויס די סאָציאַליסטישע לערע פון קאַרל מאַרקסן אַנדערש, איידער ער, טראָצקי. וואָס כאַר אַ שייכות אָבער האָבן עס דידאָזיקע פאַרשפּיצטע ניואַנסן פון די אייראָפּעישע גרויסשטאָטישע פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער צו אָט די אַלע דאָרפישע גריצקאָס און מיכאַלקאָס, צו די האַלב־ווילדע פויערים פון די אוקראַינישע סטעפּעס?...

לעבן מיר שטייט אַ טיפּישער כאָכאָל, וואָס די גאַנצע צייט, בעת טראָצקי רעדט — האַלט ער איין זשמורען מיט די איי־געלעך און שמייכלט שעלמיש עפּעס, ווי געררייצט פון אַ געהיימניש, וואָס ער פאַרמאָגט.

מאַך איך אויף אים אַן עקספּערימענט, אויף דעמדאָזיקן כאַכאַל ;

— ווייסטו, חבר — פרעג איך אים — ווו עס געפינט זיך אַט דאָס קינטאַל ? ...

— „אַניאַהאַ״ ? ... (ווי דען זשע ? ...) אַ „כוטאָר״, אַ פאַרם הינטער קאָטשובייעוועקע, וואָס „לעבן קרעמענטשוג״... — ענט-פערט ער מיר אָפּ, צייגנדיק מיט דער האַנט.

און גלייך דריקט ער אויס, אַט דער פויער, זיין אומצו-פרידנקייט, וואָס איך שטעל אים אַזוינע עלעמענטאַרע פראַגעס :

— און דו, „טאָוואַרישטשו טשאַלאָוויק״ (חבר מענטש) זידל זיך נישט ! ... באַליידיק נישט קיין האָרעפּאַשניקעס ! ... — האָט ער צו מיר אַ טענה. — וואָס מיינסטו, ווער זענען מיר עס ? ... — ברוגזט ער זיך. — מיר — זאָגט ער מיט שטאָלץ — זענען היגע, פּראַוואָסלאַווע... בלינדערהייט ווען מיר טרעפן אומעטום אין אונזער געגנט...

איך אָבער לאָז אים נישט אָפּ, דעם אַמביציעזן כאַכאַל, און עקזאַמענירן אים ווייטער :

— נו, און ווער איז עס, חבר האָרעפּאַשניק, דערדאָזיקער שיידעמאַן ? ... — — שטעל איך אים פאַר אַ נייער אויפגאַבע, דעם שכן מיינעם אינם רעוואָלוציאָנערן פאַראַד.

נאָר איצט איז שוין באַ אים אַ וואָרט — אַ רענדל. קורץ און שאַרף האַקט ער אָפּ :

— מיט אָט דעם זשיד — דערקלערט ער — וועלן מיר זיך שוין אָפּרעכענען, ווי עס דאַרף צו זיין ! ... גענוג אים צו זיצן אין די „כאַראָמעס״ (פּאַלאַצן) אויף דער קאָטליאַרעווסקי גאַס און זופּן עמ ערוויינ אונזער האָרעפּאַשנעם שווייס...

---

און טראָצקי טוט זיך זיינס :

בייז לאַכט ער אויס די „באַסע היגער״ פון קינטאַל, או די „באָבעטשעס״ פון צימערוואַלד. ער זידלט און פלוכט די „פּאַר-רעטערישע יודאַס״ די עבערטס און די שיידעמאַנס, צו שאַנד און

צו שפּאָט מאַכט ער די קאַפּיטאַליסטישע פירמע, דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

ער רעדט לאַקאָניש, גיפטיק־סאַטיריש, יעדע פראַזע — ליטעראַריש געהובלט און געשניצט — און דראָט דער וועלט מיט דעם לאַנגן נאַגאַן מיט זיינעם...

1926

# די לעצטע מאַרקיזן

אין אָוונט, ערב יענעם טאָג, וואָס די ערשטע רוסלענדישע „דומע" האָט זיך געעפנט, האָט עס פּאַסירט אין פּעטערבורג.

די חשובסטע געלערנטע, די אָנגעזעענסטע קינסטלער און די „טובי העיר" בכלל פון דער רעזידענץ האָבן זיך עס צונויפגעזאַמלט אין אָט דעם אָוונט אינם אַלטן אוניווערסיטעט-זאַל מקבל-פּנים זיין און באַגריסן די ערשטע פאָלקס-אויסדערוויילטע און ווינטשן זיי, אַז די שווערע שליחות זייערע זאָל זיך ענדיקן מיט הצלחה און די פּיל-געפּלאָגטע מדינה זאָל שוין טאַקע מער פון קיין יסורים נישט וויסן.

אַ וווּנדערבאַרער אָוונט איז עס געווען. בעת מעשה האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ קומט פאָר נישט סתם אַזוי זיך עפּעס אַן אסיפה פון מענטשן, ווי אַלע מענטשן, נאָר אַ מין עבודה-אָפּריכטונג פון אַ מאָדערנער קינסטלעריש-רעליגיעזער סעקטע. אַלע עפּעס, ווי לויט איין פאַסאָן געקליידט — אין לאַנגע שוואַרצע סורדוטן מיט צוגעשפּילעטע כריזאַנטעמעס אויף די לאַצן, און די פּנימער ס'רוב עפּעס משפּחהדיק געראָטן איינס אין דעם אַנדערן: בערדיקע, גרויע, מיט פּינקלדיק-גילדערנע האָלאָבלעדיקע שפּאַקולן אויף די נעז, נאָר אַזוינע ציכטיק-לויטערע, שיינענדיקע, עפּעס, ווי אָקאָרשט אויסגעבאָדענע אין דער דרויסנדיקער ווייסער פּעטערבורגער פרילינג-נאַכט. צו דעם אַלע אַזוינע ערנסטע. עפּעס אַ קלייניקייט צו זאָגן — מאָרגן וועט דאָך דאָס פאַרקנעכטעטע לאַנד פאַר אַלעמען אין די אויגן באַפרייט ווערן און, ווי אַלע מדינות פון דער וועלט, אַן אמתן מלוכה-אָנבליק באַקומען...

נאָר אָט, אינם סאַמע רעכטן ברען פון אָט דער „עבודה",

בעת אַלע האָבן זיך עפּעס ווי געטוקט אין שטילן עקסטאַז, האָט זיך אויפגעהויבן אַ פּשוטער פּריסטאַוו פון די צאַרישע צייטן, אויף אַ בענקל אַרויפגעקראָכן און התראהדיק באַפוילן דעם יום־טובדיק־אויפגעלייגטן עולם נישט מאַכן קיין שהיות און טאַקע גלייך נעמען פונדאַנען דעם וועג...

דאָס איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוי ראַש, אומגעריכט!

צעטומלט האָבן אַלע די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי שעמענדיק זיך צו טרעפן איינער מיט דעם אַנדערן אויג אויף אויג. דאָך האָט זיך קיינער פון אָרט נישט גערירט: עס האָט זיך אויף עפּעס געוואַרט...

און אָט, אינם מאָמענט פון פאַרלעגנהייט, באַליידיקונג און סתם וואַרטן אויף עפּעס, האָט זיך אַנידערגעשטעלט דער באַוווסטער ראָדיטשעוו, מיט שטאָלץ זיינע סוטולע פּלייצעס אויסגעגלייכט, אויפגעהויבן די רעכטע האַנט מיט אַ שבועה־זשעסט און מיט אַ נערוועז־ציטערנדיקער שטים לאַקאָניש אויסגערופן:

— איך, ווי אַ פאָלקס־שליח פונם באַנייטן רוסלאַנד, פאָדער אומבאַדינגט פונם פּריסטאַוו, ער זאָל זיין נאָמען מיט דער פאַמיליע זיינער אָנרופן, כדי די געשיכטע זאָל אים געדענקען!...

דער פּריסטאַוו אָבער איז פון ראָדיטשעווס אזהרהדיקן אויסגעשריי, אַפּנים, קנאַפּ נתפּעל געוואָרן: אַזש צעחכמהט זיך עפּעס מיט אַ דורכגעדרונגענער הנאהדיקער גדלות:

— עס מאַכט נישט... די געשיכטע איז נישט קיין פּראָטאָקאָל: עס לאָזט זיך פאַרשרייבן... מען דאַרף זיך אָבער אַ ביסעלע צ ו א ײ ל ן...

און נאָך אָט דער תשובה איז שוין אייגנטלעך אַלץ געווען פאַרענדיקט. עמיצער האָט זיך צעלאַכט פונם פּריסטאַווס ווערטער, און אין דער אָקאָרשט שטרענגער לופט פונם אוניווערסיטעט־זאַל האָט זיך אַזש אַ לוסטיקע שטימונג דערשפּירט...

די חשובע געלערנטע, די קינסטלער און די „טובי־העיר" פון דער רעזידענץ, מיט די גרויע בערד און די לאַנגע שוואַרצע סורדוטן מיט די כריזאַנטעמעס אויף די לאַצן, האָבן טאַקע נאָכדעם קיין לאַנגע מחזקות נישט געמאַכט, און האַלטנדיק זיך לעבן

די פּאָלעס פון די פּאָלקס־אויסדערוויילטע — שורותוויין, שטיל, טרויעריק און איינגעהויקערט פון דער טיר אַרויסגעמאַכט זיך.

די אָקאָרשטע „כהנים־גדולים" און שטאָלצע מענער זענען אין איין רגע אין פאַרזינדיקטע עופהלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן.

---

אָט דער עצם פאַקט גופא, האָט דעמאָלט אין רוסלאַנד קיין איבעריקן רושם נישט געמאַכט.

מה רעש?... „רוסלאַנד איז דאָך נישט ענגלאַנד", האָט דאָך שוין נאָך מיט יאָרן צוריק געזאָגט טשעכאָוו, איינער פון די קליגסטע רוסישע שריפטשטעלער...

די „מעשה" אָבער ווי אַ „מעשה" האָט דעמאָלט יאָ שטאַרק אויסגענומען.

ראָדיטשעווס המצאהדיקע רעפּליק האָט זיך איבערן גאַנצן לאַנד פאַרשפּרייט: אינם פאָלק, עפּעס ווי אַ ניימאָדישער קופּלעט. וואָס טראָגט זיך פון די זינגענדיקע בעטלערס אויף די הויפן ביז די נאַכטיקע דראָזשקאַרעס, וואָס פאַרטומלען מיט אים די גאַסן, כדי נישט איינצושלאָפן זיצנדיק אויף דער קעלניע, און צווישן דער אינטעליגענץ — ווי אַ פּיקאַנטער אַנעקדאָט פונם אייראָפּעישן אַכצעגטן יאָרהונדערט, אויסגעלייענט פון אַ מאַרקיזן־כראָניק...

אַלע האָבן זיך דעמאָלט ממש געקייקלט פון געלעכטער:

— געהערט אַן איינפאַל?

אַ דערוואַקסענער מענטש, דערצו נאָך אַן אַלטער קאָנסטיטוציאָנאַליסט און אָנגעזעענער פאַרלאַמענטאַריער, דראָט גאַנץ ערנסט אַ רוסישן פּריסטאַוו מיטן שוואַרצן צעטל פון דער געשיכטע. איז עס דען טאַקע נישט עפּעס אַן אָנשטעל פון די פאַרצייטיקע קאַרנאַוואַל־העלדן און מאַסקן־פיגורן? דאָרטן פלעגן זקנים מיט זקנות, שפּילנדיק אין זשמורקעס און באַהעלטעלעך אין אַ פינצטער אַלקער, שמועסן אין אַ פּאַסטאָראַל־שפּראַך פון גרינע פריילינגדיקע לאָנקעס און פון לעמעלעך מיט גלעקעלעך, און דאָ, מוסרנדיק אַ רוסישן פּאָליציי־מאַן, ווענדט מען זיך צו אים מיט

דעם לשון כמעט פון אַ סאָקראַטעס צו זיינע שופטים. — אות באות. טאַקע אַ מאַרקין־אָנשטעל, הגם דער נוסח אַן אַנדערער.

איז עס דען נישט קיין מעשה צום לאַכן ?...

עס וואָלט אָבער זיין אַ גרויסער טעות צו זען אין אָט דעם אָנשטעל פון ראַדיטשעוון בלויז נאָר אַ פּערזענלעכן געלעכטערישן כאַראַקטער־שטריך און מער גאָרנישט.

אין אָט דעם אַלט־פרענקישן אָנשטעל האָט זיך גאָר בעצם אַנטפּלעקט פאַר אונז די גאַנצע געשטאַלט פונם רוסלענדישן פּראָפעסאָרן־ליבעראַליזם בכלל.

דער גאַנצער רוסלענדישער ליבעראַליזם, לויט דעם, ווי מיר האָבן אים געזען און נאָענט באַקאַנט זיך מיט אים אין משך פון זיין הונדערטיעריקער געשיכטע, איז דאָך אייגנטלעך טאַקע געווען נאָר אַ גלגול בלויז פון יענער פאָ עדיקער, אַבסאָלוטיקער עפּאָכע אין מערב־אייראָפּע, בעת פּאַרוקן, פּיזשמעס, קרינאָלינעס, טאַטעס אין קינדערישע מייטקעלעך, קאַרנאַוואַל־מאַסקעס און פאַרשידענע גרימירונגען זענען גאַנץ ערנסט פאַרוואַנדלט געוואָרן, אפילו אינם טאָג־טעגלעכן געברויך, אין די נייטיקסטע שטוב־און־גאַס חפצים, און אַרטיסטישע חנדלעך — אפילו אין נאַטירלעכסטע תנועות...

באמת: דער רוסלענדישער רעוואָלוציאָנער, למשל, וואָס פאַר אַ שפּאָגל־נייע אידעען ער זאָל נישט פאַרמאָגן און ווי אַלוועלטלעך און ווי אַלמענטשלעך ער זאָל נישט זיין, איז דאָך תמיד אייגנטלעך בעצם געווען, לויט זיינע אויסערלעכע מאַנירן, לגמרי אַ שטובּיקער און אייגענער מענטש, סיי אינם איצטיקן רוסישן לעבן און סיי אפילו אין דער רוסישער געשיכטע: דער זשאַנדאַרם פלעגט נאָכשפּירן דעם רעוואָלוציאָנער און נאָכדעם אויפהענגען אים, און דער רעוואָלוציאָנער פלעגט נאָכשפּירן דעם זשאַנדאַרם און נאָכדעם וואַרפן אין אים אַ באָמבע.

ביידע האָבן דאָך כמעט אויף איין און דעמזעלביקן לשון גערעדט, און דער זייטיקער עולם האָט טאַקע ביידנס שפּראַך פאַרשטאַנען: דאָס איז געווען אַ היימישער שמועס...

און דעריבער טאַקע האָבן אפילו די פאַרביטערטסטע שונאים פונם רעוואָלוציאָנער דאָך געמוזט מודה זיין, אַז דער רוסישער

רעוואָלוציאָנער איז פּונקט אַזאַ רעאַלער פאַקט, ווי דער רוסישער זשאַנדאַרם גופא, און נישט עפּעס פונם פינגער אויסגעזויגן. זיי זענעןביידע, דער רעוואָלוציאָנער און דער זשאַנדאַרם, געווען אַזוי פאַרקנופּט צווישן זיך, אַז איינער אָן דעם צווייטן האָט ממש נישט געקאָנט אויסקומען, ווי אָן לופט צו עטעמען. זיי האָבן זיך אַזש ווי געניייטיקט איינער אינם צווייטן, כּדי דאָס לעבן זאָל זיין פול און האַרמאָניש.

אָבער דער רוסישער ליבעראַלער פּראָפעסאָר?

אין אַן אומגליקלעכער און פינצטערער שעה איז ער געבוירן געוואָרן, דער רוסישער ליבעראַל. פונם ערשטן טאָג אָן, וואָס ער האָט די ליכטיקע שיין פון דער וועלט דערזען, איז ער געווען אַלעמען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך, און כּדי צו האַלטן זיך ווי עס איז, האָט ער געמוזט כּסדר אינסצענירן און אפילו אין די שטאַרק ערנסטע מאָמענטן נאָר שפּילן ראָלעס. און אפילו אָט די ראָלעס, אגב, פלעגן אויך גענומען ווערן ס׳רוב גאָר מן הצד, און דערצו נאָך עפּעס מאָדנע פאַנטאַסטישע און אויסטערלישע. אָט, למשל, דער שענסטער און דער בעסטער טאָג אין דער אומעטיקער און איינזאַמער געשיכטע פונם רוסישן ליבעראַליזם. דער פרילינג-טאָג, וואָס די ערשטע ליבעראַלישע דומע האָט זיך געעפנט. דאָס איז דאָך געווען עפּעס אַ פאַנטאַסטישער מאַסקן-באַל, וואָס מען האָט אפשר אַזוינס נישט געזען, אפילו אין דער קלאַסישער צייט פון די מערב-אייראָפּעישע מאַסקאַראַדן.

אין אַן אַלטן קעניגלעכן פּאַלאַץ, געבויט לויט דעם מאַווריטאַנישן סטיל, באַוואַכט פון זשאַנדאַרמען, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט פינף הונדערט מענטשן, אומבאַוווּסטע פּויערים און באַרימטע געלערנטע, יעדער פון זיי אויף זיין שטייגער געקליידט, און אַן אַלטער פּראָפעסאָר מיט אַן אויסזען פון אַ רוימישן סענאַטאָר, פאַרשטעלט פאַר אַ ספּיקער פון ענגלישן פּאַרלאַמענט, האָט גערעדט רויק און זיכער „בפני קהל עם ועדה“ אינם צאַרישן רוסלאַנד וועגן די אייביקע יסודות פון מלוכה-געזעצן, פעלקער-פרייהייט און מענטשן-רעכט, וואָס דאַרפן זיין אָפּגעהיט פון אַלעמען, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, כּדי דאָס איינקומעניש פון דער וועלט זאָל

זיך קאָנען האַלטן... און הערנדיק האָט קיינער דערביי, אגב, אפילו קיין שמייכלענדיקע מינע נישט באַוויזן, אַזוי אַרטיסטיש איז עס געווען דורכגעפירט די ראָלע.

צי, אַ שטייגער, די צייט, אין וועלכער דער רוסישער פּויער, וואָס איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אומזיסט און אומנישט אין דער פרעמדער מערב-אייראָפּעישער מלחמה, כּדי סתּם אין דער וועלט אַריין מדינות און לענדער איינצונעמען, האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן און ווילד און סעקטאַנטיש אפילו די אייגענע מלוכה חרוב געמאַכט.

בעת רוסלאַנד האָט געגוססט, האָט זיך אַ צווייטער פּראָפעסאָר פאַרגרימירט אין דער געשטאַלט פון אַ באַוועגלעכן אַמעריקאַנישן פּרעזידענט און נישט איינמאַטערנדיק זיך געשמועסט אויף אַלע גאַסן און געמאַרקן וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון אַרמייען און נייע לענדער-דעראָבערונגען פאַרן פאָלקס-גייסט, אין אַזאַ מדינה, ווי דאָס געוועזענע רוסלאַנד, ווו דער איינציקער, וואָס האָט, דאַכט זיך, אָקאָרשט געוועלטיקט און ווירקלעך אַ דעה געהאַט, איז גאָר געווען עפּעס אַ דאָרפישער פּויער, אַ מכשף...

און אָט אַזוי כּסדר:

די גאַנצע פּאָליטישע געשיכטע פונם רוסישן פּראָפעסאָרן-ליבעראַליזם איז דאָך, אייגנטלעך, אַ גרויסע סעריע פּרעכטיקע נאָוועלן, פּיקאַנטע אַנעקדאָטן און גלענצנדיק-דעקאָראַטיווע איינ-אַקטערס פון דעם לעבן און דענקען פון די „לעצטע מאַרקיזן" אין אייראָפּע...

און ממש נשתּומם צו ווערן, ווי שטאַרק מען האָט זיך עס איינגעלעבט מיטן טעאַטראַלן לעבנס-שטייגער.

שטייענדיק שוין אַפילו באַם טויטן בעט פונם געוועזענעם רוסלאַנד און זעענדיק מיט די אייגענע אויגן, ווי פיינלעך עס ראַנגלט זיך מיטן טויט, האָט דאָך דער רוסישער ליבעראַלער פּראָפעסאָר נישט אויפגעהערט פונאַנדערצוטיילן פאַר זיך און פאַר אַנדערע סצענישע ראָלעס. אַ קאָזאַקן-גענעראַל פון די קובאַנער קאַלמיקן, געמאַכט פאַר אַ נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, און באַזונדערע אינגושן, בוריאַטן און קירגיזן — פאַר יענע אומשטערבלעכע פראַנ-

צווישע גרענאַדערן, וואָס האָבן העכער ווי מיט הונדערט יאָר אַזוי לעגענדאַריש גאַנץ אייראָפּע כמעט פון עק ביז עק דורכגע־מאַרשירט, שיער טאַקע אַ נייע וועלט נישט באַשאַפן. און וואָס האָבן געהאַט די גרויסע זכיה אפילו שוין אויף דער עלטער, פון היינען באַזונגען צו ווערן.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אָט דער רוסישער ליבעראַליזם פונם פּראָפעסאָרן־שניט האָט סוף כל סוף געמוזט לגמרי אונטערגיין: מיט אַרטיסטישע אָנשטעלן — אמת, שיינע, גראַציעזע — און מיט זשעסטן איבערגענומענע בירושה פון די פּאַרצייטיקע מאַרקיזן, האָט ער דאָך געהאַט בדעה, און גאַנץ ערנסט, אַזאַ סעקטאַנטיש פּויערים־לאַנד, ווי רוסלאַנד, עפּעס אין אַ מין מאָדערן ענגלישער אָדער פראַנצויזישער מלוכה צו פאַרוואַנדלען, און עס האָט באַטיר־לעך נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

אפילו די, וואָס האָבן זיך פריער ממש געקוויקט מיטן „שפּילן” פון די רוסישע ליבעראַלע פּראָפעסאָרן, האָבן זיי אויך איבע[ר] לעצטן מאָמענט פשוט מיט שטיינער פאַרוואָרפן. און פאַרשעמטע און צעטרעטענע זענען זיי אומדערבאַרמדיק אויף דער גאַס אַרויס־געוואָרפן געוואָרן, ווו זייער לעבן איז געוואָרן הפקר. און נישט האָבנדיק ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט וואָגלען און וואַלגערן פון אָנהייב צווישן די קאָזאַקישע מחנות אין די סטעפּן־סטאַנציעס פון די דאָנער, אָרענבורגער און קובאַנער שבטים, און נאָכדעם צווישן די כינעזער און מאָנגאָלן אינם ווייטן מזרח און ווו די וועלט האָט אַן עק, ווו זיי זענען איינזאַם און פאַרוואָרפן ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבן אין עלנט און אין פּיין.

אָט אַזוי טראַגיש האָבן עס געענדיקט די בעצם אומטראַגי־שע רוסישע ליבעראַלן, די קלאַסישע קינסטלער און אַרטיסטן, וואָס האָבן פון תמיד אָן, ווי אויסגעאיידלטע און ווילדערצויגענע ממש פיזיש קיין הויך קול אפילו נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

מיט זיי אינאיינעם, מיט אָט די רוסישע ליבעראַלן איז דאָך אָבער אויך אָפּגעשטאָרבן די שיינקייט פונם סאַמע פיינעם לעצטן אָנשטעל — אפשר טאַקע פונם סאַמע לעצטן פיינעם אָנשטעל אין אייראָפּע, — און אָנשטאָט דער מאַסקע פונם פאַרשידנפאַרבי[ק]ן און

לוסטיקן קאַרנאַוואַל און פונם חנעוודיקן, גראַציעזן און יום־טוב־
דיקן „מאַרקיז" וועט פאַרנעמען דעם אויבן־אָן דער קאָמעדיאַנט,
דער פּאַיאַץ און דער קופּלעטיסט פונם שאַנטאַן און קינעמאַטאָגראַף
און בכלל דער אָפּנהאַרציקער און דער בעל־תכלית, דער זאַטער
און דער גרויער, פונוואַנען ער זאָל נישט שטאַמען: זיינע שווע־
רע און געגעגלטע טריט הערן מיר דאָך שוין...

1918

# געטער־קריגן

ווינטער פון יאָר 1918, אינם ערשטן יאָר פון די בירגער־קריגן אין רוסלאַנד, צווישן די קאַלמיקן־סטעפּעס.

אַ באַוואָפנטע רייטער־מחנה פון די רוסלענדישע רויטע, קאָ־מוניסטישע חיילות, וואָס האָבן דעמאָלט חדשים נאָכאַנאַנד אומגע־מאַרשירט מיט פייער און מיט שווערד איבער די שטעט און אַוולן פון קובאַנער געגנט, פירנדיק אַ בלוטיקע און האַרטנעקיקע מלחמה מיט אַן אַרטיקן קאָזאַקן־שבט, — איז גאַנץ צופעליק בלאָנדזשענ־דיק פאַרקראָכן אין אַ קאַלמיקישן אַן־אַ־זייט דערפל.

אָט דאָס דערפל אָבער איז נישט געווען קיין פּשוטער ישוב: נאָך גאָר פון קדמונים אָן איז עס געווען דאָס אויסדערוויילטע היי־ליקע אָרט, ווו עס האָט גערוט אין אַ מירמלשטיינערנעם משכן דער קאַלמיקישער הויפּט־גאָט, דער עלטסטער ממונה און העכסטער באַשיצער פון פאָלקס־געזונטקייט, פון לאַנד־גערעטעניש און פרוכ־פּערקייט פון די פלינק־בליצנדיקע סטעפּן־פערדלעך און די איינוווי־נער פונם דערפל זענען געווען בלויז די נאָענטסטע כהנים פון דעמ־דאָזיקן גאָט.

אמת, אָט דער גאָט גופא איז אפילו געווען לויט זיין וווּקס אַ קליינער, טאַקע גאָר אַ פּיצינקער, — סך הכל אפשר צוויי פינ־גער די הייך, מיט אַ פלאַטשיק, קאַלמיקיש פּנימל, מאָנצינקע פאַר־שוווּמענע אייגעלעך און שיטער און שפּיציק בערדעלע, — דער־פאַר אָבער פון לויטער גין־גאָלד, און מחמת זיין געוואַלטיקער חשיבות האָט קיין שום ילוד־אשה, אַ חוץ די עטלעכע געציילטע כהנים־גדולים, מיט אים קיינמאָל פּנים אל פּנים נישט געטאָרט אָנקוקן זיך.

אגב, לויט די דינים און געבאָטן פונם גאָלדענעם קאַלמי־קישן הערשער, איז אין אַלע צייטן פונם יאָר, שטענדיק און כּסדר, דאָס משכּן פראַנק און פריי מיט אָפענע טירן געשטאַנען, און לעבן דעם משכּן האָט טאָג ווי נאַכט אַ לאַנגער שטורקאָץ, ווי אַ נר־תּמיד, געברענט, כּדי יעדער פאַרבייגייער זאָל וויסן און געדענקען, אַז ער טרעט בעת מעשה אויף הייליקער ערד, און דעריבער די שיך אַראָפּציען פון די פיס און דעם וועג־שטויב אָפּטרייסלען פון זיך.

בעת די באַוואָפנטע רוסלענדישע רייטער־מחנה איז אינם דערפל אַריינגעטרעטן, זענען אָט די כּהנים, לויט זייער ירושה־שטייגער, אַנטקעגן אַרויסגעגאַנגען מיט ברויט און זאַלץ, פאַר־רויכערט־געבראָטן שעפּסן־פלייש, לאָגלען פול מיט וואַסער, ברכות אָן אַ צאָל, און הכנסת־אורחימדיק אָפּגעפירט די מידע און פונם וועג אויסגעמאַטערטע קאָמוניסטן אין אַ געצעלט. זייערע ביינער אויסצוגלייכן...

צופרידן פון אַזאַ פיינעם קבלת־פּנים און פונם אומגעריכטן כּל־טוב, זענען זיי דאָ עטלעכע שעה אָפּגעשטאַנען, און באַגינען, בעת די קאַלמיקישע כּהנים־גדולים האָבן זיך רויק נאָכן פלוצלינג־דיקן טומל געדרעמלט, דאָס דערפל פאַרלאָזט. פונקט ווי קיינער פונדאַנען האָט נישט געוווּסט, צוליב וואָס און פונוואַנען אָט די ריי־טער האָבן זיך אָנגעטראָגן, אָט אַזוי האָט מען דאָ אויך קיין שום השגה נישט געהאַט, וווהין, אַ שטייגער, זיי האָבן זיך עס אָפּגעטראָגן, בעת זיי זענען ווי בשתיקה נעלם געוואָרן פונדאַנען.

און אין דער הייליקער רעזידענץ פונם קאַלמיקישן הויפּט־נאָט איז ווידער געוואָרן גנאָדיק־שטיל און שקיעהדיק־פאַרטראַכט, ווי עס איז געווען פריער און תּמיד.

נאָר אָט ממש טאַקע אַ מעשה־נורא:

שוין אַרויסטרעטנדיק פונם דאָרף, האָבן די פאַרבלאָנדזשעטע רוסלענדישע קאָמוניסטן גאָר אומגערן אָן דעם פלאַקערדיקן נר־תּמיד אָנגעשטויסן זיך. מחמת פּשוטער נייגיריקייט אינם משכּן אינעווייניק אַריינגעשטופּט זיך. און, איבערטאַפּנדיק דאָ פאַרשידענע מאָדנע חפצים, דעם נסיון נישט געקאָנט ביישטיין און דאָס גין־גאָלדענע

געטעלע מיטן פלאַטשיקן פנימל צווישן די כלי-זין און פּראַוויאַנט-חפצים אַריינגעשטעקט...

עטלעכע טעג האָט מען זיך אינם דערפֿל גאַרנישט געכאַפּט צו אָט דער אבדה: ווינטער זענען מתפּללים זייער ווינציק און די כהנים-גדולים באַוויזן זיך זייער זעלטן פאַר גאָט. נאָר אָט איז קראַנק געוואָרן איינער פון די חשובסטע קאַלמיקישע שופטים און מען האָט געגעבן צו וויסן די עלטסטע דינער פונם קאַלמיקישן באַשיצער, זיי זאָלן שטאַרק בעטן פאַרן געזונט פון דעם שופט...

אין ווייס-לייַנענע קליידער און מיט אַש די קעפּ באַדעקט זענען די כהנים אינם משכן אַריין די שליחות אויסצופירן. ווי-אָבער זיי האָבן נאָר די שוועל אַריבערגעטרעטן, האָבן זיי תּיכּף טאַקע דערזען, וואָס דאָ האָט געטראָפן: דער אַלמעכטיקער גאָט איז פאַרשוואונדן פון זיין אייביקער רו...

ווער אָבער איז עס אָט די זינד באַגאַנגען?... מסתּמא יענע באַוואָפנטע לייט, וואָס זענען פונם צפון-לאַנד געקומען!...

און שליחים מיט טרומייטערס זענען אַוועק איבער אַלע אַאולן, סטעפּעס און מדבריות, אָנזאָגן אין אַלע ווינקעלעך פונם געדיכט-גראָזיקן לאַנד די אימהדיקע בשורה.

אויסגעהערט האָט דאָס קאַלמיקן-פאָלק אָט דעם טרויעריקן אָנזאָג און, נישט טראַכטנדיק לאַנג, אַלע ווי איין מענטש, די צעשפּרייטע טאַבונעס צונויפגערופן, אַרויפגעזעצט זיך אויף די קליינוווקסיקע שפּרינגענדיקע סטעפּן-פערדלעך און אַוועקגעלאָזט זיך — וווהין די אויגן וועלן טראָגן — אויפזוכן און באַפרייען פון די רוצחישע הענט דעם דערלייזער און באַשיצער. ווי פייל פון בויגן געטראָגן זיך איבער די גלאַטע לאָנקעס, ביז זיי האָבן זיך לסוף באַגעגנט הינטער דער שטאָט יעקאַטערינאָדאַר מיט די רוסלענדישע קאָמוניסטן.

און אָט דאָ איז עס פאָרגעקומען אפשר די שרעקלעכסטע בלוט-פאַרגיסונג, וואָס רוסלאַנד האָט נאָר געזען און וואָס וועט נאָך אפשר דורות-לאַנג דערציילט ווערן אין די פּעטערבורגער און מאָסקווער אַרבעטער-קוואַרטאַלן און אין די דאָנער שאַכטעס, ווי אַ שוואַרצע מגפה-לעגענדע. טויזנטער מענטשן זענען פון ביידע

צדדים, ווי פליגן געפאַלן. כמעט קיינער פון זיי האָט זיך נישט אומגעקערט לעבעדיקערהייט פונם שלאַכט־פעלד...

דאָס גאָלדענע געטעלע אָבער האָט זיך פונדעסטוועגן פאָרט נישט געפונען — פאַרפאַלן!

---

אָט די אויסטערלישע געשיכטע איז אַ געשעענער פאַקט. און דווקא אָט דער פאַקט איז, דאַכט זיך מיר, דער וויכטיקסטער דאָקומענט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

עס קומט פאָר אַ בלוטיקע מלחמה צווישן קאַלמיקן און קאָמוניסטן. פאַר וואָס אָבער?...

פאַרשטייט זיך, נישט מחמת דעם, וואָס זיי זאָלן פירן צווישן זיך אַ מחלוקת עפעס פאַר אַ ירושה־חלק: דווקא אַזאַ האַלב־ווילדער נאָמאַדן־שבט, ווי דאָס קאַלמיקישע פאָלק, וואָס ציט זיין חיונה פונם הפקר־סטעפ און פון פערד־טאַבונעס, וואָלט מסתמא, בתוך, זייער גרינג איינגעגאַנגען אויף אַלע פאַרלאַנגען פון די רוסלענדישע קאָמוניסטן.

די קאַלמיקן זענען בעצם אַרויסגעגאַנגען שלאָגן זיך בלויז דערפאַר, ווייל אַ באַוואָפנטע רייטער־מחנה פונם צפון־לאַנד האָט זייער ג אָ ט אין געפאַנגענשאַפט צוגענומען. פ אַ ק ט י ש, הייסט עס, איז דאָ פאָרגעקומען נישט סתם עפעס אַ מלחמה, נאָר אַ ג ע ט ע ר־ק ר י ג.

בנוגע אָבער צו דער רוסישער מדינה, ווי אַ מלוכה, איז דאָך דאָס נישט גלאַט עפעס אַן אויסטערליש, עקזאָטיש מעשהלע, נאָר טאַקע דאָס געוויינטלעכע, דאָס טאָג־טעגלעכע פון איר געשיכטע, זינט מאָסקווע האָט אָנגעהויבן אויף פרעמדע פעלקער און לענדער צו קעניגן ביזן היינטיקן טאָג. כסדר און אָן אַן אויפהער נ ע ט ע ר־ק ר י ג ן:

אָט צוליב וואָס, אַשטייגער, האָט זיך דאָס רוסלאַנד געיאָגט צו באַהערשן די וועלט?

באמת: מערב־אייראָפע פאַרמאָגט אויך אַזויגע מדינות, וואָס וועבן פונקט ווי רוסלאַנד, אַרויסגעטרעטן מיט דער שווערד נייע

לענדער צו פאַרנעמען. אָבער געטון האָבן זיי דאָס נישט סתם אַזוי זיך, און נישט כּדי אַ העלדיש גבורה־שפּיצל צו באַווייזן.

די היסטאָרישע נויט און די שטיפבּיקע דחקות האָט זיי דערצו געטריבן מיט געוואַלט.

באַ זיך גופא אינדערהיים איז ממש נישט געווען ווו אַהינ־צוטון זיך פון ענגשאַפט, און זיי האָבן געמוזט אַריינשפּאַרן זיך אין דער פרעמד מיט גוטן צי מיט בייזן. אָט די ענגלענ־דער — אגב, אפשר די מיושבדיקסטע מענטשן אין דער וועלט — פלעגן דאָך נאָך אַזש מיט הונדערטער יאָרן צוריק זייער היימישן, איינגעפונדעוועטן און פאַרוואָלקנטן אינזל פאַרלאָזן און עפּעס ווי נע־ונדניקעס אומוואַנדערן איבער אַלע ימים, זוכן יבשה־ערטער, ווו דעם פאַרוואָגלטן קאָפּ אָנצושפּאַרן. צי די דייטשן — בכלל אַ פאָלק, וואָס רייבט זיך כּסדר, דאַכט זיך, לעבן דער אייגענער שטוב און פונדעסטוועגן שוין גאָר פון לאַנג אָן נאָך, די נאָענטסטע און ווייטסטע טיילן פונם כּדור־הארץ מיט אייגענע ישובים פאַר־פלייצט, פּונקט ווי די איראָפּעישע רעזידענץ־שטעט מיט מלכים און מלכות...

אָט דאָס אָבער איז דאָך טאַקע די סיבה, וואָס דידאָזיקע מדינות, פאַרכאַפּנדיק עפּעס אַ ניי לאַנד, פלעגן תּיכּף ממש מיט לייב און לעבן אין דעם אַריינקריכן, בויען און פלאַנצן, ווי אין אַן אייגענער איינקומעניש, פאַרוואַנדלען עס עפּעס אין אַ געבוי־רענער מלוכה.

דייטשן און ענגלענדער האָבן פּשוט אין ע ר ד זיך געניי־טיקט, אין ממשותדיקער ערד, און כּדי אָט די ערד, וואָס איז מיט בלוט אָנגעקומען, זאָל זיין פרוכטבאַר, פלעגן זיי זיך אַזוי שטאַרק פאַרקניפּן פון אַלע זייטן מיט די פריערדיקע תּושבים, אַז עס איז געוואָרן כּמעט ווי אוממעגלעך זיי פונאַנדערצופלאָנטערן. און מיר זעען אויך טאַקע: ווי בייז־פאַרביסן עס זאָלן נישט זיין די פעל־קער פון די מערב־איראָפּעישע מדינות אײנע אויף די אַנדערע, פונדעסטוועגן, אַז עס קומט אַ שווערע מינוט, רעדן זיי זיך בעצם פאָרט ווי עס איז צונויף, אָדער זיי צעשיידן זיך נישט, לכל־הפּחות, אַזוי לייכט.

דאָס איז דאָך שוין די טבע פונם לעבן מיטאַנאַנד, וואָס עס טרייבט ממש מיט בייטשן צו זוכן כסדר אויסוועגן...

אָט אַזוי האָט זיך עס צונויפגעקייטלט די געשיכטע אין די מערב־אייראָפּעישע מדינות, און מחמת דעם, אַגב, האָט זיך עס דאָרטן טאַקע אויסגעשיילט אַזאַ מאָדנע־קונציקער מלוכה סדר.

אָבער דאָס יאָגעניש נאָך נייע לענדער אין רוסלאַנד?

פונקט ווי די אַראַבישע נאָמאַדן־שבטים, וואָס זענען מיט דרייצן הונדערט יאָר צוריק אַרויסגעקראָכן פון צווישן די אַראַבי־שע מדבריות, און איינמאָל, ווי אינמיטן דער נאַכט, געפּירט פון די הימל־שטערן, כמעט אַ האַלבע וועלט פאַרכאַפּט, — האָט אויך דאָס רוסישע פאָלק איינגענומען פרעמדע לענדער, פּאַקטיש נישט מחמת דעם, וואָס עס זאָל דערשפּירן אַ מאַנגל אין ערד גופא: אַרום און אַרום איז דאָך געווען טאַקע שוין צופיל רחבותדיק.

דידאָזיקע נייע לענדער האָבן זיך ס'רוב גאָר באַקומען בהיסח־הדעת.

אָט, אַ שטייגער, אַזאַ פאַקט: עפּעס אַ רויבער־באַנדע, וואָס איז מיט איר עלטסטן פון אונטער דער תליה אַנטלאָפן, האָט זיך בלאָנדזשענדיק און אויסגעהונגערט אין אַזאַ גרויסער מדינה ווי סיביר פאַרשלעפּט, און כדי אומצוקערן זיך אומבאַשטראָפט צוריק אין די היימישע וועלדער, האָט די רויבער־באַנדע אָט די ווייטע און ווילדע מדינה אין די הענט אַריינגענומען און געשענקט זי פאַר אַ מתנה, אָנשטאָט מחילה־געלט, דעם אייגענעם קיסר.

נישט געניייטיקט זיך אין „נייער" ערד, איז דאָס רוסישע פאָלק טאַקע קיינמאָל נישט געגאַנגען כמעט מיטן גוטן ווילן צו באַזעצן זיך היימיש אין אָט די פרעמדע לענדער. די צוגעקומע־נע פעלקער זענען בתוך, ווי פריער, געבליבן פאַר זיך און אָפּ־געזונדערט. און כדי די צעשפּליטערטע און צעוואָרפענע מדינה, וואָס האָט אַזש ביז אַ זעקסטל פון דער וועלט דערגרייכט, זאָל נישט אומקומען, האָט זיך אָפּגעשטעלט בעצם נאָר איין תרופה:

די גע ט ע ר פון די איינגענומענע לענדער אויסצוראָטן און אָנשטאָט זיי אָפּן און הויך אַנידערשטעלן, ווי אַ הערשער, דעם אייגענעם גאָט, וואָס זאָל אַלעמען האַלטן אין דער מורא...

קיין אַנדערע תרופה האָט דאָ טאַקע גאָרנישט געקאָנט זיין. דאָ איז דאָך נישט געווען דאָס פאָלק גופא, דאָס לעבעדיקע פאָלק, וואָס זאָל באַוואַכן די נצחונות פון דער מדינה...

און אָט אין דעם פאַקט, אגב, שטעקט עס טאַקע, דאַכט זיך מיר, די סיבה, וואָס רוסלאַנד האָט זיך אין אַ משך פון דורות בשום אופן נישט געקאָנט דערהייבן אָדער אפשר גאָר אַראָפּלאָזן צו דער מדרגה פון אַ מאָדערנער אייראָפּעישער מלוכה.

ווי באַלד די פּראַוואָסלאַוונע צערקווע געוועלטיקט איבער אַלע אַנדערע געבעט-הייזער, און נ י ש ט דאָס רוסישע פאָלק אי־בער די באַזיגטע אומות, — מוז שוין טאַקע דער הייליקער סינאָד זיין פאַר אַלעמען אויך דער איינציקער געזעצגעבער פונם לעבן בכלל. דאָס איז לאָגיש און אויסגעהאַלטן, פונקט ווי עס איז לאָגיש און אויסגעהאַלטן, למשל, וואָס אין רוסלאַנד פלעגט מען פאַרן אָפּ־זאָגן זיך פונם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן משפּטן, ווי פאַר פעלשונג אַנטקייגן דער גאַנצקייט פון דער מדינה.

די פּראַוואָסלאַוונע אמונה איז דאָך פאַקטיש געווען די א י י נ־צ י ק ע, וואָס האָט באַשיצט די מדינה־גאַנצקייט...

און דעריבער איז עס אויך ווי אָנגעמאָסטן פאַר רוסלאַנד, וואָס מען פלעגט דאָ אָפּט אַזוי הויך דערהייבן משומדים פון אַלע גלויבנס, און די פּוילישע קאָשטשאָלס פאַרוואַנדלען אין צערקוועס, די קשאָנדזן פאַרשיקן אין געפענגעניש פאַרן אַריינוואַרפן בפרהסיא עפּעס אַ קאַטוילישע וואָרט, די אַרמענישע קלויסטערס פאַרחתמענען און דאָס הייליקע געלט פאַרנעמען אינם „אוצר־המלך”, די אוני־אַטן אין ווייס־רוסלאַנד און אין אוקראַינע, ווי אַלע איבעריקע אמונות, רודפן ביזן בלוט, און די יידן האַלטן מחוץ־למחנה.

דאָס אַלץ איז געווען ווי אָנגעמאָסטן און אַנדערש האָט עס גאָרנישט געקאָנט זיין.

רוסלאַנד האָט דאָך געפירט ג ע ט ע ר־ק ר י ג ן, און אַ מדינה, וואָס פירט געטער-קריגן, מוז אויך רעגירט ווערן לויט געטער ראַנגען. געטער לויט זייער טבע אָבער גייען נישט אויף „אויסוועגן”, געטער מאַכן נישט קיין פּאַרלאַמענטן, געטער פרעגן נישט קיין

עצות, און מענטשן קאָנען פאַר זיי קיין פשרות און געזעצן נישט אויסטראַכטן און נישט אָנשרייבן. געטער רעגירן אַליינהערשעריש.

---

כמעט עטלעכע הונדערט יאָר האָט זיך עס אָט אַזוי געצויגן — אפשר טאַקע די לעצטע „געטער-קריגן" אין איראָפּע — און פּלוצלינג איז עפּעס אַ ווונדער געשען:

דער גרויסער אַלמעכטיקער און אַלהערשנדיקער פּראַוואָסלאַווער רוסישער גאָט איז געפאַלן און מיט אים אינאיינעם איז אויך די גרויסע מדינה צעשאָטן געוואָרן (נאָר אויף אים אַליין האָט זי זיך דאָך סוף כּל סוף געהאַלטן). און די אַלע לענדער וואָס זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט דער גליענדיקער און מיט דער שווערער לופט פון די רויכיקע געטער-מזבחות, האָבן זיך דערשפּירט עפּעס, ווי באַשפּריצט מיט פרילינג-טוי און אויף גרינע לאָנקעס...



דער איינפאַל אָבער מיטן פאַרשוווּנדענעם קאַלמיקישן גאָלדענעם געטעלע, וואָס דערמאַנט די ביבלישע „תּרפים-מעשה", איז דאָך אַ סימבאָלישער צייכן פון דער רוסישער געשיכטע.

אפילו די רוסישע קאָמוניסטן האָבן אויך נישט געקאָנט אויסמיידן פאַקטיש קיין געטער-קריג.

נאָר דערדאַזיקער פאַקט האָט דאָך אַ געוואַלטיקן זינען.

באמת: נישט די ליבעראַלע איראָפּעיש-אפּיקורסישע רעפּובליקאַנישע אידעע איז דאָך בכּח ווידערצושטעלן רוסלאַנד. כּדי צו פאַראייניקן דאָס געוועזענע רוסלאַנד, מוז דאָס רוסישע פאָלק פאַרמאָגן נישט קיין פּאַרלאַמענט, נאָר אַ גאָט, וואָס זאָל אויך רעגירן ג ע ט ל ע ך. דאָס הייסט דיקטאַטאָריש, איבער די פאַרשידענע פעלקער און מדינות, וואָס זענען סיי פיזיש און סיי גייסטיק אַזוי אָפּגעזונדערט און ווייט.

אָט די עובדה אָבער קאָן אויף זיך נעמען נאָר דער אַלטער־רוסישער גאָט — די פּראַוואָסלאַוויע און איר ממונה אויף דער ערד — דער צאַר, אָדער די נייע רוסיש־פּויערישע רעליגיעזע סעקטע — דער קאָמוניזם און זיין שליח אין דער וועלט — די רויטע אַרמיי.

בעת עס האַנדלט זיך וועגן אַ גאַנץ און גרויס רוסלאַנד, ווי עס איז געווען פאַרצייטנס, איז קיין אַנדערער אויסוועג נישטאָ.

און דעריבער טאַקע, דאַכט עס מיר, אַז די מלחמה צווישן די קאַלמיקן און די רוסישע קאָמוניסטן פאַר די געגנבעטע „תּרפים" איז ממש אַ סימבאָלישער צייכן פון דער רוסישער געשיכטע.

ווי נאָר די רוסישע קאָמוניסטן האָבן אויף זיך איבערגענומען די מדינה, זענען זיי גלייך אַרויסגעטרעטן און האָבן געמוזט אַרויסטרעטן אין אַ קריג פאַר און קעגן ג ע ט ע ר.

1918

# דער אומבאַפלעקטער

## (ניקאָלאַי טשאַיקאָווסקי)

אין איינעם פון די שענסטע זאַלן אין פּאַריז האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די אָנגעזעענסטע רעוואָלוציאָנערן פון רוסלאַנד, אום צו פייערן דעם יובילעום פונם פּאַטריאַרך פון זייערן, פון ניקאָלאַי טשייקאָווסקי.

אַן אָוונט געווידמעט דעם פינף און זיבעציק יעריקן געבורטס-טאָג פון דעם, וואָס האָט, אינם פאַרלויף פון פינף און פופציק יאָר נאָכאַנאַנד כסדר געפירט אַ שטרייט פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט, פאַר דעם וווילשטאַנד פונם פאָלק און פאַר דעם גליק פונם איינצלנעם.

די ווענט פונם זאַל זענען, בעת־מעשה, דעקאָרירט מיט בילדער, וואָס האָבן דעם אָנבליק פון איקאָנעס־געשטאַלטן. אָן אַ צאָל הייליקע. דאָס זענען בילדער — מענער און פרויען — פון מאַרטירער, אומגעקומענע אויף תּליות און אין קאַזעמאַטן, אָנגעהויבן פון די פירשטן־דעקאַבריסטן, וואָס האָבן רעוואָלטירט קעגן ניקאָלאַי דעם ערשטן אינם יאָר 1825, און פאַרענדיקט מיט די פאָלקסטימלער־אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן די דיקטאַטאָרישע קאָמוניסטן אינם יאָר 1917. און פונקט, ווי בילדער אויף די ווענט, אַזוי איז דאָ אויך דאָס לעבעדיקע פּובליקום — דורכאויס אַזוי־גערופענע „ליכטיקע פּערזענלעכקייטן". אויף מיילן ווייט, דאַכט זיך, טריפט פון זיי מיט יושר און מיט ליבע. מערסטנטייל לאַנגע, דאַרע, באַיאָרטע פאַרשוינען מיט לאַנגזאַמע טריט און שמייכלענדיקע פּנימער.

אין גרופן זענען זיי צעטיילט: דידאָזיקע איסדערווײַלטע. אייניקע זענען אין פאַרשידענע צייטן געווען פאַראורטיילט צום טויט און בלויז דורך אַ צופאַל געבליבן לעבן; אַנדערע, יאָרן לאַנג, אַזש פון קינדהייט אָן, געפּייניקטע אויף קאַטאָרגע, געשמידט אין קייטן, אָדער געוואַלגערט זיך נאַקעט און באָרוועס אין די סיבירער טונדרעס; פאַראַן אפילו אַזוינע, וואָס זענען געווען אויף אייביק פאַרשפאַרט אין דער שליסלבורגער פעסטונג; און נישטאָ, דאַכט זיך, קיין איינאיינציקער פון אָט די געסט, וואָס זאָל נישט האָבן ווען עס איז פאַרזוכט דעם טעם פון צאַרישער טורמע.

זיי וואַרטן עס דאָ אַלע אויף דעם בעל־שמחה, וואָס האָט זיך עפּעס אַזוי פאַרשפּעטיקט. זיצט מען דערווייל און מען פאַרציילט מעשיות. וועגן די אייגענע ליידן, וואָס יעדער פון זיי האָט איבערגעטראָגן, שפּאַנענדיק אויף דעם דערנער־וועג פונם רוסלענדישן הונדערט־יעריקן בונט.

שוידערלעכע געשיכטעס: שמיץ, קאַרצער, הונגער־שטרייק, צוואַנג־דורשט. דערביי אילוסטרירן זיי נאָך, די פאַרזאַמלטע, זייערע דערינערונגען מיט קאָנקרעטע ביישפּילן: מען ציגט איינער דעם צווייטן צייכנס. וואָס זענען פאַרבליבן פון יענע צייטן, אָפּגעשטעמפּלט אויף געוויסע טיילן פון זייערע קערפּערס. און פונדעסטוועגן הערט מען נישט בעת־מעשה פון קיינעם אפילו קיין איין שלעכט וואָרט קעגן די הענקער און פּייניקער גופא. עס ווייעט פון זיי, פון דידאָזיקע לייט, מיט גענאָד און פאַרגעבונג צו אַלץ און צו אַלעם. נײַן, זיי ווילן קיינעם נישט באַשולדיקן, די נאַטור פון די מענטשן איז דאָך אַזוי שוואַך און דער נסיון פונם לעבן איז דאָך אַזוי שטאַרק. היינט, ווי האָט מען עס צו ווענ.ען נישט איז טענות? . . .

ענדלעך קומט אַריין דער זקן, דער יובילאַר, אַרומגערינגלט מיט אַ סוויטע פון פאַרערער און פאַרערינס, וואָס קלעבן זיך צו אים מיט בלומען־קרענץ, ווי דאָרפישע פויערים און פויערטעס מיט ברויט און זאַלץ צו אַ באַליבטן פּאָפּ.

אין אים, אגב, אין דעם אַלטן טשאַיקאָווסקין, איז ווירקלעך פאַראַן עטוואָס פון אַ גייסטלעכן, לויט די פאַרצייטיקע פּרימיטיווע

פאַרשטעלונגען. אַ ריזיקע פיגור מיט אַ לאַנגער שעוועלור און מיט אַ באָרד ביז דער גאַרטל. ער דערמאָנט עפּעס אָן דעם נביא משה פון מיקעל אַנדזשעלאָ.

דאָס פּובליקום, באַגעגענענדיק אים, שטעלט זיך אַוועק, אַלע ווי איין מענטש, אויף די פיס. און דער ענטוזיאַזם איז אַזוי גרויס, אַז פיל פון די אָנוועזנדע באַגריסן אים, בוקנדיק זיך ממש ביז דער פּאָדלאָגע פאַר אים.

אויך ער, דער רעוואָלוציאָנערער פּאַטריאַרך, איז שטאַרק גערירט. ער קושט זיך מיט יעדן, וואָס מאַכט זיך נאָר אונטער דער האַנט. טרערן שטייען אים אין די אויגן און ער ווערגט זיך אַזש פון אויפרעגונג גלעטנדיק די באָרד.

אַ זעלטענע שמחה, באמת, אַ יום־טוב פון לויטערן גייסט און פון הומאַניטאַרער מענטשלעכקייט. האָט שוין דען אָבער ווען עס איז געטראָפן אויף דער ערד צווישן מענטשן אַזאַ סאָרט פרייד, וואָס זאָל מיט עפּעס וואָס נישט פאַרשטערט ווערן? און אויך מיט דעמדאָזיקן יום־טוב האָט דאָ פּאַסירט אָט די אייביקע צרה. איינפאַך סקאַנדאַליעז. און דערצו — פאַר אַלעמען אַזוי אומגעריכט.

בעת אַלע באַגריסן אים אַזוי האַרציק, דעם אַלטן רעוואָלוציאָנערן פירער, שאַרט זיך צו עפּעס אַ קליין ראַכיטיש פאַרשווינדל, מיט אויסגעקרומטע פיסעלעך און מיט אַ שווינדזיכטיק פּנימל און שטעקט אויך אויס אַ האַנט. נאָר דער אַלטער רעוואָלוציאָנער, ווי עס ווייזט אויס, קאָן עס, דאָס פאַרשווינדל, אַלס אַ נפשל, מיט וועלכן אָנשטענדיקע מענטשן חברן זיך נישט. ער נעמט באַ אים נישט אָן די אויסגעשטעקטע האַנט.

צעכליפּעט זיך דאָס ראַכיטישע פאַרשווינדל און מאָנט זיין קריוודע:

— מיט וואָס, — פרעגט ער ציטערנדיק — האָב איך זיך עס פאַרזינדיקט, וואָס איר באַליידיקט מיך אַזוי?...

ענטפערט אים דער יובילאַר שטרענג און מיט געשלייפטע ווערטער:

— דו, — זאָגט ער צו דעם קליינעם מענטשעלע, — האָסט

זיך באַשמוצט מיט דעם, וואָס דו האָסט זיך פאַרקויפט צו די בלוּ־טיקע פיינט פון אונזער פאָלק און דעריבער קאָנען מיר ביידע נישט שטיין אויף איין ברעט... — דערקלערט ער קאַטעגאָריש און גרימצאָרנדיק.

פאַלט דאָס צעפּודלטע נפשל אַרויס פון די האָלאָבלעס און צעבריקעוועט זיך:

— מיין אַרבעט באַ די באָלשעוויקעס איז דאָך בלויז אַ טעכנישע, נאָר אַ קאַנצעלאַרישע!... — צעטענהט זיך עס.

דער פעסטער זקן אָבער ווערט נישט נתפּעל פון דעם פאַר־שווינדלס טענות:

— ביסטו, הייסט עס, אַ טעכנישער פאַררעטער, אַ קאַנצעלאַ־רישער!... — האַקט ער אָפּ סאַרקאַסטיש.

הייבט אָן דאָס שוואַכע בריאהלע צו בעטן פאַר זיך איינ־זעעניש און צו זוכן אויף זיך אַ זכות:

— דאָס ווייב, — פּישטשעט עס, — איז קראַנק... אַ פּיצל קינד... נישט געווען קיין אַנדערער אויסגאַנג!... — זיפצט עס און קרעכצט.

נאָר דאָ פאַרלירט שוין דער אַלטער ריז אינגאַנצן זיין גע־דולד. ער באַגנוגנט זיך שוין נישט מיט שטעך־ווערטלעך. מיט אָפענע קלאָרע דבורים טרעט ער אַרויס:

— שאַלאַמויזע מיר נישט, — צעליאַרעמט ער זיך, — וועגן ווייבער און קינדער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאָלק און פרייהייט!... — און שטאַלץ קערט אָפּ דער פאָלקס־פירער דעם קאָפּ זיינעם מיט דער לאַנגער גרויער שעוועליורע.

ווי אַן אָפּגעבריט טאַקסע־הינטל פויזעט עס גלייך, גלייך אַוועק, דאָס ראַכיטישע פאַרשווינדל, אויף זיינע אויסגעקרומטע לאַפּ־קעס. און דאָס פּובליקום, וואָס באַשטייט דורכויס פון „ליכטיקע פערזענלעכקייטן", פאַלט אַריין נאָך אָט דעם אינצידענט אין אַן אומבאַשרייבלעכן עקסטאַז. מען מאַכט אים, דעם פּאַטריאַרך פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פאַר דעם שיינעם זשעסט זיינעם, אַזאַ אָוואַציע, אַז פּשוט די פּאָדלאָגע שפּאַלט זיך און די סטעליע עפנט זיך.

און ער, דער גרויסער הומאַניסט טשאַיקאָווסקי גופא, שטראַלט פון גליק. ער איז אַזוי צופרידן מיט זיך:

— אָהאָ־האָ — ער: אַן אומבאַפלעקטער איז ער דאָך...

1927

# מיכאַילאָ סטעפּאַניטש

1.

עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד (אומגעפער פון 1902 ביז 1907) איין און דאָס זעלביקע בילד, אָן שום וואַריאַציעס, סיי אינם טאָן און סיי אינם קאָליר.

ווי נאָר טיפער האַרבסט רוקט זיך אָן און אין פּיסקעוואַ־טיק (אַן אָרימער, בעל־מלאכהשער יידישער קוואַרטאַל אין דער שטאָט וויטעבסק) איז נישט אַרויסצושטעלן זיך אינדרויסן, מחמת די בלאָטעס, וואָס פאַרפלייצן דאָ די נידעריקע שטיבעלעך פון אַלע פיר זייטן — אַנטפלעקט ער זיך דאָ, אינמיטן דערינען, ער — מיכאַילאָ סטעפּאַניטש.

ער טיאָפּקעט זיך אַריין, ווי אַ בעטלער, וואָס זוכט ביינער און שמאַטעס אין אַ שמוציקן זומפּ: אָנגעטון איז ער אין אַ צע־לעכערטער סערמיגע, אויף דעם קאָפּ — אַ טאָטעריש אָפּגע־ריבענע יאַרמלקע, און אויף די פּלייצעס — אַ שווער אָנגע־שטאָפּטער זאַק. דערצו — הינקט ער נאָך אונטער אויף איין פוס.

דעם ערשטן וויזיט, אינם דאָזיקן פּיסקעוואַטיק, מאַכט ער, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, באַ לייבקע דעם זייגערמייסטער אין דעם חדר־שני פון דעם ליובאַוויטשער בית־המדרש, ווו ער, אָט דער לייבקע, האַלט זיין וואַרשטאַט פון פרימאָרגן ביז זון־אונ־טערגאַנג.

דאָ, אין דעם חדר־שני פון דעם ליובאַוויטשער בית־המדרש

אונטער לייבקעס פאַרוואַלטונג — געפינט זיך עס דער צענטראַל־פונקט פון די עס־ערישע „יאַווקעס" פאַר די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים, גלייך, ווי פאַר די, יואָס אָרגאַניזירן דעם טעראָר אויף די זשאַנדאַרמען. און דער וואַר־שטאַט גופא איז בעצם גאָר כמעט אַן אָנשטעל צוליב קאָנ־ספּיראַציע...

לייבקע דער זייגערמייסטער — אַן אַלטער בחור אין די פערציקער מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס און מיט ספּאַזמעס אין די נירן — פירט זיך מיט די רעוואָלוציאָנערן, וואָס קומען צו אים פון דער פרעמד, אויף דעמזעלביקן שטייגער, ווי ער האַלט זיך מיט די קונדען, וואָס לעבן מיט אים אין שכנות: אויף שטום־לשון פאַרטיקט ער זיך אָפּ מיט אַלעמען.

די אורזאַך פון זיין שטענדיקער איילעניש איז, וואָס ער איז תמיד פאַרהאָרעוועט, לייבקע: טאָג און נאַכט לייענט ער ביכלעך אין דער רוסישער שפּראַך וועגן דער אַגראַר־פראַגע. און דאָס קומט אים אָן זייער שווער: אין דעם רוסישן לשון פאַרפּלאָנטערט ער זיך אַזוי, נעבעך, לייבקע, אַז ער באַגיסט זיך מיט אַ קאַלטן שווייס און פון דער אַגראַרישער טערמינאָלאָגיע איז ער אַזוי צע־טומלט, אַז ער קאָן ממש נישט כאַפּן דעם אָטעם. דעריבער, הייסט עס, פאַרמאָגט ער נישט קיין פרייע צייט צו פירן מיט וועמען עס איז לאַנגע שמועסן.

אין דערפאַר, ווייל לייבקע איז אַזאַ „טרוד", פירט ער דורך זיין ענין אויך מיט מיכאַילאָ סטעפּאַניטשן קורץ און שאַרף.

ווי נאָר מיכאַילאָ סטעפּאַניטש טרעט אַריבער די בית־המדרש שוועל -- שיקט אים אָפּ לייבקע גלייך צו ברכה לאַפּ־סערדאַק אויף קוואַרטיר.

## 2.

פאַר די עטלעכע וויטעבסקער ישיבה־בחורים און פאַר די פּאָר גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטינס, וואָס געהערן צו דער עס־ערישער פּאַרטיי, איז מיכאַיל סטעפּאַניטש נישט סתם אַן אומלעגאַלער רע־

וואָלוציאָנער, לויט דעם סקאַרבאָוון מוסטער, נאָר פּערזענלעך אַ רעטעניש. דערצו — אַן אומאָנגענעמע רעטעניש: צייטנווייז רופט ער אַזש אַרויס אַ געוויסן פּאַרדאַכט.

די אינפאָרמאַציע וועגן אים איז זייער קנאַפּ. מען ווייסט בלויז אויף זיכער, אַז ער איז, לויט זיין שטאַם — אַ גוי און, לויט זיין פאַך — אַן אַגראָנאָם. אויסער אָט די צוויי ביאָגראַפישע פאַקטן, וואָס זענען, מער אָדער ווינציקער, פעסטגעשטעלט — ווייסט מען אַבסאָלוט מער גאָרנישט וועגן מיכאַילאָ סטעפּאַניטשן.

עס איז אַפילו נישט צו דערקונדיקן זיך, ווי ווייט עס דערגרייכט דער „טעאָרעטישער באַגאַזש" זיינער.

דאָס אויסזעען זיינס, מיכאַילאָ סטעפּאַניטשס, איז אַזש פּראָסטער פון פּראָסט. כאָטש שיק אים פיטערן חזירים (אַ קליין קרום גויעצל אָן ביין און אָן ציין, מיט אַ גרוי ציגן בערדעלע און פאַרטרערטע אייגעלעך). און אין דעבאַטן מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטן, צי אין דיסקוסיעס מיט פּאַרטיי־חברים — לאָזט ער זיך קיינמאָל נישט אַריין. ער קימערט זיך נישט אַפילו פאַר דעם פּרעסטיזש פון דעם קרייז־קאָמיטעט.

בכלל, מערקט זיך אין אים אַ מאָדנער שטריך, אין מיכאַילאָ סטעפּאַניטשן: טרעפט ער זיך מיט אַ פּאַרטיי־חבר איז באַ אים – ווי מען זאָגט — „אַ וואָרט אַ רענדל", דערפאַר אָבער, באַגעגנענדיק זיך מיט סתם אַ מענטשן, האָט ער דווקא ליב אַריינצוטרעטן אין אַ שמועס. מיט סתם מענטשן, און בעת עס האַנדלט זיך וועגן איינפאַכע, וואָכעדיקע ענינים, איז ער אַפילו האַרציק אינטים.

ווירקלעך: גאָר קיין טאָלק נישט צו דערגיין אין אים, אין מיכאַילאָ סטעפּאַניטשן, און אַפילו מיט צען קעפּ איז אים נישט צו באַנעמען.

אָט זיין האַלטן זיך אין דעם הויז פון ברכה לאַפּסערדאַק, ווו ער געפינט זיך אַלס אומזיסטער קוואַרטיראַנט: ברכה לאַפּסערדאַק איז אַן אַלטפרענקישע זעכציקיעריקע יידענע, אַ מלמדקע, אַן אַלמנה, וואָס דערנערט זיך פון לעקעך־באַקן. די

דירה אירע — אַ צימערל מיט אַ קיך, וואָס איז, גלייכצייטיק, איר קראָם, איר פּרנסה. דאָ, אין דעמדאָזיקן איינקוּמעניש, לעבט זי עס, איניינעם מיט איר בת־יחידה, מיט ציליען, אָן עלטער מיידל, נישט קיין געענדיקטע אַקושערין, וואָס סימפּאַטיזירט שטאַרק מיטן רעוואָלוציאָנערן פּויערטום — מיט די עס־ערן.

אייגנטלעך, אַ בן־בית איז ער עס דאָ געוואָרן, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, אינם דאָזיקן הויז, נאָר אַ דאַנק דער טאָכטער: ווען די בת־יחידה, ציליע, קלאָגט נישט אַזוי פאַר דער מאַמען און פאַלט נישט צו אירע פיס, אַז זי זאָל אים אַריינלאָזן, דעם חבר מיכאַילאָ, אויף נאַכט־לעגער, וואָלט די אַלטע ברכה אים זיכער אפילו איבער דער שוועל נישט דורכגעלאָזט, דעם „פינצטערן ערל דעם קאַליקע". בפרט, אַז אויף מיילן־ווייט שמעקט פון ים מיט פּרעלע, און מחמת ענגשאַפט שלאָפט ער אין קיך, וווּ אויף די פּאָליצעס איז אויסגעשפּרייט דאָס גאַנצע לעקעך־געשעפט, וואָס ברכה היט אָפּ נישט ווינציקער, ווי ציליען, די בת־יחידה. דעריבער איז ער דאָך נאָר, הייסט עס, אויסשליסלעך דער טאָכטערס גאַסט, און נאָר איר, דער טאָכטער, דאַרף ער זיין דאַנקבאַר פאַר די אַלע טובות, וואָס ער באַקומט פון דער מוטער.

און דאָך, עפּעס ווי אויף צולהכעיס, שטעלט זיך אַרויס אָט וואָס:

ציליען באַיקאָטירט ער ממש, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש. איינפאַך אַ וואָרט רעדט ער מיט איר נישט אויס. ער האַלט פאַרשלאָסן דאָס מויל, בעת זי בעט זיך, בת־יחידיש, מיט טרערן, אַז ער זאָל איר אויסטייטשן דעם אונטערשייד פון עס־דעקישער „נאַציאָנאַליזאַציע" און עס־ערישער „סאָציאַליזאַציע" און דרייט זיך אַרויס פון צו געבן אַן ענטפער, ווען איר, דער נישט געענדיקטער אַקושערין, גלוסט זיך צו וויסן גענוי און פּינקטלעך דעם חודש און דעם טאָג, וואָס אין רוסלאַנד וועט אויסברעכן די סאָציאַלע־רעוואָלוציע. פּשוט, שטום און טויב איז ער צו איר, צו דער יונגער לאַפּסערדאַק.

דערפאַר אָבער איז ער גאָר אַן אייגענער מענטש, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, און באַרעדעוודיק אָן אַ מאָס מיט דער מאַמען, מיט

דער אַלטער ברכהן, עס מאַכט זיך, אַז שוין לאַנג זיצט ער אָפּ מיט דער אַלמנה, דער לעקעך-בעקערין, און צופּאַסנדיק זיך צו די — העכסטנס פאַר צענדליק רוסישע ווערטער, וואָס זי פאַר-מאָגט אין איר לעקסיקאָן — פאַרוואַרפט ער זי מיט קלוגע עצות, ווי אַזוי זי זאָל פירן, אין פאַרשידענע צייטן פון דעם יאָר, די שפּייז-ווירטשאַפט אירע. ער לערנט זי, למשל, ווי אַזוי איבערצו-קאָכן ווינטער די מאַלינעס, וואָס זי האָט געפּרעגלט זומער. אָדער, ווי אַזוי אין האַרבסט איינצוזייערן קרויט, וואָס זאָל אייניהיטן דעם שאַרפן ראָסל אַפילו אין פרילינג. ער שמועסט איר אויך איין צו וואַשן וועש מיט געקאָכטע קאַרטאָפל אָנשטאָט זייף. און נאָך אַזוינע דערפינדערישע איינפאַלן טראָגט ער איר אונטער, דער זקנה, דער מלמדקע.

באמת, אַ טשעקאַווער פּאַרשוין מיכאַילאָ סטעפּאַניטש!

די וויטעבסקער יידישע עס-ערן וואָלטן זיך אָן צווייפל גע-האַלטן מיט אים פאַרזיכטיק און אפשר — אַזש פונדערווייטנס, ווען נישט די גוטע רעקאָמענדאַציע און די זיכערע גאַראַנטיע פאַר אים פונם „צענטער"...

3.

עטלעכע וואָכן זיצט ער עס דאָ אַזוי אָפּ, מיכאַילאָ סטעפּאַ-ניטש, באַ ברכה לאַפּסערדאַק, אין דערדאָזיקער צייט פונם טיפן האַרבסט. און כסדר ער איז פאַרוואָרפן מיט אַרבעט אַריבער דעם קאָפּ.

ער האָרעוועט נאָכאַנאַנד פאַר זיך און טוט פאַרשידענע מלאכות פאַר ברכהן.

אינם מעבל פון דער אַלמנה איז פאַראַן אַ הויכער טאַבורעט, וואָס אַ גאַנץ יאָר דינט ער אַלס פוסנבענקעלע פאַר דעם פסחדיקן סאַמאָוואַר. אין יענע וואָכן אָבער, וואָס מיכאַילאָ סטעפּאַניטש גע-פינט זיך דאָ אין הויז — גייט ער אַריבער, אָט דער טאַבורעט, אינגאַנצן אינם רשות פון גוי.

מיכאַילאָ סטעפּאַניטש העקטאָגראַפירט אויף אים, אויף דעם

טאַבורעט דעם יחסן, הונדערטער רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס פֿאַר פּויערים, און אויף זיין דעק בינדט ער עס איין צענדליקער אומלעגאַלע בראָשורן און טאָוולען, אָנקלעבנדיק פון אויבן שער־בלעטלעך פון עוואַנגעליומס מיט רעפּראָדוקציעס פון איקאָנעס, אום צו פאַרבלענדן די אויגן פון אַ דאָרפישן זשאַנדאַרם, אָדער אַ נאָכ־שפּירנדיקן שפּיאָן.

און די מלאכות, וואָס ער טוט אָפּ פאַר ברכה דער לעקעך־בעקערין זענען אויך נישט ווינציק אין צאָל. ער שטעלט אַריין, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, די טאָפּלטע פענצטער און פאַרקלאַפּט מיט וואָליק באַ די זייטן, אַז עס זאָל נישט בלאָזן קיין קעלט, ער פאַר־שטאָפּט מיט פאַקליע די אָפּענע שפּאַלטן פון די ווענט, ווו דער מאָך איז צעשטויבט. ער פאַרציט מיט ראָגאָזשעס די סטעליע, פון־וואַנען עס טריפט מיט ווילגאָ[illegible]ש, בעט אויס דעם פּאָפּליעך מיט שטרוי, שפּאַלט אָן טרוקענע קינעלעך, אַז עס זאָל קלעקן צו שטעלן סאַמאָוואַרן און אונטערצוהייצן די אויוונס אויף אַ גאַנצן ווינטער, בעת דאָס האָלץ איז אַזוי נאַס, אַז אפילו דאָס ביעראָ־סטעווע נעמט נישט קיין פייער. און שמירט און קאַלכט, פּעכט און קיטעוועט, ווו נאָר עס לאָזט זיך.

האָרעווענדיק אַזוי, קלאָגט ער זיך אַמאָל, מיכאַילאָ סטעפּאַ־ניטש, פאַר דער אַלטער מלמדקע:

— עך, בראָכע, בראָכע!... מוטערל גאָלדענע!... ווי אומגליקלעך מיר זענען אַלע... פון גאָט באַליידיקטע, פון לייט פאַרטריבענע, און נישטאָ קיינער, וואָס זאָל זיך אויף דיר דער־באַרעמען... אַ ווייב געהאַט... — צעכליפּעט ער זיך — אַן אייגן ווייב... איז זי פאַרשיקט קיין סיביר אויף קאַטאָרגע... דו פאַר־שטייסט, מוטערל?... — טוליעט ער זיך צו דער אלמנה די מלמד־קע און זינגט מיט אַ בעטלערישן מאָטיוו, — ווינטן וואָיען... פרעסט קראַכען... און זי — אין סיביר, אויף קאַטאָרגע... דו פאַרשטייסט, בראָכע, גאָלדן האַרץ דו?...

נאָר ברכה פאַרשטייט, אַפּנים, גאָרנישט, וואָס דער גוי יאָ־מערט עס אַזוי.

צ[illegible]לס אַ טרייסט אויף מיכ[illegible] [illegible]יפּאַניטשס קלאָג־רייד,

טראָגט זי אים אונטער אַ ליימען טעפּל, אַ צעבראָכנס, אַז ער זאָל עס צונויפדראָטעווען, אַ בעזים מיט אַ שטעקן, אום ער זאָל דערפון מאַכן אַ פּאָמיעטלע. זי באַנוצט זיך אפילו מיט דעם גוי — ער זאָל ברענגען וואַסער פונם ברונעם, צו אויסוואַשן די דייזשע.

אָט אַזוי טאָג־אויס, טאָג־איין, ביז עס שטעלט זיך איין דער ריכטיקער ווינטער מיט פרעסט, מיט שנייען, און, ווי נאָר אויף דעם פּיסקעוואַטיקער מאַרק אין וויטעבסק, באַווייזן זיך פערד געשפּאַנט אין שליטנס, גוים אָנגעפּעלצט אין טולופּן און יידן מיט באַשליקן אויף די קעפּ — פאַרשווינדט ער, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש.

דאָס לאָזט ער זיך אַוועק איבער די ווייס־רוסישע דערפער. און דאָ אין די דערפער וואַנדערט ער עס אום פון „כאַלופּע" צו „כאַלופּע" און העצט די אָרימע פּויערים קייגן די רייכע פּריצים.

4.

אינם משך פון דעם גאַנצן ווינטער לאָזט ער זיך נישט הערן, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, צו זיינע וויטעבסקער באַקאַנטע, אפילו מיט אַ מינדסטן צייכן.

אָנהייב פרילינג אָבער באַווייזט ער זיך כסדר ווידער אויף פּיסקעוואַטיק. נאָר איצט מאַכט ער שוין גאָר אַן אַנדערן איינדרוק: ער איז איצט אָנגעטון אין ווייסן — אַ פּויעריש העמד און הויזן פון לייוונט — און זיין געזיכט אויסגעבלייכט און מילד, גלייך ווי ער, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, וואָלט אָקאָרשט אַרויס פון אַ שפּיטאָל, אויפהייבנדיק זיך נאָך אַ קרענק.

פּונקט, ווי בעת זיין אָנקומען קיין פּיסקעוואַטיק, אינם טיפן האַרבסט, שטאַט ער אָפּ אויך איצט, אינם אָנהייב פון פרילינג, דעם ערשטן וויזיט זיינעם צו לייבקע דעם זייגערמייסטער אינם חדר־שני פונם ליובאַוויטשער בית־המדרש, דאָס באַגעגעניש זייערס טראָגט שוין אָבער איצט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער: דידאָ־

זיקע צווי שווייגערס עפענען די מיילער און זיי רעדן זיך צו-נויף:

— סלושאַי, לייבע (הער אויס, לייבע)!... — רופט זיך אָפּ מיכאַילאָ סטעפּאַניטש צו דעם קראַנקן זייגערמייסטער, — אַ גרויסע, האַרציקע ביטע האָב איך צו דיר... דערבאַרעמ זיך איבער דעם פאָלק און האַלט דעם גאַנצן זומער די „פּאַרטיי-יאַוו-קעס" אונטער צען שלעסער פאַרריגלט פון די אונזעריקע...

און ער דערקלערט, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, די מאָטיוון זיינע, צוליב וואָס ער ווענדט זיך עס מיט דער ביטע:

— טי פּאָנימאַיעש, לייבע — זאָגט ער — (דו באַגרייפסט, לייבע)?... זומער דאַרף מען לאָזן דעם פייער רויק באַאַר-בעטן דאָס פעלד, און נישט פאַרטומלען אים דעם קאָפּ מיט אַגיטאַציע...

לייבקע דער זייגערמייסטער שאָקלט צו איינשטימענד מיט דעם קאָפּ און שטעלט אַ פראַגע:

— נו, און וויהין איצט? — פרעגט ער, מיכאַילאָ סטע-פּאַניטש?... אויף וועלכע וועגן. אויף וועלכע שטעגן?...

— ווייט פונדאַנען, לייבע טייערער!... זייער ווייט, קאָ-מעראַד האַרציקער!... — ענטפערט מיכאַילאָ סטעפּאַניטש. — אויף די וואָלגאַ-ברעגן — צעזינגט ער זיך, — ברעטער זעגן, באַרקעס שלעפּן... ווינטער — פילאָזאָפירט ער — איז נישט שיין, נישט ערלעך פאַר אַן אינטעליגענט, צו פאַרדינען ברויט דורך פיזישער אַרבעט... מען טאָר נישט קאָנקורירן מיט דעם פויער, מיט דעם שפּייזער מיט אונזערן... זומער — טענהט ער זיך אויס — איז עפּעס אַנדערש... זומער איז דאָך די פּויערישע האַנט געפּענטעט צו דעם אַקער-אייזן, צו דעם שנייד-מעסער...

מיט דעם פאַרענדיקט זיך דער שמועס צווישן מיכאַילאָ סטע-פּאַניטש און לייבקע דעם זייגערמייסטער. אין דעמדאָזיקן קורצן דיאַלאָג זענען דערליידיקט אַלע זייערע געשעפטן.

נאָכדעם שטעלט ער זיך אַריין, מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, צו ברכה לאַפּסערדאַק געוואָר ווערן זי. נאָר אָט דער וויזיט זיי-נער צו ברכהן פאַרנעמט נאָך ווינציקער צייט, איידער זיין באַ-

געגעניש מיט לייבקען. דאָ באַגנוגגט ער זיך איצט בלויז מיט אַ גוט־מאָרגן, גוט־יאָר און נישטאָ אים: מאַרש אין וועג אַריין.

און אינם טיפן האַרבסט און אָנהייב פרילינג פון דעם קו־מענדן יאָר, ווידער דאָסזעלביקע, וואָס היי־יאָר. עפּעס גאָר אַ מעשה אָן אַ סוף...

5.

ערשט נאָכדעם, ווי אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען די גרויסע רעוואָלוציע, אינם פרילינג פונם יאָר 1917, האָט מען זיך אין ווי־טעבסק, אין דעם אָרימען, בעל־מלאכהשן יידישן קוואַרטאַל, וואָס הייסט פּיסקעוואַטיק, — דערוווּסט, ווער און וואָס עס איז געווען אָט דער וואַנדערנדער מיכאַילאָ סטעפּאַניטש, און איך פאַרצייכן עס דאָ פּינקטלעך אין מיין פּנקס, לויט זיין מעטריקע פון געבורט און דאָקומענטן פון דער פּאָליציי.

דער ריכטיקער נאָמען פון דעמדאָזיקן מאַן איז ביצענקאָ. ער האָט געשטאַמט פון אַ באַוווּסטער אַדעליקער פאַמיליע אויף דער אוקראַינע און איז געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. און זיין ווייב, וואָס רעדנדיק וועגן איר מיט דער אַלטער ברכה לאַפּסערדאַק, פלעגט ער זיך באַגיסן מיט טרערן, — איז עס געווען די פרוי ביצענקאָ, וואָס אין דעם ווינטער 1906 האָט זי דערמאָרדעט דעם גענעראַל סאַכאַ־ראָוו און דערפאַר פאַרטריבן געוואָרן אויף אייביקע קאַטאָרגע אין סיביר, און וואָס אין דעם ווינטער פון דעם יאָר 1918, האָט די אין בּרעסט־ליטאָווסק, אַלס פאָרשטייערין פון דעם רוסישן פוי־ערטום, געשפּילט אַן אַנטשיידנדע ראָל, בעת דעם שלום־שליסן צווישן די דייטשע גענעראַלן און די רוסישע באָלשעוויקעס.

1927

# פּראָפעסאָר מיראַוו

די דירה פונם „פּאַלעסטינע-אַמט“ אין טריעסט — אַן אַלטע, הויקערדיקע און בייכיקע קאַזאַרמע, וואָס איז פאַרבליבן פון דער עסטרייכישער הערשאַפט. דידאָזיקע קאַזאַרמע איז עס דאָס עמי־גראַנטן-הויז פאַר די יידן, וואָס „גייען“ קיין ארץ־ישראל דורך איטאַליע.

פּוסט און וויסט איז דאָ היינט. דער איינציקער „גייער“ — עפּעס אַ ווילד באַשעפעניש:

אַ הויכער מאַנסביל. די אייבערשטע העלפט פונם קערפּער איז בּאַ דעמדאָזיקן מאַנסביל — נאַקעט און די אונטערשטע — אין שמאָלינקע הייזעלעך ביז די קני. די פיס — באָרוועס. דער קאָפּ — אַנטבּלויזט. לאַנגע שוואַרצע האָר, פאַרזייעטע מיט האַרטע מאַקאַראָנעס, מיט שטרויעלעך. דאָס פּנים — פאַרברענט פון זון און אַ באָרד ביז דעם נאָפּל. ער פּלאָנטערט זיך אום מיט אַ בחור'ל פון דריי-פיר יאָר אויף די הענט. און פיס-טריט נאָך אים, וווהין ער זאָל זיך נישט אַ קער טון, אָט דער ״שעקאַווער מאַנסביל — שלעפּט זיך נאָך אַ פּליכיקע, האַלב־פּאַראַליזירטע פרוי אין אַ פאַטשיילע און אין טיפע קאַלאָשן אָן שיך און זאָקן. עפּעס מע־כאַניש שלעפּט זי זיך נאָך, ווי עס טיאָפּקעט זיך אַ בלינדער, וואָס איז אָנגעבונדן מיט אַ שטריקעלע צו דעם פירנדן באַהעלפער.

מיט דעם קינד רעדט ער זיך צונויף דער סומנער וואַלד־פאַרשוין אין רוסיש. און דער שמועס אַזאַ רייצנדער: נאָכאַנאַנד צר טרייסט עס עפּעס מיט מאָדנע הבטחות:

— האָטענטאָטעלע דו קליינס!... בושמענעלע דו טייערס!... — רעדט ער צו דעם עופהלע. — דו, דעם מוט נישט

פאַרליר אין דעם מענטשלעכן גייסט דיינעם נישט פאַרלאָז!... — לערנט ער עס. — אָט באַלד פאַרשפּרעכט ער פייערלעך — וועלן מיר זיך דורכגליטשן איבער דעם ים דעם בלויען און נאָכדעם וועלן מיר קומען אין מדבר אַריין דעם ווייסן און עס וועט אונז זיין גוט דאָרטן, אונטערן אָפענעם הימל, ווי אין גן־עדן...

— דאָס טאַטעלע — שמייכלט ער צאַרט און צופרידן — וועט זיך קייקלען מיט דעם זונעלע אין זאַמדעלע... און דאָס מאַמעלע וועט געבן ברוסטעלע... זיסינקע מילכעלע, וואַרעמענקע, געשמאַקינקע, ווי הייסער האָניק... און די העמדלעך אונזערע וועלן מיר אַרויסוואַרפן אויפן ווינט... און מיר וועלן זיין גאָטס „נאַכלעבניקעס” (קעסטניקעס)!...

בעת אָט דער טיף פאַנטאַזירט אַזוי — וואַרפט אַראָפּ די פּליכיקע, האַלב־פּאַראַליזירטע פרוי די פאַטשיילע פון די פּלייצעס, לייגט צו דאָס דריי־פיר יעריקע בחורל צו דער ברוסט און גיט עס צו זייגן.

דער קליינער חברה־מאַן צופּט, באַלעקט זיך און צאַפּ׳ט זיך אַזש פון הנאה און דער הויכער נאַקעטער מאַנסביל אין קענטיק צופרידן, וואָס דער קליינער רייבט אַזוי געשמאַק דאָס מאכל פון דער פּאַראַליזירטער פרויס ברוסטן:

— ,,וקוסנאָיע בלודעטשקאָ” (אַ געשמאַקער געריכט) אַ? — פרעגט ער, שנעלנדיק ליבלעך דעם פרעסערל אין שטערן.

און מיט טענץ און מיט געזאַנג צעפלאַקערט ער נאָך שטאַרקער דעם בחורעצס היציקן אַפּעטיט:

— אָט אַזוי!... אָט אַזוי!... — הייבט ער פיס און בראָנעוועט — האָפּ, האָפּ! איינס, צוויי, דריי, מיט הירשן וועלן מיר שפּרינגען, מיט בערן וועלן מיר טאַנצן...

— פאָניע! — שלאָג איך איבער זיין עקסטאַז — וווהין פאָרט איר עס?

און איך נעם זיך אים אויספאָרשן, יידישלעך און אין יידיש:

פון וואָס פאַר אַ געגנט אין רוסלאַנד שטאַמט ער? וואָס איז זיין אַרבעט?...

דער פאַרשוין אָבער קוקט מיר אין די אויגן אַריין און שמייכלט:

— „ניע פּאָנימאַיו" (איך פאַרשטיי נישט)! — שמייכלט ער און ער אַנטשולדיקט זיך עפּעס, ווי אַ פאַרזינדיקטער.

— נעמט נישט פאַר אומגוט! — בעט ער זיך בײַ מיר — „ניע פּאָנימאַיו פּאָ העברייסקי" (איך פאַרשטיי נישט קיין העב־רעיש)... אַ רוס בין איך... אַ ריינער רוסאַק. אין אַ שטוב פון אַ פּראַוואָסלאַוונעם גלח בין איך געבוירן געוואָרן, ליבינקער... אַליין אויך געשטאַנען פיל יאָרן בײַ דעם „אַמוואָן" (עמוד)...

און עס פאַרקניפּט זיך צווישן אונז ביידע אַ דיאַלאָג.

— פונוואַנען פאָרט איר עס? — שטעל איך אים צודרינג־לעך אַ שאלה שוין אין רוסיש.

און ער צימבלט אויס פאַר מיר אַ תשובה עפּעס מיט בעט־לעריש־פּאַיאַצישע שטיק:

— פון דער שווייץ, גוטער מענטש! — חנדלט ער זיך — פון די מאָנבלאַנעס, קרוין מיינער... פון די הויכע בערג אַראָפּגעקראָכן, פון די טיפע אָזערעס אַרויסגעקראָכן... אַ קריכער בין איך, איי־געניִנקער!...

נאָר איך באַגנוגן זיך נישט מיט אָט די אַלגעמיינע געאָ־גראַפישע דערקלערונגען.

— און מיט וואָס האָט איר זיך באַשעפטיקט אין דער שווייץ? — דריק איך אים צו צו דער וואַנט, מיינענדיק, אַז דאָ וועל איך אים טאַקע פּאַקן.

ער אָבער ווערט נישט נתפּעל, גאָר ווי נישט אים מיין איך עס דאָס:

— נו, מיט וואָס, אַ שטייגער, קאָן זיך פאַרנעמען אַ מענטש וואָס שפּירט אין זיך זיין מענטשישקייט? — פרעגט ער קאַלט־בלוטיק, און ענטפערט אַליין אָן אַ שום פאַרלעגנהייט:

— געבעטלט, האַרציקער... גוטע לייט פון אַלע פעלקער האָבן געהאָלפן... — דערביי באַרימט ער זיך, פינטלדיק שעלמיש און צופרידן מיט די אויגן:

— איך — גרייסט ער זיך -- בין אין אַ העמדעלע אַרויס פון דער מוטערס בויך... אַ מזלדיקער צו גוטע לייט... ווו איך זאָל נישט זיין — געפינען זיך אויס העלפער!...

— און ווער איז עס אָט די פרוי מיט דעם קינד? — פאָר איך ווייטער און האַסטיק, ווי אין שליטן אויף שניי.

— וואָס הייסט: „ווער״? דאָס איז דאָך מ י י ן ווייב און מ י י ן קינד? — באַליידיקט ער זיך עפּעס, דער טיפּ.

און צוקנדיק מיט די אַקסלען, ווידערהאָלט ער עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד:

— „קאַק זשע, קאַק-זשע״ (ווי דען-זשע, ווי דען-זשע): מיינע זענען זיי... מיינע... א י ך האָב זיי געבערענגט אויף דער ליכ-טיקער וועלט...

איך אָבער לאָז אים נישט אָפּ פון זיך:

— און פון רוסלאַנד זענט איר שוין לאַנג? — קלאַמער איך זיך אין אים.

— אָ, לאַנג, — זאָגט ער, — שוין זייער לאַנג... גיב גאָט זכרון. נאָך פון פאַר דער מלחמה אָן... שוין אַזוי גוט, ווי פאַר-געסן די „מאַטושקע״ אונזערע, רוסלאַנד...

— און אין רוסלאַנד גופא, וואָס האָט איר געטון? — פאַר-ליר איך שוין מיין געדולד.

די בריאה צעלאַכט זיך אויפן קול:

— „געטון״?... מיט נארישקייטן זיך פאַרנומען! — לאַכט ער. — אַ פּראָפעסאָר געווען אינם כּאַרקאָווער אוניווערסיטעט.. אַ סאָציאָלאָג, אַן עקאָנאָמיסט... מיראָוו, לויט מיין נאָמען. פּראָפע-סאָר מיראָוו... אפשר געהערט?

און אין אָט דעם מאָמענט פאַרענדערט זיך עפּעס די שטי-מונג זיינע.

— אַ שאַנד, מיין פריינט, צו דערמאַנען... — מורמלט ער, האַלטנדיק די אויגן אַראָפּגעלאָזט. — אַ גרויסע שאַנד. מיט דעם טייוול זיך געחברט. ביכער געשריבן... געדרייט מענטשן אַ קאָפּ... געבנאַרט אַ וועלט.

איך שפּיר זיך עפּעס, ווי פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ.

— און וווּהין פאָרט איר עס איצט? און ווי אַזוי קומט איר צו אַהער אין אָט דעם אַנשטאַלט? — שליידער איך זיך אויף אים, כּדי אַרויסצודראַפּען זיך פונם פּלאָנטער.

דער פּראָפעסאָר מיראָוו אָבער, פאַרלירט זיך דווקא נישט. ער פאַרמאָגט אויף אַלץ אַ גלייכן און אַ קלאָרן ענטפער.

– אין פּאַלעסטינע, ליבינקער, פאָרן מיר עס... „ווזעמליו סוויאַטויו" (אין דער הייליקער ערד!) — פּרעפּלט ער אויס עפּעס, ווי מיט אַ גלחישן ניגון.

און ער צעגיסט זיך מיט לויב־געזאַנגען פאַר יידן.

— „ספּאַסיבאָ" (אַ דאַנק), — זאָגט ער — די יידן... אינ־דעראמתן, אַן אויסדערוויילט פאָלק... אָט, מען בעט דאָ נישט קיין געצאָלט פאַר נעכטיקן... כאָטש וואָכן גאַנצע — ליג און נישט שטיי אויף...

— יאָ, אָבער פאַרוואָס עפּעס גאָר קיין פּאַלעסטינע? — צעשריי איך זיך שוין אַזש.

נאָר אָט דער פאַרשוין פאַרשטייט אפילו נישט מיין פראַגע:

— „וואָט טעביע נאַ" (אָט האָסטו דיר!) וווּהין דען — וווּנדערט ער זיך — זאָל מען פאָרן, אויב מען וויל לעבן ווי אַ מענטש, און נישט ווי אַ ווילדע חיה?...

און ער דערקלערט מיר דערביי, אין אייניקע הויפּט־שטריכן, וואָס הייסט עס, לויט זיין באַגריף און פאָרשטעלונג — לעבן ווי אַ מענטש, און נישט ווי אַ ווילדע חיה.

— מענטשן — איז ער מסביר — דאַרפן פריער פון אַלעם אומגיין נאַקעט און לעבן אינדרויסן אויפן פרייען פעלד... היי־ווער — טענהט ער — זענען תּפיסות און קליידער — קייטן... און וואָס אָנבאַלאַנגט שפּייז, נישט בלויז פלייש, אפילו ברויט טאָר אויך אַ מענטש נישט עסן... אָפּשניידן אַ זאַנג — פּרעדיקט ער — איז פּונקט אַזאַ זינד, ווי שעכטן אַ הינדעלע... מיט מילך — טייטלט ער אויף מיר מיטן פינגער — דאַרף מען זיך דערנערן, און נאָר מיט אַזוינע געוויקסן, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין וואָרצלען...

אויך האָט ער אַן אייגענעם פּעדאַגאָגישן סיסטעם, ווי אַזוי צו האָדעווען קינדער.

די ערשטע וואָך, וואָס אַ קינד ווערט געבוירן, דאַרף מען עס שוין לערנען גיין אויף די אייגענע פיס, און ביז זיבן יאָר דאַרף מען עס נישט צונעמען פון דער מוטערס ברוסט...

— וואָס פאָרט פאַר אַ שייכות אָבער האָט עס דאָס אַלץ צו פּאַלעסטינע? — לאָז איך אים נישט דערפירן ביזן סוף, — אָט דעם פּראָגראַם זיינער פאַר דעם „ריכטיקן מענטש".

נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָבן מיינע אויספאָרשונגען שוין דערעסן דעם פּראָפעסאָר מיראָוו. און אפשר איז עס דאָס אַלץ פאַר אים אַזוי איינפאַך און אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פּשוט ער באַנעמט נישט מיין נייגיריקייט.

— עך „וואָפּראָסניק" (פרעגער דו)! — שאָקלט ער צו אויף מיר מיטן קאָפּ. — דו ביסט נאָך גאָר-גאָר אַ גרינע עפעלע — שפּאָט ער פון מיר. — וואָס דען? אין לאָנדאָן, צי אין ניו-יאָרק, אין פּאַריז, אָדער אין בערלין זאָל מען פאָרן, אויב מען וויל הנאה האָבן פון דער וועלט און איינשטעלן אַ שיין מענטשלעך לעבן?...

און דער דיאַלאָג אונזערער איז פאַרענדיקט.

ער איז טאַקע פאַרנומען אויך, דער פּראָפעסאָר מיראָוו. אָט שטייט ער איינגעבויגן און אָנגעלענט מיט דער קאָזאַקישער פּאַפּאַכע אויף דעם בחורעץ, וואָס צופּט נאָך אַלץ די ברוסט פון דער פליכיקער, האַלב-פּאַראַליזירטער פרוי.

דער בחורעץ „רייבט" מיט דעמזעלביקן פלייס, ווי פריער און דער טאַטע זיינער, דער סאָציאָלאָג, עקאָנאָמיסט און פּראָפעסאָר פונם כאַרקאָווער אוניווערסיטעט — מאָלט פאַר אים בילדער פון דער נאָענטער צייט און אויך פון די קומענדיקע יאָרן, בעת ער וועט אויסוואַקסן און ווערן אַ מענטש פאַר זיך:

— עס, עס, יורשל מיינער! עס און שעם זיך נישט! — רעדט דער טאַטע צו דעם זון. — און אַ זאַטינקער וועסטו אָנקומען צו די בעדויִנער אין פּאַלעסטינע... און אַז דו וועסט זיך שטעלן, זונעלע, [illegible] אויף די פיס — איז „זיי געזונט, טאַטעלע",

און היידאַ פון די בעדוינער — צו די האָטענטאָטן... די האָטענ-
טאָטן, יורשל מיינער, זענען גוטע מענטשן, אמתע מענטשן... אָ,
אָ, די האָטענטאָטן!...

1925

## איזאַק־אַבראַהאַם־אַנדרעאַס־ניקאָלאַס־קאָרנעליוס

אונטערוועגנס, צווישן ניו־יאָרק און פּעטערבורג. די שיף אונזערע אַ ריזיקער האָטעל, אָנגעפּאַקט מיט מענער און פרויען פון אַלע פעלקער און ראַסן — הוידעט זיך איבערן אַטלאַנטיק.

דער איינדרוק — אַ שווימענדיקער מוזעום. עס דאַכט זיך, עפּעס אַן עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע האָט עס אַהער אַריינגעשטעלט טיפּן־קאָלעקציעס פון מענטשלעכע עקזעמפּליאַרן אין אַלע וועלט־טיילן.

שוין אָפּגערעדט וועגן אַלע מינים אייראָפּעער און אַמעריקאַנער, וואָס געפינען זיך אין דער שיף. איר פאַרמאָגט דאָ אויך פאַרשידענע מענטשלעכע באַשעפענישן, אַזש פון די סאַמע פאַרוואָרפנסטע אינזלען אין אַזיע, אַפריקע און אויסטראַליע.

און דאָך, פון אָט די אַלע אָנגעזאַמלטע קאָלעקציעס גענומען איינציגעם — וואַרפט זיך אין די אויגן בלויז איין מענטש, עפּעס אַלס אַן אויסנאַמס־פיגור, וואָס לאָזט זיך נישט קלאַסיפיצירן און צוגערעכנט צו ווערן צו איין באַשטימטער גרופּע. ער וואַרפט זיך אין די אויגן אַלס אַן אוניקום, סיי מיט זיין פירונג און סיי מיט זיין אויסזען.

אַ לאַנגער מאַן, אַזוי לאַנג, אַז באַ די לעצטע שקיעה־סעקונדן אויף דער סאַמע אויבערשטער פּאַלובע, דאַכט זיך, בפועל־ממש, אַז ער דערגרייכט די הייך פון די קוימענס. דאַר איז ער ווי אַ דראָנג , דאָס געזיכט — פויגליש, עפּעס ענלעך צו אַ סאָווע. אַ גרויער קאָפּ, וואָס איז תמיד אַנטבלויזט.

אין פלוג האָט ער זיך, אָט דער מאַן, אָפּגעזונדערט פון

אַלעמען (אין דער ערשטער רגע באַ דעם פונאַנדערטיילן די נומערן פון די פּלעצער אינם שפּייז־סאַלאָן — האָט ער שוין גע־פּועלט, אַז פאַר אים זאָל מען סערווירן פאַר זיך אַ טישל) — און פונדעסטוועגן לאָזט ער, בוכשטעבלעך, קיינעם נישט דורך: יעדן פאַרטשעפּעט ער מיט אַ לאַקאָנישן שמועס פון עטלעכע געציילטע, נאָר עפּעס ווי געשאָנקענע ווערטער.

רעדן — רעדט ער, אָט דער מאַן, דאַכט זיך, אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט — אייראָפּעישע, ווי אַזיאַטישע. היינט ווי פלינק ער שפּרינגט עס אַריבער פון איין לשון צום אַנדערן: ער טענהט זיך אויס אין ענגליש און כינעזיש, אין פראַנצויזיש און יאַפּאַניש, אין האָלענדיש און אין פּערסיש, און אָט, גלייכ־צייטיק וויצלט ער זיך מיט אַ בעלגיש מיידל אין פלעמיש און קאָלאַטירט מיט אַ שוואַרצן פון קאַלקוטע אין אַן אינדישן דיאַלעקט.

און מערקווירדיק: אַלע פּאַסאַזשירן, צו וואָס פאַר אַ ראַנג זיי זאָלן נישט געהערן (אפילו עפּעס אַ קאַרעיער דיפּלאָמאַט, וואָס פאָרט קיין מאָסקווע און וואָס קומט נישט מיט קיינעם דאָ אין קיין שום באַרירונג) — קלעבן זיך עפּעס צו אים, צו אָט דעם מענטשן, ווי בינען צו האָניק. ער אימפּאָנירט: יעדער, וואָס שטייט אָדער זיצט צופעליק נאָענט צו אים, שאַרט זיך און לעקט זיך, מאַכנדיק עפּעס מיט אים כלומרשט אינטימע אָנשטעלן.

ער, אָט דער מאַן גופא אָבער, איז צו אַלעמען גלייך, אָדער ריכטיקער — גלייכגילטיק. שיסט אויס, עפּעס ווי פון אַ טרוקן שרויט־ביקסל אַ פּאָר קלאַנגען און — נישטאָ. ער איז כסדר באַ־שעפטיקט: קלעטערט אויף לייטערס צו דער זעגל־פאָן, קריכט אונטן צו די מאַשינען און שפּאַצירט אום מיט ריטמישע טריט, האַלטנדיק זיך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע.

עס איז שוין געוואָרן ביסלעכווייז אַ נאַטירלעכע זאַך צו האָבן פאַר איב אָפּשיי, פאַר אָט דעם מאַן. אָט, אפילו דער שיפס־קאַפּיטאַן קוקט אים אין די אויגן אַריין, פונקט ווי פון אים דאַרף ער עס באַקומען אינסטרוקציעס און באַפעלן.

אָט אַזוי אַ טאָג נאָך אַ טאָג. און מיט יעדן טאָג אינטרי־

גירט ער אַלץ מער און מער. און נישט בלויז ער אינטריגירט, ער הערשט, ער קעניגט. לאָזט ער זיך אַראָפּ אין זיין קאַיוטע, אָט דער מאַן, — פאָלגן אים אַלע נאָך. עס ווערט פּוסט אין סאַלאָן, אין שפּייז־צימער און אויף דער פּראָמענאַדע. נאָר אָט גאַווייזט ער זיך ווידער און עס רעשט, עס טומלט, אַ שטופּעניש, פּונקט ווי אין אַ דאָרף, בעת עס שטעלט זיך אַריין עפּעס אַ גרויסער מענטש פון דער רעזידענץ.

עס הייבן זיך שוין אָן צו שפּינען לעגענדעס וועגן אָט דעם מענטש, וואָס סוף־כּל־סוף ווייסט קיינער נישט צו דערקלערן, ווו עס שטעקט זיין גרויסקייט.

אַן עסטרייכישער דייטש, אַן אָנגעזועענער פידלער, פאַרזיכערט שוין כּמעט מיט דאָקומענטאַלע באַווייזן, אַז אָט דער מאַן איז אַ האַבסבורגער פּרינץ, וואָס האָט נאָך מיט אַ סך צענדליקער יאָרן צוריק פאַרלאָזט די קייסערלעכע פּאַלאַצן פונם אַפּאָסטאָליש־אימפּעראַטאָרישן קעניגרייך און איז אַוועק וואַנדערן איבער דער וועלט...

אַן ענגלישער רעווערענד זאָגט עדות, אַז אָט דער מענטש איז אַ ראָמאַנאָוו, אַ רוסישער גרויספירשט, מיט וועמען ער פּערזענלעך האָט זיך געטראָפן, געפונענדיק זיך אין דער בריטישער אַרמיי, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט די באָלשעוויקעס אין אַרכאַנגעלסק. נאָר איצט לאָזט ער זיך עפּעס נישט דערקענען, אָט דער גרויספירשט. אפשר פאַרמאָגט ער עפּעס אַ געהיימע מיסיע?

מעשיות פון אַלע זייטן, און קיין ריכטיקן טאָלק נישט צו דערגיין.

מיך פאַרכאַפּט אויך אָט די געשיכטע מיט די פּיקאַנטע אָנווינקענישן. דורך פאַרשידענע מיטלען און כּמעט דעטעקטיווע מעטאָדן, פּרוביר איך אויף אַלערליי אופנים צו דערקונדיקן זיך באַ אים, באַ אָט דעם פאַרשוין, ווער איז ער? פונוואַנען קומט ער? וווהין שווימט ער?

נאָר פּאָמפּע אַרויס וואַסער פון אַ שטיין. — אוממעגלעך אַרויסצושלעפּן פון זיין מויל אַ וואָסערן נישט איז ענטפער. און בכלל — מאָדנע, שטענדיק, דאַכט זיך, איז ער דאָך אויף די אויגן,

...ט דער מאַן (סוף־כּל־סוף איז דאָך די שיף נישט קיין אומענדלעכע לאַנעטע), און פֿונדעסטוועגן, בעת ער וויל זיך נישט לאָזן זען, איז אים בשום אופֿן נישט צו פּאַקן. איידער מען קוקט זיך אַרום, סטייעט ער שוין נישט. עפּעס ווי אַ צאַפּלדיקער שטעכיקער קאָרעס, גליטשט ער זיך אַרויס פֿון אייערע הענט.

טראַכט איך מיר: עט, נאָר געדולד, מען דאַרף אויסוואַרטן עפּעס אַ גינסטיקן צופֿאַל. ענדלעך וועל איך דאָך אויסגעפֿינען אַ וועג צו אָט דעם לאַבירינט. נישקשה, ער וועט זיך פּאָרט פֿון מיר נישט אַרויסדרייען.

מיינע האָפֿנונגען זענען אָבער נישט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. פּלוצלינג איז אָט דער מאַן, וואָס איז שוין בײַ אונדז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדע, — אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן, אויף אייביק פֿאַרשוווּנדן, און מערקווירדיק, דווקא אין אַזאַ מאָמענט, בעת מיר האָט אויסגעוויזן, אַז אָט, אָט אַנטפּלעקט ער זיך פֿאַר מיינע אויגן אָדער, הייבט אויף כאָטש אויף וויפֿיל נישט איז דעם טונקעלן פֿאָרהאַנג, וואָס פֿאַרשלייערט אים פֿונם קאָפּ ביז די פֿיס. היינט, ווי טראַגיש און ווי טרויעריק ער איז פֿאַרשוווּנדן.

דאָס איז געווען אויף דעם פֿינפֿטן מעת־לעת נאָך דעם, ווי מיר האָבן פֿאַרלאָזט דעם ניו־יאָרקער האַפֿן. אינמיטן דער נאַכט אַן אויסטערלישער שטורעם טראָגט זיך איבערן ים. איינער פֿון די גרעסטע שטורעמס, וואָס האָבן אויפֿגערודערט דעם אַטלאַנטיק און אָנגעמאַכט אַזאַ טומל אויף דער יבשה אינם חודש יאַנואַר 1926. אפֿילו אַזאַ מאַכינע, ווי די קאָלאָסאַלע שיף אונזערע שטעלט זיך יעדע סעקונדע האָריזאָנטאַל אין דער פּאָזע פֿון אַ צעבושעוועטן אָקס אויף די הינטערשטע פֿיס און נישט אויסהאַלטנדיק, גיט זי זיך ־גליך אַ שליידער מיט אַזאַ אימפּעט אין די כוואַליעס אַריין, אַז עס דאַכט זיך: פֿון אָט דער ריזיקער געביידע וועט תּיכּף נישט פֿאַרבלייבן מער קיין געדעכעניש. אין קאַיוטע — אומהיימלעך. עס שוידערט: אַ פֿאַרפֿלייצעניש פֿון פּעטע, דיקע, שוואַרצע מייז, וואָס זעען אויס ווי אָפּגעפּרעסענע מאַלפּעלעך. זיי שוועבן אום, אָט די מייז, אַהין און צוריק אין קאָמפּאַקטע מחנות און זוכן, ווי עס ווייזט אויס, ערגעץ־ווו אַן אָפֿענע שפּאַרינע.

איך דראַפּע זיך אַרויס פון קאַיוטע מיט מיין איינציק בוך צום לייענען — די ביבל. און פּויזע אַריין אין סאַלאָן. דאָ אויף דער פּאָדלאָגע ליגט אַ כינעזער אין אַ כאַלאַט און דרעמלט, ווי דער נביא יונה, דער זון פון אמיתּי, אין זיין שטורמדיקער און געפערלעכער רייזע קיין תּרשיש. ווייטער קיין איין לעבעדיקער נפש.

בלויז דער מאַן, וואָס האָט דאָ אַלעמען געפאַנגען און באַהערשט אינם פאַרלויף פון עטלעכע טעג, איז וואַכעדיק און מונטער, ווי תּמיד. אָט כאַפּט ער זיך אָפּט אַריין אין דעם פאַרוויסטן סאַלאָן. אויך אין אָט דער נאַכט זעט ער אויס ווי שטענדיק: די פּלייצעס גלייך אויסגעסטרונעוועט און דער קאָפּ אַנטבלויזט. ער טרענירט זיך אַ פּאָר סעקונדן אין גימנאַסטישע איבונגען. נאָכדעם פאַררייכערט ער אַ ציגאַר און פאַרשווינדט ווידער.

ווונדער איבער ווונדער. אפילו ים־שטורעמס האָבן אויף אים קיין שליטה נישט, אויף דעם אוניקום. עס שיינט מיר בעת־מעשה, אַז ער, אָט דער פאַרשוין, איז עס גאָר דערווירקלעכער פירער פון אונזער שיף, וואָס באָמבלט זיך איצט אין דער זאַוויערוכע צווישן הימל און וואַסער.

און אָט אין איינעם פון די באַזוכן זיינע שפּרינגט ער צו האַסטיק צו מיר און נעמט זיך בלעטערן מיין ביבל, וואָס ליגט פונאַנדערגעעפנט. בלעטערט סאָליד און פאָרזיכטיק, אַ זייטל נאָך אַ זייטל און לויט ווי איך באַמערק — אויפן גוייִשן שטייגער, פון לינקס אויף רעכטס. און נאָך אַ זאַך באַמערק איך, — ער איז עפּעס געוואַלטיק צופרידן פון מיין ביבל.

איך בין אויך צופרידן. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז געקומען די גינסטיקע מינוט, וואָס איך דערוואַרט מיט אַזאַ בייגיריקייט. איצט וועט ער זיך ענדלעך אַנטדעקן פאַר מיר.

און איך נוץ תּיכף אויס די געגאַרטע געלעגנהייט, — איך פּרוביר אָנצוקניפּן מיט אים אַ שמועס.

ער אָבער, אָט דער מאַן, פירט זיך אויף זיין געוויינטלעכן שטייגער, שיסט אויס אַ פּאָר דריבנע הייזעריקע קלאַנגען און פאַרשווינדט. דאָך שפּיר איך, אַז צווישן אונדז איז יאָ פאָרגעקומען אַ

שטיקל געמיינזאַמע דערנענטערונג. און איך קאָמבינירפֿאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי צו רעאַליזירן אָט די אומגעריכטע צונויפקימעניש אונזערע.

ערשט אינמיטן דערינען אַ געפּילדער, אַ בהלה. עס לויפט אַריין דער קאַפּיטאַן, נאָך אים — דינער, מאַטראָסן, אַרומגעוויקלטע מיט רעטונגס-קישעלעך, דער גאַנצער שיפס-פּערסאָנאַל איז אויף די פיס. זיי דערציילן, אַז אַן אומגליק האָט געטראָפן. אַקאָרשט איז אַ פּאַסאַזשיר אַריינגעפאַלן אין ים.

אַ ליאַרם, מען שלעפּט אַרויס אַלע רייזנדע פון די קאַיוטעס, ווייבער, מאַנסביל, פּיזשאַמעס, פּעניואַרן. דער קאַפּיטאַן מיט פּאַפּירן אין די הענט, רופט אויס פאַרשידענע נעמען. די פּראָצעדור דויערט לאַנג. ער ציילט, דער קאַפּיטאַן, קעפּ, ער רעכנט גופים און ענדלעך — דער חשבון איז קלאָר.

אָט דער מאָדנער מאַן, וואָס האָט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ממש געוועלטיקט איבער אונזער שיף און אירע צופעליקע איינוווינער, איז עס דערטרונקען געוואָרן.

בכיוון אָדער אומגערן?

דאָס ווייסט קיינער נישט.

און דער קאַפּיטאַן לייענט דורך שטיל, ווי אַ צוואה פאַר דעם אָנגעזאַמלטן עולם דעם פּאָרמולאַר פונם אומגעקומענעם, און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ הערן אַלע אויס אַ קורצן באַריכט:

— „אַ בירגער איז ער געווען פונם אינזל סומאַטרע, זיין לעצטע וויזע — אַפגאַניסטאַן, נישט קיין פאַרהייראַטער, רעליגיע, — אומבאַוווסט, און זיין נאָמען: איזאַק-אַבראַהאַם-אַנדרעאַס-ניקאָלאַס-קאָרנעליוס...

1926